# אויף
# טראַנסוואַלער ערד

## דערציילונגען און לידער

פון

י. מ. שערמאַן

ISBN:0-657-12645-4 

# אויף
# טראַנסוואַלער ערד

## דערציילונגען און לידער

פון

## י. מ. שערמאַן



פאַרלאַג „קאַיאָר"
יאהאַנעסבורג
דרום־אַפריקע
תש"י — 1949

אַרויסגעגעבן אונטער דער אויפזיכט פון דער
דורם־אַפריקאַנער יידישער קולטור־פעדעראַציע

## באַמערקטע דרוק-פעלערן

| זייט | שורה | פון | שטייט | דארף זיין |
|---|---|---|---|---|
| 10 | 9 | אונטן | באווגעט | באוועגט |
| 14 | 19 | איבן | געזגנט | געזעגנט |
| 33 | 5 | אונטן | זי | די |
| 139 | 2 | איבן | א געפאנגענעם | א געהאנגענעם |
| 144 | 6 | איבן | צשטערט | צעשטערט |
| 146 | 4 | אונטן | ארפן | ווארפן |
| 146 | 2 | אונטן | ד לוטן | די בלוטן |
| 163 | 8 | אונטן | צוגעצופטע | צוגעפוצטע |
| 170 | 16 | אינטן | האָט | האָב |
| 173 | 3 | אונטן | מיינטע | מיינע |

# אינהאַלט

## דערציילונגען



## לידער

### I

### עלנט

# אינהאַלט



II

## אין געווירבל

(געדרוקט אונטערן פסעוודאָנים ד. אלטער)



## אין גוטן מוט



**י. מ. שערמאַן**

צייכענונג: רענע שאַפּשאַק.

# סודות פון וואַסער

.1

שטיל האָבן די כוואַליעס צווישן זיך גערעדט און איין כוואַליע האָט דער צווייטער פאַרטרויט: „היינט זיינען מיר רואיק, היינט איז אונדזער רו־טאָג, אָבער נעכטן האָבן מיר געאַרבעט! נעכטן האָבן מיר געפירט אַ קאַמף און געזיגט!" און זיי קייקלען זיך איינע איבער דער אַנדערער, איינע נעבן דער אַנדערער, ביז זיי דערלאַנגען דעם ברעג, און קושנדיק די ווייסע זאַמדן האָבן זיי דערציילט:

„נעכטן האָט דער ים זיך צעבראָגזט! נקמה האָט ער געזוכט, נקמה פון דעם קליינעם, שוואַכן בן־אדם, וואָס האָט זיך געמאַכט אַ וועג איבער זיינע וואַסערן, האָט שיפן אַריינגעשטעלט און האָט צעשטערט זיין אידילישע רו! איז דער ים בייז געוואָרן און האָט געשיקט זיין שליח, דעם ווינט, צונויפזאַמלען זיינע קינדער־כוואַליעס. זיינען מיר געקומען. פון ווייטע, נאָך ניט אַרויס־אַנטפּלעקטע ערטער, פון וואַנעט דער ים מיטן הימל קומען זיך צונויף האָבן מיר זיך געקייקלט — אַלע פול מיט ווילדן, אומגעצאַמטן האַס — און האָבן אַרומגערינגלט די שיף, וועלכע האָט געשניטן פאַסנווייז די פלאַך פון ים.

און איין כוואַליע גרעסער און ווילדער פון דער צווייטער, און איין כוואַל־ע, שוימיקער און כעסדיקער פון דער אַנדערער האָבן זיך אויף דער שיף געוואָרפן — אומזיסט! האָבן מיר זיך אין אָפּגרונט אַראָפּגעלאָזט און די שיף אויף אונד־זערע פּלייצעס גענומען, הימל הויך זי געהויבן, אויף די זייטן געבויגן — אומזיסט! און דער ים באַשווערט: „וואָלט איך כאָטש איין מענטשן פון שיף געפאַנגען!" און ער האָט אים באַקומען. און ווי נאָר דער ים האָט דערפילט זיין קרבן אין זיינע קאַלטע אָרעמס האָט ער באַפוילן: זאָל זיין שטיל! איז געוואָרן רויק; אָבער דער קרבן איז ניט שטיל געבליבן. פאַלנדיק פון איין כוואַליע צו דער צווייטער, זיך גליטשנדיק פון איין אָפּגרונט צום אַנדערן, האָט ער געמאָנט: „פאַרוואָס איז דאָ אַזאַ רויקייט, אַזוי שטיל?"

ער האָט דערציילט: ער איז געבאָרן אין אָרעמקייט, אָבער מיט אַ נשמה, וואָס האָט שטענדיק געזוכט, געפאָרשט, מיט אַ גייסט, וואָס איז געבליבן ניט געזעטיקט, אַ ווילן, וואָס האָט הימלען אויסגעקוקט, נייע וועלטן געזאָגט. ער האָט געלערנט, שטודירט, דורכוואַרבן קענטשאַפט — אָבער ער איז געבליבן ניט באַפרידיקט: מאַכט האָט ער געזוכט, רעגירן, הערשן האָט ער געוואָלט:

„— און די מאכט פון דער וועלט״, האָט ער געזאָגט, „ליגט נאָך ניט ביי דער וויסנשאַפט אין די הענט, די וועלט ווערט נאָך ניט רעגירט פון געלערנטע״.

איז ער אוועק פון זיין געבוירן לאַנד און לאַנגע יאָרן אַרומגעוואַנדערט איבער פרעמדע לענדער. ער האָט געפירט גרויסע געשעפטן, געבויט אייגענע שיפן, באַנען, פאַבריקן; האָט אָנגעזאַמלט אוצרות. פון זיינע אַלע פאַרלאַנגען און פאָדערונגען האָט ער דערגרייכט — געלט און מאַכט.

אָבער אומבאַוווּסט פאַר אים האָט אַ געדאַנק, ווי אַ שטילער וואָרעם, זיך אַריינגעכאַפּט צו אים און אָנגעהויבן מאַטערן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, אַז ער פאַרמאָגט ניט די גאַנצע מאַכט צו וועלכער ער האָט יאָרן געשטרעבט — די גאָר גרויסע וועלט קאָן אים גאָר ניט און ער האָט ניט קיין איינפלוס אויף איר, אַז פון עפּעס אַ שרייבער, אַ פּאָעט מאַכט מען אַ גרעסערן פּאַראַד, ווי פון אים, ווען מענטש שטויב זיי פאַרמאָגן אַפילו ניט; אַז דער אַרבעטער קלאַס — אַפילו זיינע אייגענע אַרבעטערס — האָבן ניט קיין דרך ארץ פאַר אים... טאָ וווּ איז זיין אַמביציע און מאַכט?

איז ער אַרומגעגאַנגען בייז און צאָרנדיק אויף זיך און אויף דעם גאַנצן סדר העולם, געוואָרן שטענדיק אויפגערעגט און פאַרביטערט. דאָקטוירים האָבן געזאָגט: נערוון. דער שלאָף איז פאַרוואַגלט געוואָרן פון אים. אין די לאַנגע, שלאָפלאָזע נעכט האָט זיך זיין באַוווּסטזיין אינגאַנצן צעשרויפט. דאָקטוירים האָבן געעצהט: פאָרן. ער מוז פאָרן זען פרעמדע לענדער, אַנדערע מענטשן. ער מוז פאַרגעסן זיינע געשעפטן און פּלענער. אָבער פאָרנדיק האָט ער כסדר געקלערט, געטראַכט, געמאַכט נייע מאַכט־פּלענער.

און ווען ער האָט דערזען די ווילדע מאַכט פון ים, דערהערט די קרעפטיקע טענער פון די צערייצטע כוואַליעס — האָט ער געוווּנטשן אַזאַ כּוח, אַזאַ אומבאַגרענעצטע מאַכט צו באַזיצן... האָט ער זיך פאַראייניקט מיט דער דאָזיקער מאַכט...

און ווען ער איז נידעריקער און נידעריקער געזונקען, ווען ער האָט פון איין אָפּגרונט צום צווייטן זיך געקייקלט האָט ער זיך געוווּנדערט: „פאַרוואָס איז דאָ אַזוי רויק, שטיל?...״

.2

אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער לענג און ברייטקייט אין דער ים געלעגן אַ שטילער, אַ רואיקער, קוים וואָס זיין ברוסט האָט זיך באַוועגט. מיטאַמאָל האָט ער אַ ציטער געטאָן: עמעצער איז אַרויפגעשפּרונגען אויף זיין רוקן און איז פאַרשוווּנדן געוואָרן אין דער טיפעניש פון זיין ריזיקן קערפּער. די כוואַליעס, די נאַכט־שומרים, האָבן זיך אויפגעשטעלט, זיך צוגעהערט, און טומלענדיק האָבן זיי זיך אַוועקגעלאָזן זען, וואָס דאָרטן איז פאַרגעקומען. אָפּגעבנדיק דעם ים אַ באַריכט האָבן זיי דערציילט:

אַ יונגערמאַן, ניט עלטער, ווי דרייסיק, הויך און פעסט געבויט, איז דער אָקאָרשט געזונקענער. דאָ אין לאַנד איז ער געקומען מיט אַ יאָר פערצן צוריק — אַ לעבעדיקער, אַ מוטיקער, אַ שכלדיקער. דער מזל האָט אים געדינט —

ער האָט תיכף באַקומען אַרבעט. פינף־זעקס יאָר שפּעטער האָט ער שוין געהאַט אַן אייגענעם געשעפט: ער איז געווען אַ פריינד און אַ גוטער ברודער צו אַלע אַרבעטלאָזע און נייטבאַדערפטיקע: אַ סך האָבן געגעסן זיין ברויט, געטראָגן זיינע קליידער און געראויכערט זיינע פּאַפּיראָסן. מען האָט געשפּילט קאָרטן; און געגאַנגען אויף „רייסעס" — מיט זיין געלט. ווען מען האָט עס געקימערט? ער איז געווען יונג, דאָס געשעפט איז אַוועק גוט — איז ער געוואָרן אַ ליידנ־שאַפטלעכער קאָרטן־שפּילער, אַ געמבלער אויף דער בירזשע און אויף „רייי־סעס"; ביי אים אין צימער האָבן זיך שטענדיק געפונען פלעשער ביר און בראַנפן און — פּרויען־געסט.

מיטאמאָל האָט ער זיך אַרומגעקוקט, אַז זיין שטייגער לעבן רואינירט זיין געשעפט. די חובות שטייגן און דער פּדיון פאַרקלענערט זיך — האָט ער באַשלאָסן צו אַנטלויפן פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט זיינער. ער האָט ליק־ווידירט דאָס געשעפט און זיך פאַרקליבן ערגעץ אין דער פּראָווינץ. אָבער ער האָט ניט געקאָנט דאָרטן בלייבן לאַנג. דאָס לעבן דאָרט איז געווען צו שטיל. עס האָט אים געצויגן צו דער שטאָט, האָט געבענקט נאָך געזעלשאַפט, נאָך דער בירזשע און די פּרויען. האָט ער זיך צוריקגעקערט אין שטאָט, צוריק צו איר לעבן. אַנן וואָס מער ער האָט געלעבט אַלץ שטאַרקער איז דער חשק צו לעבן געוואָרן — לעבן ביז שכור, ביז משוגע ווערן. קיין שטענדיקע באַשעפ־טיקונג האָט ער איצט שוין ניט געהאַט — ער האָט געטאָן אַלץ, וואָס ס'איז אים געקומען אונטער דער האַנט. ער האָט געבאָרגט און געליען, ספּעקו־לירט און געגעמבלט — ער האָט געלעבט! פאַר דער וועלט, פאַר מענטשן, איז ער געבליבן דער זעלבער אָרנטלעכער און פריינטשאַפטלעכער יונגערמאַן, וועמענס האַנט איז אַלעמאָל געווען אָפן און וועמענס עצה מען האָט געזוכט. ווי אַמאָל איז ער אויך איצט געווען „ווילקאָמען" אין פיל הייזער, ווו אַפענע אָרעמס האָבן אים דערוואַרט, ראָזע ליפּן צוגעשמייכלט און שטראַלנדיקע אויגן באַגריסט.

די יאָרן זיינען געגאַנגען. און איטלעך יאָר האָט עפּעס איבערגעלאָזט אין אים: קנייטשן אויפן שטערן, אַפּטע קאָפּ־ווייטאָגן, אַ שווערן הוסט. די לעצטע פּאָר יאָר איז אים באַפאַלן אַן אַפּטע, פּלוצלונג־אָנפאַלנדיקע מרה־שחורה. אין די דאָזיקע מרה־שחורהדיקע שעהן פלעגט ער זיך פאַרשליסן אין זיין צימער, רויכערן אַ פּאַפּיראָס נאָך אַ פּאַפּיראָס, און חלומען — ניט וויסנדיק, וואָס וועגן וואָס.

יענעם אָוונט איז די מרה שחורה אים באַפאַלן שטאַרקער. ער האָט זיך פאַרשלאָסן אין זיין צימער, אָבער ער האָט ניט געקאָנט בלייבן אויף אַן אָרט. עס האָט אים געצויגן ערגעץ, עמיצער האָט אים גערופן. ער איז אַרויס אויפן גאַס. די גאַס האָט געלעבט, גערוישט, געטומלט. אָבער אים האָט דאָס געעקלט. די געלעכטערס פון די שפּאַצירנדיקע מענטשן האָבן אים געבייצט; ער האָט געהאַסט די מענטשן, די וועלט, דאָס לעבן. און ער איז פון דעם גע־לאָפן, געלאָפן פון לעבן, געלאָפן — אין ים אַריין..."

.3

איינגעוויקלט אין בלאסע לבנה־שטראלן איז דער ים געלעגן און האָט זיך צוגעהערט צו דאָס, וואָס א יונגע, שווארץ־אויגיקע פרוי האָט דערציילט:

„זי געדענקט שוין ניט ווי אזוי דאָס האָט פאסירט, זי געדענקט נאָר, אז זיי האָבן חתונה געהאט. זי באגרייפט ניט, ווי אזוי אזוינס האָט גאָר געקאָנט צושטאנד קומען — דער קאָנטראסט איז געווען אזוי שארף: זי — יונג, שלאנק, לעבעדיק; ער — אין יארן פיל עלטער, נידעריק, אפגעלעבט. זי געדענקט שוין אויך ניט ווי אזוי און צוליב וואָס ס׳איז אנטשטאנען דער ערשטער איבעררייד צווישן זיי. דאכט זיך, זי האָט גערעדט מיט עמעצן, האָט געלאכט, און יענעם א שטויס געטאָן. זיכער איז זי ניט. זי געדענקט אָבער קלאָר, אז שפּעטער האָט איר מאן זי געמוסרט: איר האלטונג איז ניט פאר א פאר־הייראטער פרוי.

דאָס איז געווען מסתמא דער אָנהייב. זי האָט באלד פארגעסן דעם אינ־צידענט. זי האָט גערעדט, געלאכט, געזוכט געזעלשאפט. איר מאן איז אפנים געווארן אייפערזיכטיק. ער האָט זיכער ניט געהאט דערצו קיין גרונט. אָבער ער איז ארומגעגאנגען בייז, אויפגערעגט. עס זיינען פארגעקומען אָפטע סצע־נעס צווישן זיי. ער האָט אָנגעהויבן צווייפלען אין איר געטריישאפט צו אים, האָט איר באשולדיקט אין אוממאָראלישקייט. די דאָזיקע אומזיסטע באשולדי־קונג האָט זיי צעשיידט — זי איז אוועק פון אים. זי האָט באשלאָסן: זי יועט ליידן אליין. זי האָט געפאדערט א גט. ער האָט איר געלאזט וויסן: „כ׳וועל דיר ליבערשט זען טויט איידער פרייז!" ער איז רק ארומגעגאנגען און איר בא־רעדט, געטאַדלט און — געטרונקען... אָפט, זייענדיק שיכור, פלעגט ער קומען און זיך לייגןביים שוועל פון איר צימער, וויינען, און זיך בעטן ביי איר זי זאָל אים מוחל זיין און קומען צוריק צו אים — ער וועט שוין זיין גוט און פרום. אָבער זי האָט געוווסט: דאָס רעדט דער בראַנפן אין אים, ניכטערהייט וועט ער זיין דערזעלבער אייפערזיכטיק־משוגענער, ווי שטענדיק. זי האָט ניט געהאַט קיין חשק ער זאל זי טרייבן צו משוגעת מיט זיין ווילדער איי־פערזוכט.

זי האָט געארבעט ביי א פאבריק־מאכער און פארדינט גענוג פאר זיך אליין. דער מאַן האָט איר שוין איצט צורו געלאזט. דאָס איז געווען דערפאר, ווייל ער איז שוין ניט געווען אין שטאָט. מען האָט איר געמאָלדן, אז ער געפינט זיך אין אַן אנשטאַלט פאר משוגעים. זי האָט זיך דערשראָקן. דאָס געוויסן האָט זי אָנגעהייבן פייניקן: אפשר איז זי שולדיק אין זיין אומגליק, אין זיין חרובן לעבן — אין דעם חורבן פון זייערביידנס לעבן. אפשר... ווען זי פארלאזט אים ניט... אפשר האָט דער אמת גערעדט פון אים, בעת ער איז געווען שיכור און איז געלעגן ביים שוועל פון איר טיר...

זי האָט אָנגעוואָרן איר אינעווייניקסטע רו, דער שלאָף האָט זיך פאַר־וואָגלט פון איר. זי איז געפאָרן אים זען. נאָכדעם איז זיין געשטאַלט שטענדיק געשטאַנען פאר אירע אויגן: אַן אויסגעקרימטער, גאוער־זשעסטיקולירנדי־

קער מענטש, ווייס־גראָ — אן אויסטערליש באשעפעניש. ער האָט איר אפילו ניט דערקענט. זי האָט אים געזען אין חלום...״

די נאכט, ווען זי איז געקומען צו אונדז, האָט זי אים דערזען שטיין נעבן איר בעט — ווילד־לאכנדיק, וויינענדיק, מאָנענדיק... זי איז אויפגעשפּרונגען מיט א גרויסן געשריי, איז ארויסגעלאָפן פון צימער און שיער א נאקעטע האָט זי זיך באהאלטן אין ים...

.4

שטיפעריש האָבן די כוואַליעס זיך געשפילט מיט די בלאַסע לבנה־שטראַלן און בעת מעשה דערציילט:

„אָט אזעלכע אָוונטן, שטילע, פארחלומטע, האָט ער ליב געהאַט. און אָוונט נאָך אָוונט, באלד ווי די ערשטע שטערן פלעגן זיך באווייזן אויפן הימל, איז ער געקומען צוגיין זיצן אויף דעם פעלדז, וואס הויבט זיך ארויס נעבן אונדזער וואסער־גרענעץ, פלעגט פארלייגן די הענט אויפן הארצן און פארחלומט לאנג קוקן, ווי מיר, כוואַליעס, צעשטיפן זיך. ער איז געווען הויך, אָבער מאָגער, אויסגעצערט, זיין פנים לאַנג, איינגעפאלן, נאָך בלאסער, ווי די לבנה־שטראלן, אָבער א פאָר אויגן האָט ער געהאַט: בלויע און טיפע, ווי דער הימל סוף חודש — פול מיט געהיימקייט און טרויער.

און אָוונט נאָך אָוונט, ווי נאָר די ערשטע שטערן פלעגן זיך באווייזן האָט זיך אויך באוויזן זיין שאָטן־געשטאלט אויפן פעלדז נעבן אונדז. האָבן מיר זיך געוווּנדערט: „וואָס איז דאָס פאר א מענטש?״ און איין כוואליע האָט זיך אָנגעפרעגט ביי דער צווייטער: „וואָס איז ער פאר א מין מענטש?״

יענעם אָוונט איז ער געקומען, ווי שטענדיק: שטיל, פארחלומט און בלייך. ער האָט זיך געזעצט אויף זיין אָרט, אויפן פעלדז, פארלייגט די הענט אויפן הארצן און האָט לאנג און פארחלומט געקוקט, ווי מיר שטויסן זיך. דערנאָך האָבן מיר געהערט אים ריידן. האָט איין כוואלע געשטויסן די צווייטע: „שאַט, ער רעדט!״ און דאָס קילע אָוונט־ווינטל האָט אונדז, גלעטנדיק, געשושקעט: „שאַט, ער רעדט!״ און שטיל איז מיטאמאָל געוואָרן — ער האָט גערעדט... ער האָט ארויסגענומען פון א קעשענע א בוך פאפירן און האָט עס געלייענט. די לבנה האָט רחמנות געקריגן אויף אים: זי איז ארויס פון א וואלקן און האָט אים צוגעלויכטן אין דער צייט, וואס ער האָט געלייענט. ווען ער האָט געענדיקט לייענען האָט ער דאָס פאפיר אונדז אוועקגעגעבן. פונעם פארשריבענעם פאפיר האָבן מיר ארויסגעלייענט, אז ער קומט פון א קליין שטעטעלע, ערגעץ אין פוילן. נאָר צו רייך איז זיין נשמה געווען פאר יענעם לאנד, צופיל געפילן האָט ער פארמאָגט. איז ער געווען געצוווּנגען צו פארלאָזן דאָס געבוירן לאנד. ער איז געקומען קיין אפריקע. דאָ, אין דעם פרייען לאנד, האָט ער אָנגעהויבן אנטוויקלען זיינע רייכע געדאנקען, ארויסזאגן פריי זיינע געפילן — האָט מען געקוקט אויף אים, ווי אויף א פרא אדם, א ניט דאָיקן, און מען האָט אים אויסגעלאכט. פריינט האָבן אים געעצהט: „ווארף אוועק דיינע ווילדע טראכטעניש — דו רואינירסט זיך!״ באקאנטע האָבן רק געטענהט: „דיינע

חלומות, געפילן און געדאנקען זיינען ניט ווערט קיין פעני — פּרווו עפּעס פאַרדינען!״ אָבער ער איז קאַלט און האַרטנעקיג געבליבן צו זייערע עצות: „מיינע גאָלדענע חלומות וועל איך ניט פאַרבייטן אויף דעם שטויב פון גאַס, אויף פעניס און פּוסטע ריידן!״ איז ער ארומגעגאנגען טעג אָן עסן, חדשים אָן אַרבעט.

ער האָט געשריבן א בוך. אין דעם בוך האָט ער אריינגעטאָן זיין גאַנצע נשמה, זיין „איך״. ער האָט זיך פאַרמאָסטן אויפצודעקן און ווארפן דעם מענטשן זיין אייגענע שמוץ אים אין פּנים. די דאָזיקע אָנגעשטרענגטע אַרבעט האָט אים קראַנק געמאַכט. די הונגעריקע טעג האָבן פאַרדאַרבט זיין מאָגן, זיינע לונגען. האָט דער דאָקטאָר צוגעשריבן טרוקענע לופט, א זוניקן צימער, גוטע דערנערונג. איז ער געזעסן דעם גאַנצן טאָג אין זיין ענגען חדרל, געבויגן איבער זיין שרייבן, געגעסן ברויט מיט וואַסער און אין אָוונט געזעסן ביים ים.

שעהן לאַנג פלעגט ער זיצן אויפן פעלדז — פאַרחלומט. ער האָט געוווּסט: נאָענט איז דער סוף, און פּונקט ווי דאָס שפּענדל, וואָס ווערט ערגעץ פאַרטראָגן פון א כוואַליע, וועלן פאַרשווינדן זיינע ניט דערלעבטע פאַנטאַזיעס, זיינע ניט דערפילטע אידעאַלן — מיט אים גופא.

נאָכדעם, אז ער האָט אונדז, כוואַליעס, דאָס בוך אָפּגעגעבן איז ער נאָך לאַנג געזעסן, שטיל, ווי דער טויט. דערנאָך האָט ער זיך אויפגעהייבן, א מאַך געטאָן מיט די הענט, ווי ער וואָלט זיך געזעגנט מיט דער וועלט, און איז געקומען צו אונדז...״

.5

שטיל האָבן די כוואַליעס זיך געסודעט: „נעכטן איז א מיידל צוגעקומען צו אונדזער ברעג. זי איז געווען בלאַס און אירע שוואַרצע האָר זיינען געווען צעשאָטן איבער אירע דאַרע פּלייצעס. איז א ביסל געשטאַנען, אונדז אַנגעקוקט מיט א פינצטערן בליק און האָט זיך אריינגעוואַרפן אין אונדזערע קאַלטע אָרעמס. און ווען זי איז אין אונדזערע אָרעמס געלעגן האָט זי זיך שטאַרק געוואַרפן, ווי אין קאָנוווּלסן. אירע קליינע און אידעלע פויסטן זיינען געווען פעסט צונויפגעדריקט, ווי זי וואָלט זיך פאַרמאָסטן עמעצן צו טויטן, און פון אירע צונויפגעפּרעסטע ליפּן האָט, צום לעצטן מאָל, זיך ארויסגעריסן א קללה: „פאַרשאָלטן זייַ, דו שלעכטע, בייזע וועלט, מיט דיינע מענטשן צוזאַמען!״ זי איז געזונקען. אויף דעם זאַמדיקן גרונט האָט זי דערציילט פון זיך:

זי איז קוים צוואַנציק יאָר אַלט. געקומען איז זי דאָ צו א חתן. דער חתן האָט זי אָפּגעוואַרט ביים שיף, אויסגעפּוצט אין גאָלד און זילבער. ער האָט זי גענומען צו א הויז אין וועלכן ס׳איז געווען אַן עלטערע פרוי. די דאָזיקע פרוי איז געווען „גוט און נאָענט צו איר״. אָבער גיך האָט זי אויסגעפונען, אז די דאָזיקע שטוב איז געווען א שאַנד־הויז און דער „חתן״ — איר פאַרפירער. זי האָט געוועלט אַנטלויפן, האָט זיך געווערט קעגן דעם ווילן פון איר „חתן״ און פון דער „גוטער פרוי״. אָבער זי איז געווען געפאַנגען, האָט זי זיך אונטערגעגעבן.

האָבן זיך געצויגן מידע, טונקעלע, איינטאָניקע טעג — טעג פון זינד, פון שמוץ, טעג פון חרטה, היימוויי און טרערן. די טעג האָבן זיך פארוואנדלט איז חדשים — ביז דעם טאָג, ווען זי איז געקומען צו אונדז. יענעם טאָג האָט זי באקומען א בריוו פון איר פאָטער. זיי האָבן זיך דערוווסט פון איר אויס-געלאסן לעבן, האָט ער איר געשריבן, און די מוטער, פון פארדרוס און בזיון, איז געשטאָרבן.

זי האָט דעם בריוו צעווייקט מיט אירע טרערן, האָט אָנגעשריבן א בריוו צום פאָטער, זיך מתוודה געווען און געבעטן מחילה: „כ׳וועל לענגער קיינעם מער קיין שאנד ניט פארשאפן", האָט זי אים געשריבן.

און זי איז געקומען צו אונדז בעטן מחילה...

1910

# צערונענע חלומות

(אַן אויטאָביאָגראַפישער קאַפּיטל פון אַ פּרוי)

## א.

דער טאג פאר מיין אָפּפאָר קיין אַפריקע.

די מאמע איז ארומגעגאנגען ווײנענדיק, דער טאטע האָט געגייט, ווי אלע טאָג, אָבער ער האָט ניט געזונגען: ער האָט נאָר געגייט שנעלער, נערוועזער. מיינע דריי שוועסטערס האבן זיך געדרייט ארום מיר, גערעדט, דערציילט נייעס. זיי האָבן זיך געמיט מיך צו אפּווענדן פון די געדאנקען וועגן מיין רייזע. אָבער איך בין ניט געווען אומעטיק: שוין באלד א יאָר, אז אפריקע איז געווען די הויפּט־טעמע פון אונדזערע טעגלעכע שמועסן אין הויז און ס׳איז שוין מער ווי דריי חדשים, זינט ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן, אז איך פאָר. ס׳האט מיך נאָר באנג געטאָן די דאָזיקע פאסירונג: אומגעריכט קומט א בריוו פון א בחור פון אפריקע, וואָס פאָדערט מיך ארויס אהין — אלס זיין ווייב. ווער איז ער? מיין טאטע לייענט דעם בריוו און קוועטשט מיט די פּלייצעס. מיין מאמע דערמאָנט זיך: דאָס איז דאך לייזערס בן־יחיד; געדענקסט ניט מאטעסקען, דעם ווילדן? דער טאטע קנייטשט דעם שטערן. אויך איך פּרוּוו זיך דערמאָנען. פארנעפּלט זע איך די געשטאַלט פון א הויכן בחורל מיט שווארץ־געקרויזטע האָר. קוים וואס איך געדענק אים. שוין יארן. און אויף דעם בילד, וואס איז געקומען צוגלייך מיטן בריוו, שטייט א הויכער, א טונקל־דיקלעכער בחור, מיט א קייט אויפן ברוסט און רינגען אויף די פינגערס; צופרידן.

„געדענקסט ניט מאטעסקען?" פרעגט די מאמע ווידער.

דער טאַטע דערמאָנט זיך. ער לייענט דעם בריוו נאָך אמאָל: רייך, שטיין־רייך איז ער דארטן, פארמעגט הייזער, פאבריקן. „איי, איי, איי, איי!" ווערט דער טאטע נתפּעל. ער לייענט ווייטער: די געשעפטן דערלאזן אים ניט אזוי ווּאלט ער אליין געקומען נאָך די מיידל מיט די גרויסע ברוינע אויגן און מיט די חן גריבלעך אויף דער רעכטער באַק. אלץ געדענקט ער. ער וואלט געשריבן פריער, נאָר ער האָט געוואַרט די מלחמה זאל זיך ענדיקן. ער וועט זי קרוינען פאר א מלכּה! אין פאלאצן וועט ער איר זעצן — וואס איז שייך!

פון יענעם טאָג אָן האָב איך פארלארן מיין רו און א נאָגנדיקער אומעט האָט זיך באזעצט אין מיין הארצן. דאס ווייטע לאנד אפריקע, און דער אומבאַקענטער, וואס האט מיך גערופן אהינצו, האבן מיך געשראָקן. אין די בריוו זיי־

נע, וואס זיינען דערנאָך געקומען כמעט אלע וואָך, האָב איך געוועלט געפינען עפּעס אַזוינס, וואס זאל באַרויקן מיין בלינדע שרעק. כ׳האב עס אויך געזוכט אין זיין בילד: כ׳פלעג שטיין לאנג און קוקן אויף דעם. זיין פולער קערפּער און זיין צופרידענער פּנים האבן שטענדיק געוועקט אין מיין זכרון, וואס איך האב געלייענט וועגן דעם סוף פון מיידלעך, וועלכע מען האָט פארמאניעט אין ווייטע לענדער.

דערנאָך זיינען געגאנגען טעג פון חלומען און טראכטן. פאר מיר זיינען געשטאנען פינף און צוואנציק יאר פון מיין לעבן און עפּעס גענאָנט שטילערהייט, און דריי שוועסטערס, ווען איך פארשטעל אפשר דעם וועג צו זייער גליק. האָב איך באשלאָסן אויף דעם שריט. קיינער האָט מיך ניט געצווונגען דערצו. ווען כ׳האָב געמאָלדן מיין באשלוס, האָבן דעם טאטנס טריבע אויגן אויפגעלויכטן. ער האָט אוועקגעלייגט שער און נאָדל, און מער ניט געארבעט דעם טאָג. די מאמע האָט מיך געקושט און געוויינט. איך גופא בין געבליבן קאַלט, אָבער שרעק און אומעט פון מיין הארצן זיינען מיט אמאָל פארשוונדן. זייער ארט האָט פארנומען א גלייכגילטיקייט. איך האָב אים געשריבן וועגן מיין באשלוס און אים געבעטן, אז ער זאָל שיקן די נייטיקע דאָקומענטן וואס גיכער.

איצט זיינען די טעג און די וואכן שוין געגאנגען שנעלער. מיינע שוועסטערס זיינען געוועזן צערטלעך צו מיר, און האָבן מיר איינגעשפּאָרט פיל ארבעט. דער טאַטע האָט איצט געזונגען מער און הילכיקער ביי דער ארבעט. אבער די מאַמע איז געווארן שטילער, שווייגנדיקער. עטלעכע מאל האב איך זי געטראפן אין א ווינקל פון א צימער — וויינענדיק.

די נאכט פאר מיין אפּפאָר האָב איך ניט געשלאָפן. ביז שפּעט אין אָוונט האָט מען אלץ געפּאקט זאכן, געניייט און צורעכט געמאכט. די מאמע האָט ניט אויפגעהערט וויינען. דער טאַטע האט זיך געפּאָרעט ארום די זאַכן און דערציילט וויצן סתם אין דער וועלט אריין. אָפּט, האָב איך באמערקט, פלעגט ער זיך אויסדרייען צו דער טונקעלער זייט פונעם הויז און גיך אויסווישן די אויגן. די שוועסטערס האבן זיך אנגעשטרענגט אויסצוזען רואיק. איך האב מיטגעהאָלפן ביי דער ארבעט מיט דער געלאסנקייט פון א פרעמדער. אָבער ווען כ׳האָב זיך געלייגט אין בעט איז די פארשוונדענע שרעק צוריק געקומען און א מוראדיקער אומעט איז מיך באפאלן. מיט ברייט צעעפנטע אויגן האָבן איך געקוקט אין דער געדיכטער פינצטערניש פון צימער. כ׳האָב געפילט, ווי כ׳וואָלט זיך געפונען אין א פינצטערער הייל, וויט פון שטאָט און מענטשן. כ׳האָב זיך צוגעהערט. פון צווייטן חדר האָט זיך דערטראָגן צו מיר דעם טאטנס שווער אָטעמען. נעבן מיר, אין א באזונדערער בעט, זיינען געשלאָפן צוויי פון מיינע שוועסטערס; די יינגסטע איז געלעגן נעבן מיר אין בעט. אויך זי האָט ניט געשלאָפן: זי האָט מיך ארומגענומען. זי האָט געוואלט וויסן, פארוואס דאָס לעבן איז אזוי אוועקגעשטעלט, אז מען מוז זיך שיידן. זי האָט אביסל געוויינט און איז אנטשלאָפן געווארן. ס׳האָט מיך געשלעפערט, אָבער פאר מיינע אויגן האָט ארומגעפלאטערט די געשטאלט פון דעם, וועמענס פרוי איך וועל באלד זיין — אומגעלומפערט האָט עס אויסגעוויזן צו זיין, נאָענט און דאָך אזוי ווייט.

כ׳האָב געפרעגט די געשטאַלט: פאַרוואס שרעקט מיך אזוי דאָס הארץ? פאַר־וואס נאָגט עס? א חרטה געפיל האָט מיך געפייניקט: צו וואס פאָרן? פארוואס זיך שיידן? וואלט כאָטש מיגלעך געוועז אויפצוהייבן א ברעג פון דעם געדיכטן שלייער, וואס פארדעקט די צוקונפט, איין בליק נאָר צו געבן!...

ווען כ׳האָב אויף מאָרגן זיך געזעצט אויף דער פור, וואס האָט מיך באַ־דארפט ברענגען צום גרענעץ, איז געגאנגען א שטארקער רעגן. די מאמע האָט זיך געריסן צו מיר און איז נאכגעלאפן די פור. פון ווייטן האב איך גע־הערט איר קלאָגן: „וווהין פאָרסטו, קינד מיינס?״

דעם גאנצן וועג האָבן די מאמעס ווערטער מיך געקלונגען אין די אויערן: „וווהין פאָרסטו, קינד מיינס?״

ב.

די גאנצע נאכט איז די שיף געשטאַנען פאראנקערט, זי האָט געוואַרט אויפן מארגן אריינצוקומען אין קייפטאנער האַפן. טויזנטער קליינינקע, גאלדיקע פיי־ערלעך פון שטאט האבן שעמירירט פון ווייטן. הויך אַריבער זיי, אין דער לופט, האבן זיך געזען האַלב־רונדע גאלד־פאַסן. דאס, האב איך שפעטער אויסגעפונען, האָבן געברענט גראז און בוש־ביימלעך אויף די קייפטאָנער בערג. אָפט האָבן זיך דערטראגן אהערצו א הילכיק פייפן און דאס קלאפן פון א לויפנדיקן צוג. איך בין געשטאַנען אויפן דעק און געקוקט צו דער זייט פון די פייערלעך. א פרוי, מיט א שלאָפנדיק קינד אויף די הענט, האָט זיך נאָכגעפרעגט, אויב דאָס לויכט זיך קייפטאָן. א בחור פון צווייטן קלאס האָט געפרווווט פארפירן מיט איר א שמועס. דערנאָך איז ער געשטאַנען ביים פּאַרענטש, גערויכערט און געשפיגן אין ים אריין. אויפן דעק איז ביסלעכווייז געווארן שטילער, לײדיקער. ס׳האָט געבלאָזן א קיל ווינטל. כ׳האָב ארויפגענומען א וואָלענע שאַל אויף די פּלייצעס און געזען, ווי די שטאָטישע פייערלעך לעשן זיך, ווערן ווייניקער. מענטשן גייען שלאָפן. און דארטן, איינגעהילט אין די נאכטיקע שאָטנס, וואַרט מיין גורל, וואַכט און ווארט אויף מיר. אוודאי זיינען עס זיינע אויגן, וואס פינקלען ארויס אזוי מיסטעריעז פון דער פינצטער... איך האָב אפגעקערט מיין פּנים. בלאַ־שווארץ איז דער ים געלעגן ארום שיף, ווייטער אוועק — א חושך. דאָס איז דער וועג אויף וועלכן די שיף האָט מיך געבראכט. ווייט אין ים זעט זיך א פייערל. איך שטעל מיך פאר מיין היים: דער טאַטע זיצט און נייט. די מאַמע שרייבט אַ בריוו און ווישט די אויגן. די שוועסטערס קומען פון גאַס. זיי טרינקען טיי, ריידן וועגן מיר. א נאָגנדיקע בענקשאַפט האָט מיך ארומגע־נומען. מיין ווייטע היים האט אזוי שיין, אזוי ווארעם-רייצנדיק ארויסגעשטראלט פון דער פינצטער און מיך גערופן. איך האב געזען, ווי די בלאַ־שווארצע כוואַ־ליעס קייקלען זיך אוועק אינעם חושך און א פארלאנג האָט זיך אויפגעוועקט אין מיר זיך ארויפצוווארפן אויף זיי און שווימען אהיים. כ׳בין אויפגעשווידערט געווארן און זיך ארומגעקוקט. שטיל. די שטאָט שלאָפט. די האלב־רונדע, גאל־דיקע פאסן אויף די בערג זיינען געווארן שמאָלער, ווי גאָלד־פעדעם. איך בין אוועק שלאָפן און האָב דורכגעווײנט א שטיק נאכט.

דער מאָרגנדיקער טאָג איז געווען א לויטערער. די שיף איז זיך לאַנגזאַם אריינגעשווומען אין האַפן. א מחנה מענטשן האָט אונדז באגריסט, פאָכנדיק מיט ווייסע טיכלעך. פיל פון זיי זיינען אדויף אויפן שיף. הארציקע קושן און גליקלעכע געלעכטערס אויף אלע זייטן. איך בין געשטאַנען און נייגעריק און אומרואיק באַטראַכט יעדן איינעם. אים האב איך ניט געזען. מיין האַרץ האט זיך געשראָקן: „איז ער ניט געקומען?״.

הינטער מיך האָט א גראָבע מענער שטים אָנגערופן מיין נאָמען. כ׳האָב זיך אומגעקוקט. דער בחור פון בילד איז געשטאַנען אַנטקעגן. ער האט געשמייכלט צופרידן, האט גענומען מיין האַנט: „וואס מאַכסטו?״

א שעמעוודיקייט האָט מיך באהערשט. איך האָב געפרווט ארויסנעמען מיין האנט פון זיינער, אָבער ער האָט זי געהאלטן פעסט אין זיין גרויסער, קאַלטער האַנט און מיר אנגעקוקט שווייגנדיק. ס׳האבן זיך מיר דערמאנט די מחשבות, וואס פלעגן זיך מיר פּלאָנטערן אין קאָפּ בעת איך פלעג קוקן אויף זיין בילד. כ׳האָב זיך געוווּנדערט: „פארוואס קומט עס מיר אפּט אויפן זינען?״

כ׳האָב ענערגיש אונטערדריקט מיין שעמעוודיקייט מיט די געדאנקען. כ׳האב געשמייכלט און אים איבערגעגעבן גרוסן פון אונדזערע היימען.

ג.

דאָס הויז אין וועלכן כ׳בין פארפאָרן איז געווען ניט ווייט פון ים, כמעט אין שאָטן פון די בערג. די באלעבאטים פונעם הויז זיינען געווען פריינדלעך, אבער עלטערע מענטשן. אין הויז איז אויך געווען א מיידל, אבער איך האב זיך ניט געקענט צוזאמענריידן מיט איר — זי האט ניט געקענט ריידן קיין יידיש. זי האָט געארבעט און פלעגט קומען אהיים פארנאכט. תיכף נאָכן עסן איז זי אין ערגעץ אוועקגעגאנגען. די טעג זיינען געווען ווארעמע, לאנגע, איינטאָניקע. פלעג איך אָפט אראפּגיין צום ים, זיצן לאנג און זיך צוקוקן ווי די שיפן קומען און גייען אוועק. אין אָוונט פלעגט ער קומען. מיר זיינען געגאנגען אין טעאטער, באזוכט לאנדסלייט. דערנאָך, שוין ליגנדיק אין בעט, פלעג איך טראכטן: ער איז פריינדלעך, צערטלעך, באזאָרגט מיך מיט אלעם נייטיקן, אָבער איך פיל ניט קיין נאָענטקייט, קיין צוגעבונדנקייט צו אים. אין די צערטלעכסטע מינוטן איז ער געווען פאר מיר אפשטויסנדיק. מיין גאנצער „איך״ האָט רעוואלטירט קעגן דאָס אומארמען זיינעם, און די קושן. עפּעס האָט געשטעקט אין אים אזוינס, וואס איז געווען פאר מיר אומפארשטענדלעך, און האָט מיך געשראָקן. ער, נאַטירלעך, האט עס ניט געוווּסט. איך בין זיין כלה. איך עס זיין ברויט און טראָג זיין קלייד. האָב איך געשמייכלט און געדולדעט. אָבער דאָס האָט מיך אָפט פאראומערט. כ׳פלעג טראַכטן: דער ים איז ניט ווייט, ער קען מיך באפרייען פון אלע פּלאָגענישן. אָט וועל איך גיין זיך אריינוואַרפן אין זיינע אָרעמס. איך וועל אָנטאָן מיינע אייגענע קליידער, זיינע וועל איך איבערלאָזן — צופיל זאכן פאר א פּאָר קושן. אָבער די מאַמע איז שטענדיק מיר געשטאַנען אין וועג. זי איז געשטאַנען מיט פארטרערטע אויגן, געקוקט און געשוויגן.

„מאמע, איז עס רעכט זיך צו פארקויפן פאר קליידער?״

שפּעטער האט די לאַגע זיך געביטן. כ׳האב באַקומען באַקענטע, פריינד.

די טעג האָבן אויפגעהערט זיין לאַנגווייליק. דער חתן האָט אויך אויפגעהערט קומען יעדן אָוונט. פלעג איך נייען און שטריקן. כ׳האָב אויך געקראָגן ביכער צו לייענען. איך בין געווארן א ליידנשאַפטלעכער לייענער. אין מיינע בריוו אהיים האָב איך געשריבן וועלכע ביכער איך לייען, אָפט ציטירט א סך שורות און פראַזן. מיינע שוועסטערס האָבן מיך מקנא געווען: ביי זיי איז א פינצטערע וועלט, האָבן זיי געשריבן, ניטאָ קיין ביכער, ניטאָ קיין צייטונגען. איך דאַרף זיין גליקלעך, אז איך האָב זיך ארויסגעכאַפּט פונעם חושך.

מיין חתן האָט געחוזקט פון מיין לייענען. אָן עבירה די צייט, פלעגט ער זאָגן. בעסער גיין שפּאַצירן, אָדער זיצן ביים ים. אָבער איך האָב אים פאַראינטערעסירט: איך האָב פארגעלייענט פאר אים אַ פּאָר מאָל. ער האָט זיך איינגעהערט, געשמייכלט, געווען ערנסט — לויט די סיטואַציעס אינעם בוך — און שפּעטער האָט ער גופא מיך געבראַכט ביכער. ער האָט איבערהויפּט זיך געביטן לעצטנס. זיין באַציונג צו מיר איז געווארן ערנסטער, רעספּעקטפולער, האָט מיך געצערטלט ווייניקער. וועגן דער חתונה האָט קיין איינער פון אונדז ניט גערעדט. פון דער היים האָט מען א פּאָר מאָל זיך אָנגעפרעגט: „ווען?״ „זיי זיינען אומגעדולדיק״, האָט דער חתן געזאָגט, און געשמייכלט. מיך האָט עס אויך ניט געקימערט: איך האָב ערשט אָנגעהייבן קומען צו זיך, אָנגעהייבן צו געניסן די פרייד פון לעבן, פון נייעם לעבן. די אומעטיקע מחשבות און די פאַרצווייפלטע שטימונגען האָבן זיך פאַררוקט טיף אין הינטערגרונט. כ׳האָב שוין אפילו געפּלאַנעוועט צו שרייבן אהיים, אז זיי זאָלן פאַרקויפן די בעבעכעס און קומען אהערצו — קומען צו מיין חתונה.

חלומות, האָפענונגען. ווען די זון לויכט אין האַרצן זעען ניט די אויגן דעם שאָטן. אַ פּאָר מאָל האָט עס פאַרבייגעשוועבט פאַרביי מיר. אָבער—כ׳האָב עס ניט באַמערקט: דער שפּיגל האָט מיר געוויזן רויטע באַקן און רונדע פּלייצעס; אין האַרצן האָט געבליט א פרייד, די פרייד פון לעבן, האָבן די אויגן ניט באַמערקט די שאָטנס. מען האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אז מיין חתן איז ניט רייך. ער מאַכט דעם אָנשטעל. האָב איך אויפגעהערט נעמען די טאַשנגעלט, וואָס ער פלעגט מיר אָפט געבן, און מער קיין נייע קליידער זיך ניט געגעניט. ער האָט אָנגענומען מיינע תירוצים און געשוויגן. כ׳האָב אָנגעהייבן רחמנות האָבן אויף אים. כ׳האָב באַמערקט: זיין טונקל־האָריק פּנים איז אָפט טרויעריק. ריידן פלעגט ער לאַנגזאַם, אָבער האַרציק. איין אָוונט האָט ער מיר דערציילט פון זיין לעבן דאָ אין לאַנד. זינט דאַן בין איך געווארן פריינדלעכער צו אים: א מענטש, וואָס האָט אַזויפיל איבערגעלעבט איז געוויס געלייטערט.

צו מיר האָבן אויך דערגרייכט קלאַנגען וועגן זיין מאָראַלישן כאַראַקטער — פאַרשטעלט, אויפן וווּנק. איך האָב ניט פאַרשטאַנען. כ׳האָב געוווּסט: מענער זיינען מענער, צו וואָס קלערן וועגן דעם? דאָס לעבן רופט, ס׳איז פאַראַן אַזויפיל פון וואָס צו געניסן. אָבער אינגאַנצן האָב איך עס ניט פאַרגעסן. ערגעץ אין אַ ווינקל פון מח איז עס געלעגן און געפּיקט, ווי אַ מוק. האָב איך אָנגעהייבן אים פאַרהאַלטן לענגער אין די אָוונטן און יעדן טאָג פלעג איך קומען צו אים אין געשעפט. ס׳איז געווען א קליין קרעמל ערגעץ אין אַן אָרעמער

געגנט. ער איז געווען איבערראַשט, אבער, קענטיק, צופרידן. געליבט האב איך אים נאָך אלץ ניט, אָבער איך האָב געפרוווט זיין פריינדלעך צו אים: ער איז דאָך מיין צוקינפטיקער מאן. אפשר וואלט שוין באדארפט זיין חתונה — ס'ציט זיך שוין לאנג. כ'האָב געשמועסט מיט אים וועגן דעם. כ'האָב אים געזאגט, אז איך ווייס, אז ער איז ניט רייך. אָבער מיך קימערט עס ניט. איך וועל אים העלפן. שווייגנדיק האָט ער מיך ארומגענומען און א קוש געטאָן. דערנאָך זיינען געגאַנגען וואכן פון ניט טראַכטן, וואכן פריידיקע: פריינד, באַקענטע, טעאַטער, ביכער. די קלאנגען האָבן אויפגעהערט. ער גופא איז איצט געווען היימלעך, פריינדלעך. איז ווידער געקומען יעדן אוונט. איך בין געווען צופרידן. כ'האָב שוין אפילו געבענקט, ווען ער פלעגט אַן אוונט ניט קומען.

ד.

פונקט היינט שוין זעקס חדשים אין לאנד. איך בין געווען היימלעך. נעכטן האָבן מיר באשטימט דעם טאָג פון דער חתונה: צום יאָר פון מיין קומען. מיין האַרץ האט געקלאַפּט מיט אומרואיקער פרייד: דער גורל איז באַשטימט! מיין מידלש לעבן וועט זיך ענדיקן אין זעקס חדשים ארום. ווי וועט דאס לעבן דערנאָך אויסזען? אן אפבילד פונעם לעבן פון טויזנטער ארעמע און אומגליקלעכע, אָדער פון די ווייניק גליקלעכע? אין מיין אייגענער פאמיליע, און אין א סך אנדערע, האָב איך געזען נאָר ארעמקייט — פארוואס זאָל איך זיין אן אויסנאַם? פלעג איך אָפּט ווערן באהערשט פון אומעטיקע מחשבות: ארעמקייט, קראַנקייטן, אומצופרידנקייט — אזוי שטענדיק, אייביק... איז דאס דער גליק פון חתונה האָבן? ניין, כ'וועל ניט חתונה האָבן! וועל בלייבן אייביק פריי, וועל ארבעטן און פארדינען מיין ברויט און מיין קלייד — וועל געניסן די פרייד פון לעבן. אָבער איך האָב געוווסט: איך פאנטאזירי! כ'בין אין די הענט פונעם גורל, ווי א פעדער אין ווינט.

צו פייערן מיין זעקס חדשימדיק זיין אין לאנד, האָט דער חתן מיך גענומען צו א טאַנץ. איך בין געווען געמיטלעך מונטער. דער חתן, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, איז געווען שענער, סימפאטישער, ווי תמיד. אין טאנץ־זאל האָט געקעכיגט דאָס רויע לעבן: טענץ, מוזיק, און געלעכטער האָט גערוישט ביז שפעט אין דער נאכט. פנימער האָבן געברענט און דאס בלוט האָט געקאָכט. מיין חתן האָט געטאנצט גוט, ליידנשאפטלעך.

ס'איז שוין געווען שפעט נאָך האלבע נאכט, ווען מיר זיינען געקומען פון טאַנץ. אלע אין הויז זיינען שוין געשלאָפן. איך האָב ניט אָנגעצונדן קיין פייער אין מיין צימער: א פולע לבנה האָט עס באלויכטן. כ'האָב אראפגעוואָרפן פון זיך די אויבער־קלייד, די שיך, כ'האָב פונאנדערגעלאזט די האָר און זיך אויסגעצויגן אויפן בעט. דער חתן האָט זיך געזעצט נעבן מיר. א זיסע מידקייט האָט זיך צעגאָסן אין אלע מיינע גלידער: דאס גערויש פונעם טאנץ־זאל האָט נאָך געקלונגען אין מיינע אויערן. ס'האָט זיך מיר אויסגעדאַכט — ס'איז מיין חתונה־אָוונט. חתן־כלה זיינען שוין אוועקגעפאָרן; מחותנים טאַנצן נאָך דאָרטן... דער חתן איז געזעסן האַלב אריבערגעבויגן איבער מיר און געגלעט מיינע

האָר. איך האָב געפילט זיין הייסן אָטעם אויף מיין פנים. ער האָט מיר ארומגע־נומען פעסט און זיכער. מיין הארץ האָט געקלאפט שנעל. כ'האָב געפילט הייסע כוואליעס שטראמען דורך די אָדערן. א נעפל פון יארן לאנג באהערשטער ליידנשאפט האָט מיך פארשלונגען און כ'האָב זיך פארלארן: מיינע הענט האָבן זיך ארומגעקלאמערט ארום זיין האלדז...

---

דערנאָך זיינען פארגעקומען געוויסע ענדערונגען אין מיר. מיין הארץ האָט א ווילדן זעץ געטאן און איז, דאכט זיך, געבליבן שטיין א רגע. כ'האָב זיך פארשלאָסן אין מיין צימער און געווארט אויפן אָונט, געווארט צו קענען איס דערציילן. דער טאָג האָט זיך געצויגן שרעקלעך לאנג. דעם גאנצן נאָכמיטאָג בין איך געלעגן אין בעט און געגלאָצט אויף דער סטעליע. כ'האָב באמערקט, אַז ס'פאדערט זיך איבערווייסן. כ'האב עטלעכע מאל איבערגעציילט די צאל ברעטלעך אויף דער סטעליע. כ'בין געשלאָפן און געחלומט פון מיין היים, פארנאכט. האָב איך זיך ארומגעוואשן און ארויס אויפן גאס. מענטשן, פערד, טראמווייען. א געאייל, א יאָגעניש. כ'בין אריין אין דעם געדראנג און אוועק מיטן שטראָם. כ'בין אוועק צום „טיש־בארג״. הויך און שטאָלץ איז ער גע־שטאַנען, איינגעהילט אין רויך און וואלקן. איך האב זיך געזעצט צופוסן פון בארג. פון ווייטן איז געלעגן דער ים, געווארפן גרינע כוואליעס און זיך גע־שפילט אין ליכט און שאָטן. ארום מיר איז געווען שטיל. א גרינגער טומאן האָט זיך ארויסגעהויבן פונעם ים און זיך אויסגעמישט מיט דעם פלוצלונג אָנגעקומענעם אָוונט. פייערלעך האָבן זיך געצונדן אויף אלע זייטן. ביי מיר אין הארצן האָט זיך עס געלאָשן. א שרעק און אן אומעט איז מיך באפאלן. א פיינלעכע חרטה האָט מיך ארומגענומען, געדריקט, געווייטאָגט. כ'האָב אָנ־געשפארט דעם קאָפּ אויף די הענט און געוויינט לאנג און הארציק.

יענעם אָוונט איז מיין חתן געקומען שפעטער, ווי שטענדיק. אפשר האָט זיך עס מיר אויסגעוויזן אזוי: כ'בין געווען אומגעדולדיק אים צו דערציילן. אָבער ווען ער איז געקומען, האָב איך מיר געשעמט אים צו זאגן. ער האָט בא־מערקט, אז איך בין בלאָס און צוטראגן. ער האָט געקוקט פארשנדיק אויף מיר. איך האָב אראָפּגעלאָזט די אויגן און בין רויט געווארן. אפנים ער האָט זיך אָנ־געשטויסן. זיין פּנים האָט זיך אָנגעפילט מיט פארדרוס און פון זיינע אויגן האָט ארויסגעקוקט פארצווייפלונג. כ'האָב אים געזאגט: מיך פערזענלעך קימערט עס ניט. ער איז דאך מיין מאן. אָבער מענטשן וועלן רעדן. מענטשן האָבן א טבע צו ציילן טעג און חדשים, וועלכע קומען ניט אריין אין דעם חשבון פון זייער אייגענעם לעבן. אפשר איז מיגלעך צו מאַכן די חתונה פריער, ווי אין זעקס חדשים ארום ? אפשר שוין, דעם חודש ? ער האט געשוויגן. אומגעדולדיק האט ער געביסן די נעגל פון זיינע פינגער — אן אלטע טבע זיינע, בעת ער איז אומצופרידן מיט עפּעס. ניט מיגלעך, האט ער געזאגט. ער איז פארוויקלט און פארדרייט אין עפּעס א נייער אונטערנעמונג. ער וויל זיין פינאנציעל געזיכערט. ס'האָט זיך געהערט א חרטה־טאָן אין זיין ריידן. אפשר האָט זיך מיר נאר אויסגעוויזן אזוי. ער האט זיך געאיילט אוועקצוגיין. מיין מוט

איז געזונקען. ער האט חרטה? בין איך שוין א יאָר אויף אים — אַ יאָר פון וועלכן ער וויל זיך באפרייען? איצט? איצט?...

כ'האב פארלאשן דאס ליכט אין מיין צימער און זיך געזעצט ביים פענצטער. די גאס האָט געלעבט. א שטראָם פון מענטשן. מיידלעך מיט בחורים גריסן זיך ווינקען זיך איבער, לאכן. ניטאָ קיין באקענטע. ווו זיינען דען מיינע שוועסטערס? פארוואס שפאצירן זיי אויך ניט ארום? א, כ'ווייס: זיי שעמען זיך צו ווייזן אויפן גאס. אוועקגעפאָרן זייער עלטסטע שוועסטער קיין אפריקע און איז א מיידל־מוטער!... לאכט מען אין שטעטל. און אין הויז זיצט די מאמע און וויינט אויס אירע אויגן; דער טאטע בויגט זיין גראָען קאָפּ נידעריקער און ארבעט שנעלער.

די צייט איז זיך געגאנגען מיט איר געוויינטלעכן גאנג. כ'האָב זיך גע־גרייט אויפצונעמען דאָס נייע באשעפעניש, דאָס נייע לעבן. מיינע געדאנקען זיינען איצט כסדר געווען פארנומען טראכטנדיק: ווי וועט עס אויסזען? פון וועלכן מין וועט עס זיין? מיין מאן איז ניט געווען צופיל ענטוזיאסטיש, אָבער ער איז געווען זיכער, אז ס'וועט זיין א מיידל און וועט אויסזען, ווי איך. ער האט שוין אויך מסכים געווען, מען זאל מאכן די חתונה מיט א פּאָר חדשים פריער. דאָס האָט מיך בארויקט, געמוטיקט. כ'האָב זיך געפילט גוט, געזונט. כ'בין יעדן מאָרגן געלעגן אין בעט ביז א שפּעטע שעה.

א פּאָר וואכן פאר דער חתונה. איך בין נאָך געלעגן אין בעט. די באלע־באָסטע האָט אָנגעקלאפּט און אריינגעלאזט אין צימער א ברוינע מיידל. דאס דאָזיקע מיידל — א יונגע, א שיינע — האָט געפירט ביים האנט א יינגעלע פון א יאָר צוויי. דערזעענדיק דעם קינד האָט עפּעס וואס געפּלאצט אין מיין הארצן. דאָס יינגעלע איז געווען צוויי טראָפּנס — מיין מאן.

כ'האָב זיך אויפגעזעצט אין בעט און מיט א צעווייטאָגט הארץ אויסגעע־הערט, וואס דאס מיידל האָט געהאט צו דערציילן: זי האָט זיך דערוווסט, אז איך גיי חתונה האָבן מיט אים — איר מאן. זי האָט רחמנות אויף מיר. ער איז א כאַ־ראקטערלאָזער מענטש. ער האָט זי פאראומגליקט און אוועקגעווארפן. אירע עלטערן האָבן זי ארויסגעטריבן פון הויז. זי איז געבליבן אויפן גאס מיטן קינד, געהונגערט. האָט זי זיך פארקויפט צו דער גאס. איך מוז זיין פארזיכטיק מיט אים.

אירע ווערטער זיינען געקומען צו מיר, ווי דורך א וויטן טעלעפאָן. איך בין געזעסן פארגליווערט, פארשטיינערט. דאָס מיידל, זעענדיק מיין צושטאנד, האָט אפנים שוין חרטה געהאט. זי האָט זיך פארענטפערט: מען האָט איר גע־שיקט, זי זאָל גיין ראטעווען, באצייטנס, אן אומשולדיקע באשעפעניש. ער פאר־דינט ניט אזא שיינע פרוי, ווי איך בין עס. כ'האָב זי געבעטן ווארטן, ביז כ'וועל זיך אָנטאָן. ראטעווען אן אומשולדיקע באשעפעניש! צו שפּעט! צו שפּעט! אָבער איך מוז דערגיין דעם אמת. כ'האָב באשטעלט א דראָזשקע און אלע דריי זיינען מיר אוועק צו זיין געשעפט.

דער פרימאָרגן איז געווען א פרישער, א ווארעמער. די שטאָט איז געווען פארפלייצט מיט זונליכט, מענטשן האָבן אויסגעזען יומטובדיק. די פרישע לופט

האָט מיך אויפגעמונטערט אביסל. כ׳האָב געקוקט אויפן קינד, וואס איז געזעסן ביים מיידל אויפן שויס און א חלשות געפיל האָט מיך באהערשט. עפּעס וואס האָט מיך געשטיקט אין האלדז.

די דראָזשקע האָט זיך אפּגעשטעלט. איך בין ארויס און געבליבן שטיין. איך האָב ניט געקענט גיין ווייטער. די פיס זיינען מיר געווען, ווי געליימט. מיין מאן האָט מיך דערזען און איז ארויסגעגאנגען. ער האָט עפּעס געזאגט, ציי געפרעגט. איך האָב אים געוויזן אויף דער דראָזשקע. ער האָט אריינגעקוקט און איז בלאס געווארן. איך האָב געוואלט וואס זאגן, אָבער כ׳האָב ניט געקענט ארויסברענגען קיין ווארט. מיין הארץ האָט געקלאפּט שנעל. מיטאמאָל האָט מיך פארפעלט אָטעם. די ערד האָט לאנגזאם זיך ארויסגעגליטשט פון אונטער מיינע פיס און ס׳איז געווארן פינצטער...

ה.

די וואכן, דערנאָך, זיינען פארביי, ווי אין א קאָשמאר: דאָקטוירים, שוועס־טערס, כלאָראָפאָרם, טעג און נעכט — אלץ האָט זיך אויסגעמישט און זיך פאר־ביטן. איך האָב פארלאָרן דעם חשבון פון דער צייט. די וועלט, און דאָס לעבן הינטער די ווענט פונעם שפיטאָל, אין וועלכן איך בין געלעגן, האָבן ניט עק־זיסטירט פאר מיר. אלצדינג האָט מיר אויסגעוויזן ווייט און פרעמד. כ׳האָב אָפט געהאט דעם געפיל, אז איך געפין זיך ערגעץ אין א פינצטערן הייל, ווייט פון מענטשן — דעם אייגענעם געפיל, וואָס כ׳האָב געהאט די נאכט פאר מיין אָפּפאָרן קיין אפריקע, ליגנדיק אויף מיין בעט. און אָפט האָב איך געמיינט, אז ס׳האָט קיין זאך ניט פאסירט: אפריקע, דער חתן, יענע נאכט, דאָס ברוינע מיידל מיטן קינד — אלץ איז ניט מער, ווי א חלום, א האַלוצינאציע פון א פיי־בערדיקן מח. אָט וועל איך דערוואכן אויף מיין אייגענעם בעטל, ביי זיך אהיים. אך, ווי גוט, ווי גוט ס׳וועט זיין!

ווען איך בין געוואָרן שטאַרקער האָט די קראנקן־שוועסטער מיר געזאגט, אז יעדן טאָג קומט א טונקעלער יונגערמאן און פרעגט זיך נאָך אויף מיר. ער גייט ניט אריין אינעווייניק. ער שטייט אין קאָרידאָר און ווארט. זעט ער א דאָק־טער, אָדער א שוועסטער, פרעגט ער זיך נאָך. דערנאָך ציט ער אָן דעם הוט שטייפער אויפן קאָפּ און גייט אוועק. דערציילנדיק האָט א כיטרער שמייכל גע־לויערט אין די ווינקלען פון איר מויל און א פארשטענדיק פייערל האָט געגליט אין אירע אויגן. אויף מיר האָט עס ניט איבערגעלאָזן קיין איינדרוק. ער איז מיר א פרעמדער. דאָס ברוינע מיידל האָט געעפנט א תהום צווישן אונדז. כ׳וועל דעם תהום ניט איבערשפּאַנען. דאָס לעבן נאָך דער חתונה וועט זיין פאלש און אוממיגלעך. דאָס מיידל מיטן קינד וועלן שטענדיק שטיין פאר די אויגן. כ׳וועל זיך טרעפן אין גאס מיט איר. מענטשן וועלן שמייכלען און טייטלען: א שטיפ־מאַמע פון א ברוין קינד. די ליפּן, וואָס האָבן זי געקושט, וועלן אויך מיך קושן, און דער זעלבער קערפּער וועט אויך מיך באַרירן. מיך האלטנדיק אין זיינע אָרעמס וועט זי שטיין פאר זיינע אויגן. ער וועט חלומען פון איר און אפשר זיך טרעפן מיט איר אין געוויסע צייטן. ניין! כ׳האָב אפּגעענדיקט מיט אים!

כ׳וויל מער זיך ניט באגעגענען מיט אים. כ׳וועל אוועק פון דאנען. כ׳וועל גיין צו ערגעץ א ווייט־פרעמדן לאנד. כ׳וועל זיך אפזונדערן פון מענטשן, וועל ווערן א נאָנע... ווי גוט ס׳דארף זיין צו לעבן ערגעץ אין א קלויסטער, כסדר זיך היילקן, בעטן און פאסטן... דאָס לעבן איז דאָך אזוי מיאוס, אזוי אומריין...

אידער כ׳האָב פארלאָזט דעם שפּיטאָל האָב איך אויפגעזוכט מיין דאָק־טער. כ׳האָב געוואָלט וויסן וועגן מיין צושטאַנד. דער דאָקטער איז געווען א גרייז־גראָער, מיט א גוטמוטיקן שמייכל אויף די ליפּן. ער האָט זיך געזעצט נעבן מיר און געבעטן איך זאָל אים דערציילן אלצדינג גענוי. ער האָט אויסגעע־הערט און מיך באַרואיקט: קיין קינד וועט ניט זיין מער: פאראן אָן דעם אויך גענוג מענטשן, וואָס מוטשען זיך אויף דער וועלט.

דעם טאָג, ווען איך בין ארויס פון שפּיטאָל, נאָכמיטאָג, איז ער געקומען. איך בין געלעגן אויפן בעט. איך בין נאָך געווען מיד און שוואך. די באלעבאָס־טע איז געזעסן נעבן מיר. זי האָט מיר דערציילט, אז איר טאָכטער איז א כלה. זי האָט געהאַט א געליבטן און האָט ניט אויסגעזאגט, דאָס נארישע מיידל. ביי זיין ארייַנקומען האָט די באלעבאָסטע זיך שטיל ארויסגעשאַרט. ער האָט זיך געזעצט און געשוויגן. דערנאָך האָט ער זיך נאָכגעפרעגט אויף מיין געזונט. איך האָב באמערקט, אז ער האָט זיך ניט געביטן. זיין פּנים איז נאָך, דאכט זיך, געוואָרן פולער, ווולגארישער, און א צופרידנקייט האָט גערוט אויף זיינע פּליי־צעס. איך האָב זיך געפילט אומבאַקוועם אין זיין געגנווארט. כ׳האָב ניט גע־קענט באגרייפן וויאזוי איך האָב גאָר געקענט זיך איבערגעבן צו אים — ער איז דאָך אזוי אפּשטויסנד. כ׳האָב אים געבעטן, אויב ער האָט וואָס צו זאגן, זאָל ער עס טאָן אזוי גיך און אזוי קורץ, ווי מיגלעך. כ׳דארף א סך רו. ער האָט אָנ־געהייבן ריידן וועגן דער חתונה. כ׳האָב אים געזאגט: איך פאָר אוועק. אזוי איז מיין באשלוס. מיר זיינען ניט קיין פּאסיקע פּאָר. כ׳וויל אויך ניט זיין זיין צווייַ־טע ווייב און ניט קיין שטיפמאמע. אלץ, וואָס ער האָט מיר געגעבן אין זאכן קאן ער נעמען צוריק. כ׳פאָדער קיין זאך ניט פון אים. די וועלט איז גענוג גרויס. כ׳וועל מסתמא געפינען א קליין שטיקל אָרט אויך פאר מיר — אן אָפּרו־אָרט.

ער האָט מיך אָנגעקוקט פארוואונדערט. דערנאָך האָט ער גערעדט וועגן זיך גופא. ער האָט זיך מודה געווען: דאָס ברוינע קינד איז זיינס. צי דארף ער דערפאר ווערן ארויסגעשטויסן פון דער געזעלשאפט? ער איז דאָך ניט מער ווי א שטויבעלע אין דער געזעלשאפט, וואס איז אויך אזוי מאָראליש, אָדער אוממאָראליש, ווי ער. דאָס לעבן אין דער קליינער שטעטל איז אפשר אידע־אַלער, אָבער אנדערשווו ניט. דאָס לעבן בכלל איז א געמיש פון א סך קליינ־לעכקייטן און נידערטרעכטיקייטן און זייער ווייניק גוטס און שיינקייט אין אים. מענער און פרויען גייען ארום פארמאסקירט. טרעפט, עמעצענס א מאסקע פאַלט אראָפּ און עס באווייזט זיך דאָס אמתע פּנים. מענער זיינען ערלעך צו זיך אליין — שמייכלען זיי, דערזעענדיק דעם נאקעטן פּרצוף; פרויען חלשן און ציען אָן די מאסקע שטייפער.

כ׳האָב אים געדולדיק אויסגעהערט. אפשר איז דאס אלץ אמת, אָבער איך

קאָן אזוי ניט לעבן. כ׳וואָלט זיך אנגעשטרענגט איינצושטעלן א רואיק לעבן, שפּעטער וואָלט איך אפשר אויך אים ליב באקומען. אָבער איצט איז עס אומ־מיגלעך — אוממיגלעך!

ער האָט זיך אויפגעהייבן. שוין שטייענדיק ביים טיר האָט ער געוואָלט וויסן, וואָס ס׳וועט זיין מיטן קינד, ווען ס׳וועט געבאָרן ווערן. כ׳האָב אים אי־בערגעגעבן, וואָס דער דאָקטער האָט געזאָגט. ער האָט מיך אָנגעקוקט א היפּשע ווייל. כ׳האָב באהאַלטן מיין פּנים אין קישן ער זאָל ניט זען מיינע טרערן. דער־נאָך האָב איך געהערט א שטילן „גוד־באַי", און ער איז ארויס.

א לאנגע צייט בין איך געלעגן טעמפּ, אָן מחשבות. אין קאָפּ האָט גערוישט און דאס הארץ האָט שטאַרק געקלאַפּט. עמעצער האָט נעבן מיר א שעפּטשע געטאָן: „איצט איז אלץ געענדיקט!" איך האָב זיך אויפגעזעצט מיט אימפּעט. אָונטיקע שאָטנס האָבן אָנגעפילט דעם צימער און א ווינטל האָט געוויגט די גארדינען. איך בין געזעסן און געקוקט אין דער שטייגנדיקער פינצטערניש. די ווענט פון מיין חדר זיינען ווי פארשוואונדן און פאר מיר האָט זיך געשפּרייט אָן ענדלאָזער חושך. אָן איינזאמער מענטש, זע איך, דרייט זיך דאָרטן ארום, זוכט אן אויסוועג. דאָס בין איך דאָך אליין. דער גורל האָט זיך אָנגעזעטיקט מיט מיר און מיך איבערגעלאָזט בלאָנדזשענדיק אין דעם חושך. וואָלט איך כאָטש דעם וועג צו מיין היים געפינען, איך בין מיד. דארטן, אין דעם קליינעם שטיבעלע, וואָלט איך רוען. כ׳וואָלט אָנשפּארן מיין מידן קאָפּ אויף דער מאַ־מעס פּלייצע און ארויסוויינען די שווערקייט פון הארצן. כ׳וואָלט איר זאגן: מאַ־מע, דיין טאָכטער טראגט א מאסקע. דאָס לעבן אין דער קליינער שטעטל איז א זויבערער, אידעאַלער — כ׳בין געקומען לעבן דאָס אידעאַלע לעבן מיט א מאָסקע אויפן פּנ׳ם. יאָ, פארמאסקירטע, איך און ער. פארוואָס האָב איך אים פארטריבן? ביידע וואָלטן מיר די זעלבע מאָסקע געטראָגן. דער גאנג פון די יאָרן וואָלט דעם גלאנץ דערפון אפּגעריבן. אָט וועל איך גיין צו אים און זאגן: איך האָב געשפּאסט! קום, גיב מיר דיין האַנט, לאָמיר אריין אין דער געזעל־שאַפט!...

די באַלעבאָסטע איז אריינגעקומען און אנגעצונדן פייער. איך בין נאָך אַלץ געזעסן אין א פארחלומטן צושטאַנד. אין די שלייפן האָט עס געקלאַפּט, ווי מיט האמערס, און אינגאנצן בין איך געווען הייס, ווי ארומגערינגלט פון פלאַ־מען. די באַלעבאָסטע האָט א טאָפּ געטאָן מיין שטערן און מיך באפוילן זיך לייגן. אויך די טאָכטער אירע, די כלה, איז אריינגעקומען. זי האָט גערופן א דאקטער. דער דאקטער האט מיך געהייסן ליגן רואיק עטלעכע טעג, ניט טראַכטן. די באַלעבאסטע האט זיך געמאכט א געלעגער ביי מיר אין צימער, מיר געגעבן טראָפּנס צו די נערוון און מיר געלייגט אייז צום קאָפּ.

---

ס׳איז געווען א רעגנדיקער אָוונט. כ׳האָב געענדיקט פארפּאקן מיינע זאכן און זיך צעזעגנט מיט די הויז־מענטשן. מיט טרערן אין די אויגן האָב איך זיי באדאנקט פאר אַלץ, וואס זיי האָבן געטאָן פאר מיר. די אלטע האָט מיר איבער־

געגעבן א סומע געלט· זיי לייען עס מיר אויס, האָט זי געזאגט, כ׳וועל עס זיי צוריקצאָלן. א צ״יט שפּעטער האָב איך אויסגעפונען, אז דאָס איז געווען זיין געלט, אז ער האָט באַצאָלט פאר אלצדינג. אָבער בעת מעשה האָב איך גע־גלויבט, אז ויי לייען דאָס מיר. ווען וועל איך עס זיי צוריקצאָלן?

ביים וואקזאל זיינען נאָר געווען א פּאָר פון מיינע באקענטע. זיי האָבן מיר מיטגעגעבן אדרעסן צו זייערע פריינד אין יאָהאַנעסבורג.

ווען דער צוג האָט זיך גערירט פון אָרט, האָב איך אים באמערקט שטייענ־דיק אָן א זייט. באלד איז אלצדינג פארשוווּנדן. די שטאָט האָט זיך אפּגערוקט אלץ ווייטער און ווייטער און דער רעגן האָט געקלאפּט שטארקער אין די וואַ־גאָן־פענצטער.

1923

# אַריבער ימען

.1

שרה לאה, די קצבטע — אזוי האָט מען זי גערופן אין שטעטל — א נידע־ריקע, אין די פופציקער, מיט שוואכע אויגן און מיט א שייטל — האָט געענ־דיקט אויפראמען איר צימערל, ווו זי האָט געוווינט אין שכנות, האָט באשאָטן די ערד־פּאָדלאָגע מיט געלן זאמד, שווער אפּגעזיפצט און האָט זיך אָנגעהייבן איבערטאָן לכבוד יום טוב. דאָס האָט איר ניט געדויערט לאנג: זי האָט אראפּ־געווארפן פון זיך די גראָע, פארלאטעטע קליידל מיט דעם וואטאָווען יאַקל און זיי פארביטן אויף א שווארצע, פון עלטער שוין גרינלעכע קלייד, און א יאַקל פון דער זעלבער פאַרב — עדות פון בעסערע צייטן. נאָכדעם האָט זי גע־בענטשט ליכט, א ביסל געוויינט, און איז אוועק דאווגען.

קומענדיק צוריק, האָבן די באלעבאטים פון הויז, ווו זי האָט געהאט איר דירה, זי איינגעלאדן צום סדר־טיש. איז זי געזעסן, געהערט און ניט געהערט די הגדה. אירע געדאנקען זיינען געווען מיט איר מאן, מיט ברוך משהן. וואָס איז אין דער ווייטער אפריקע.

„מיט וואָס איז די דאָזיקע נאכט פון פסח אנדערש, ווי אלע נעכט פון א גאנץ יאָר?" הערט זי ווי דער עלטערער יינגל פון הויז פרעגט ביים פאָטער די קשיות. פאר איר, פאר שרה לאהן, איז עס אנדערש. אמת, דאָס פארגאנגענע יאָר, אלע נעכט פונעם פריערדיקן יאָר, זיינען געווען פאר איר אלע גלייך: איינזאמע, לאנגע און שלאָפלאָזע. אָבער ס'איז צייט ווען א געווען די דאָזיקע פסח־נאכט איז פאר איר געווען אן אנדערע: דאן איז ברוך משה געווען אהיים, געארבעט און פארדינט אויף חיונה, איז געזעסן מיט איר צוזאמען ביים סדר־טיש און אויך אירע קינדער — צוויי יינגלעך און דריי מיידלעך — זיינען אויך געווען אין דער היים...

„...דער תירוץ איז: קנעכט זיינען מיר געווען ביי פרעהן..."

אייגנטלעך זיינען אירע קינדער געווען ווייניק אין דער היים. די יינגלעך, תיכף נאָך בר-מצוה, זיינען אוועק ארבעטן אין דער פרעמד. „ביי פרעמדע", האָט ברוך משה געזאגט, „וועלן זיי זיך עפּעס אויסלערנען". די מיידלעך — איינע א שניידערקע, די צווייטע — א פוצנמאכעריך, די דריטע אין א זאקן־פאבריק — האָבן אויך געלעבט מער אין דער פרעמד. צוויי מאָל א יאָר — אויף פסח און אויף ראש־השנה — פלעגן זיי קומען אהיים, ווי פייגל צו זייערע נעסטן. ווי היימיש פלעגט דאן זיין, ווי יום־טובדיק: שפּעטער זיינען אָנגעקו־מען שלעכטע צייטן. איין זון האָט מען פארשיקט ווער ווייסט וווהין. ביז היינ־

טיקן טאָג האָט זי מער ניט געהערט פון אים. דעם צווייטן איז געלונגען צו אנטלויפן קיין אמעריקע. האָט זי געוואָלט כאָטש ראטעווען די מיידלעך. זי האָט זיך געבעטן ביי זיי זיי זאלן קומען אהיים. זיי האָבן ניט געפאָלגט. אין זייערע בריוו האָבן זיי גערעדט מאָדנע דיבורים, ווערטער, וואס אפילו ברוך משה האָט ניט פארשטאנען. האָט זי זיי אויך פארלאָרן. איינע איז אפגעזעסן א יאָר אין טורמע, איז נאָכדעם קראנק געווארן און געשטאָרבן. די צווייטע איז אוועק קיין אויסלאנד מיט ניט קיין שיינעם נאָמען, און די יינגסטע האָט חתונה גע-האט מיט א גוי.

פון בזיון און הארצווייטאָג איז ברוך משה אוועק קיין אפריקע. פאראיאָרן פסח איז ער נאָך געווען מיט איר צוזאמען. איצט איז זי אליין, עלנט.

„פארוואָס קומט עס מיר? פארוואָס לעב איך נאָך?" וויינט איר הארץ.

„...דם, צפרדע, כנים..."

.2

אין א קליין צימערל, ערגעץ אין א יאָהאנעסבורגער כאָרשטאָט, האָט ברוך משה געפראוועט דעם סדר אליין. זיין טיש — אן איבערגעקערטער קאסטן, דער טישטעך — א יידישע צייטונג. די הגדה איז געלעגן אָפן. ער האָט געקוקט אויף די דריי מצות, וואָס זיינען געלעגן אויף א בלעכענעם טעלער, פארדעקט מיט א טאשנטיכל, און אויף דער פלאש ראָזינקע וויין, און געזען — זיין היים, שרה לאהן.

„ניט באדארפט פאָרן". שרה לאה האָט זיך געבעטן ביי אים: „דו ביסט שוין אלט — ווו וועסטו פארוואָגלט ווערן אויף דער עלטער? וויסט גאָט צו דו וועסט זיך דערשלעפן אהינצו". אָבער ער איז געפארן און דערפאָרן. ער האָט באקומען ארבעט אין א יאַטקע. די „יאזדע" האָט אים קיין גוטס ניט געבראכט. ער האָט שוין ניט די היימישע כחות צו ארבעטן — ער איז שוין אלט. שרה לאה איז געווען גערעכט — אלט. באדארפט בלייבן זיצן אין דער היים. זיצן אין דער היים? האָט מען דען געלאָזן זיצן? איין טאָג א ידיעה — דיין זון פאר־שלעפט אויף קאַטאָרגע, נאָך א טאָג: דיין זון אנטלאָפן קיין אמעריקע. נאָכדעם — א טאָכטער געשטאָרבן, א טאָכטער חתונה געהאט מיט א גוי, א טאָכטער — אנטלאָפן מיט חרפה קיין אויסלאנד...

„בין איך דען איוב?!" שרייט ער אויס אויפן קול. ער דערשרעקט זיך פאר זיין אייגענער שטים און נעמט זיך צו דער הגדה. ער זאגט עטלעכע שו־רות און פארטראכט זיך ווידער.

„ניט באדארפט פארקויפן דאָס הייזל", פארדריסט אים. „שרה לאה וואָלט כאָטש געהאט אַן אייגן ווינקל, וואָלט זי זיך ניט געפילט אזוי עלנט. איצט ליגט זי ערגעץ אין שכנות ביי פרעמדע. ניט געדארפט פארקויפן... ווו אָבער וואָלט ער גענומען געלט אויף הוצאות, און קבורה־געלט פאר דער טויטער טאָכטער — ווו וואָלט ער געקראגן דאָס געלט?"

„עבדים היינו לפרעה", צעשאָקלט ער זיך און מיט די דאָזיקע ווערטער שלינגט ער אויך אראָפּ א פאָר פלוצלונג באוויזענע טרערן...

1912

# דער מלמד

עטלעכע און צוואנציק יאר איז ער א מלמד געווען, האָט דריי טענטער חתונה געמאַכט און האָט געהאָפט צו ענדיקן זיינע יאָרן מיט דער טייטל אין האַנט. אָבער נייע פייגל זיינען געקומען און נייע לידער אָנגעהויבן זינגען — נייע, מאָדערנע חדרים, מיט נייע, מאָדערנע מלמדים. האָט זיין חדר אָנגעהייבן ווערן שיטערער, פאַרלאָזענער. א זמן — און עטלעכע קינדער וויניקער, עט־לעכע רובל וויניקער. און מיט יעדן יינגל, וואס איז אוועק פון זיין חדר זיינען האָר אין זיין קאָפּ און באָרד גראָער געווארן און נייע קנייטשן זיינען אויף זיין שטערן צוגעקומען. ווען ער האָט מער שוין ניט געקענט צוזאמענשטעלן א חדר, איז ער שוין געווען גראָ אינגאנצן, זיין שטערן פול מיט קנייטשן, און אין הויז איז נאָך ארומגעגאנגען א ניט חתונה געהאטע טאָכטער.

איז ער נעכט ניט געשלאָפן: „וואָס טוט מען?" איז ער ארומגעגאנגען, ווי א שאָטן: „ווי לעבט מען?" וואָלט ער כאָטש געהאָט נדן פאר זיין מיידל! האָט ער באשלאָסן פאָרן קיין אפריקע: נדן פאר דער יינגסטער טאָכטער.

דאָ, אין אפריקע, האָט ער קיין פריינט ניט געהאט, קיין באקענטע ניט געפונען. ווי אָנהייבן פאַרדינען? לויט דער עצה פון א צופעליקן באקענטן האָט ער זיך באזאָרגט מיט א קעסטעלע, האָט עס אָנגעפילט מיט ליכט, פּאַפּיראָסן און שוועבעלעך, האָט אָנגענאָגלט א לעדערנעם רימען פוןביידע זייטן קעסטל, האָט עס אריבערגענומען איבערן קאָפּ, אויף די פּלייצעס, און, דאָס קעסטעלע צום הארצן, איז ער אזוי ארויס פאַרדינען.

די ערשטע זונשטראלן פלעגן אים שוין טרעפן אין גאס און די שפּעטע אָונט שטערן האָבן אים באגלייט אהיים, אין א קליין צימערל אין א הויף אין א יאָהאַנעסבורגער פאַרשטאָט. א שטילער, א שוויַיגנדיקער פלעגט ער ארומ־גיין איבער די גאסן, אריינקומען אין אָפּיסעס און רעסטאָראנען, און אָנבאָטן זיין סחורה. געלייזט — פלעגט ער שטיל א דאנק זאָגן, א ברכה אפּשעפּטשען, און ארויסגיין. ניט געלייזט — פלעגט ער ווי א שאָטן זיך ארויסשארן, א פאַר־שעמטער זיך ארויסכאַפּן און גיין ווייטער, ווייטער...

ער האָט זעלטן גערעדט מיט עמעצן. האָט קיינער ניט געוווּסט, וואָס אין זיין אַלטן האַרץ קומט פאָר, וואָס זיין פאַרטומאַנעטער בליק באדייט און וואס זיין שווייגן דערציילט. געוווּסט האָבן נאָר די שווארצע ווענט פון זיין צימערל און דאָס קישעלע אונטער זיין קאָפּ...

אין די אָוונטן, קומענדיק פון גאס, א פארברענטער פון היץ אָדער א פארפראָרענער פון קעלט, פלעגט ער ערשט באטאַפּן די פּאסן, וואָס דער לע־דערנער רימען האָט אָנגעדריקט אויף זיינע פלייצעס און נאכדעם זיך זעצן עסן: ברויט מיט טיי, א שטיקל וורשט מיט א זויערע אוגערקע, א קאָלט שטיקל פלייש, אָדער פיש. זייענדיק פארטיק מיטן עסן, פלעגט ער זיך נעמען צו ציילן די לייזונג פון טאָג. איז א גוטער טאָג געווען פלעגט א פריילעך פייערל זיך אָנצינדן אין זיינע מאטע אויגן און די בלאסע ליפּן האָבן א מורמל געטאָן: „נאָך א פּאָר רובל צושטייער אויף נדן!” א שלעכטער טאָג — האָבן זיינע ביי־נערדיקע הענט זיך געטרייסלט, די מידע אויגן זיך געשלאָסן און א זיפץ פלעגט זיך ארויסרייסן פון דער טיפעניש פון זיין הארצן: „אָ, גאָט, ווען וועט נעמען א סוף?!”

פארן גיין שלאָפן פלעגט ער נעמען אנפילן דאָס קעסטל מיט פרישע סחו־רה און איבערלייגן די אלטע. לאנגזאם און פארזיכטיק האָט ער אויסגעפּאקט די ליכט, די פּאפּיראָסן און די שוועבעלעך, זיי געגעבן ערטער, אזוי ווי ער האָט אויסגעזעצט אמאָל די קליינע קינדערלעך אויף די בענק, אין זיין חדר... און ליב האָט ער זיין סחורה געהאט, ווי די קינדערלעך אין חדר. צו זיי, צו די ליכט, די פּאפּיראָסן און שוועבעלעך, האָט ער גערעדט — זיינע איינציקע פריינד אין זיין איינזאמען לעבן. פאר זיי האָט ער געעפנט זיין הארץ, אנטפּלעקט זיין נשמה; ער האָט זיי דערציילט פון זיין אמאָליקן לעבן, זיין גדולה, ווי מען האָט אים געאכט און געשעצט, און זיך געקלאָגט פאר זיי אויף זיין איצטיקער ירידה.

צוויי יאָר האָט ער אין גאס געלעבט און דאָס קעסטעלע געטראָגן אויף די פלייצעס. אָבער ער האָט געפילט, אז דער עלטער רוקט זיך אָן שנעלער, ווי ער האָט עס דערוואַרט, די כוחות ווערן שוואכער. ער האָט זיך געשראָקן: „דער־נענטערט זיך דער סוף?!”

האָט ער גאָט געבעטן: „כאָטש נאָך א יאָר!” האָט דאָס קישעלע אונטער זיין קאָפּ אויסגעהערט ביינאכט זיין געוויין: „כאָטש נאָך א יאָר!” דאן וועט ער שוין האָבן געננוג אי פאר נדן, אי הוצאות צו פאָרן אהיים, שטארבן צווישן אייגענע.

.. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. ..

אין איינעם א ווינטער פרימאָרגן האָבן די צייטונגען געמאָלדן: „אויף א ווינקל פון א זייטיקער גאס האָט מען געפונען א טויטן יידן. אויף די פלייצעס איז ביי אים געווען א קעסטעלע מיט פּאפּיראָסן, ליכט און שוועבעלעך. ס'איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אז ער איז געשטאָרבן פון א פלוצלונגען הארץ־אָנגריף...

1911

# אַ מאַמעס נקמה

מיט אַ פּאָר טעג פריער האָט ער פאַלאָזרט דעם האָספּיטאָל. איצט איז חיים דער שוסטער געזעסן און געזאגט די הגדה מיט גרויסן חשק, וועלנדיק דערמיט אָפּדאַנקען דעם רבונו של עולם פאַר דעם חסד, וואָס ער האָט געטאָן מיט אים — ער האָט אים געלאָזט לעבן.

מינע, זיין ווייב איז געזעסן אים קעגנאיבער. זי האָט אריינגעקוקט אין דער הגדה, אָבער האָט ווייניק געזאָגט. זי האָט אָפט געוואָרפן אַ בליק אויף איר מאַן און געטראַכט: „ווען ער ווייסט, אַז דער גאַנצער פּסח איז אריינגע־שיקט — מעות חטים — וואָס וואָלט ער זאָגן? זי געדענקט זיין ווערטל: „ווי לאַנג חיים דער שוסטער וועט לעבן וועט ער ניט נעמען קיין נדבה און ניט געבן קיין צדקה!..״ צדקה האָט ער דווקא געגעבן — לויט זיינע מעגלעכקייטן. אָבער נעמען אַ נדבה, אָנקומען צו פרעמדע... אָבער וואָס האָט זי געקענט טאָן? גאַנצע פיר חדשים איז ער געלעגן אין האָספּיטאָל. דאָס ביסל געלט, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט, האָט מען גיך אויפגעגעסן — אַלצדינג איז אַזוי טייער. ס׳האָט ניט געדויערט לאַנג און זי איז געווען געצוווּנגען צו פאַרמשכונען הויז־זאַכן. אָבער אויך דאָס האָט ניט געסטייעט: זי האָט דאָך ניט געקענט פאַרזעצן דאָס לעצטע העמד און קישן. נאָך גוט, וואָס דער באַלעבאָס פון דער דירה האָט ניט געדריקט: „נישקשה״, האָט ער געזאָגט, „חיים וועט געזונט ווערן יועט ער אפּצאָלן; חיים איז אַן אָרענטלעכער מענטש און אַן ערלעכער״.

אָנהייב דעם דריטן חודש האָט שוין געפעלט ברויט אין הויז. קעגן איר ווילן האָט זי זיך אראָפּגערעדט פון האַרצן פאַר אַ פּאָר באַקאַנטע פרויען. האָט מען נאָכדעם שוין אריינגעשיקט פון ערגעץ ברויט, מילך און שאר ירקות. ביילקע, איר טאָכטער, אַ פופצן יאָריקע קאָקעטקע, וואָס האָט זיך געלערנט סטענאָגראַפיע און שרייב־מאַשין אַרבעט, האָט קיין פּראַגעס ניט געשטעלט: זי האָט געוויס געדענקט, אַז דאָס קויפט איר מאַמע פאַרן געלט, וואָס דער פאָטער האָט געלאָזן. זי האָט ניט געהאַט קיין אַנונג און האָט זיך ניט געקי־מערט, ווי גרויס ס׳איז געווען די דאָזיקע סומע. נאָר מיט אַ וואָך פריער איז זי מיטאַמאָל געוואָרן פאַראינטערעסירט: „דיר איז נאָך געבליבן אַ סך פון דעם טאַטנס געלט?״ האָט זי געוואָלט וויסן. זי האָט געזען אַ שיין היטעלע אין אַ שויפּענצטער — זי וואָלט דאָס וועלן קויפן.

„פון דעם טאַטנס געלט איז שוין ניטאָ״, האָט זי איר געזאָגט. „אָבער

כ'האָב באקומען א הלוואה. דאָס היטעלע וועט שוין מוזןווארטן". די מיידל איז קענטיק געווען אומצופרידן, אָבער האָט געשוויגן. מיט א טאָג פריער איידער חיים האָט פארלאָזן דעם האָספּיטאָל, איז ביילקע ארײַנגעלאָפן צו איר אין קיך, שטארק אויפגערעגט.

„מאַמעו" האָט זי געשריען, „שוין, די מינוט, זאלסטו אלצדינג צוריק־שיקן! דו הערסט — אלצדינג! די מצה, די פלייש, די וויין — אלצדינג! ס'איז ארײַנגעשיקטע, נדבה, קצבה־ברויט!"

פונוואנען ביילקע האָט זיך דאָס דערוווסט ווייסט זי ניט, אָבער ביילקע, ווי חיים, פארמאָגט א שטאָלצע נאטור.

„ווען איך וואלט געהאט מיט וואָס צו קויפן", האָט זי געזאָגט ביילקען, „וואָלט איך דען אָנגעקומען צו פרעמדע?"

„געלט צו קויפן ברויט און פלייש האָסטו געהאט אָבער פאר מצה ניט — עסט מען ברויט! דו הערסט — עסט מען ברויט!" האָט ביילקע געשריען.

זי האָט ניט געהאט קיין הארץ איר צו זאָגן, אז ס'איז שוין צוויי חדשים זינט זיי עסן קצבה־ברויט. זי האָט געוויינט און געבעטן דער טאָכטער זי זאל עס האלטן פארהוילן פון פאָטער: דער פארדראָס וועט אים שיקן אין האָס־פּיטאָל.

דעם גאנצן ערב פסח האָט זי געלעבט אין שרעק טאָמער דערוויסט זיך חיים וועלן זיי האָבן א פארשטערטן יום טוב. איצט, זיצנדיק ביים טיש, האָט זי באמערקט, אז ביילקע איז ניטאָ. אויך חיים האָט עס באמערקט.

„ווו איז ביילקע?" האָט ער זיך ארומגעקוקט.

„ס'טוט איר וויי דער קאָפּ", האָט זי האסטיק באשאפן א תירוץ. „כ'וועל גיין א קוק טאָן".

ביילקע איז געזעסן אויף איר בעט און געלייענט א ביכל.

„פארוואָס גייסטו ניט צום טיש?"

„איך וויל ניט" האָט ביילקע קורץ אפּגעהאקט.

„איך בעט דיר, קום אריין. דער טאטע וואַרט אויף דיר — ער ווארט צו מאכן קידוש".

„איך וויל ניט עסן קיין קצבה־ברויט!"

„עס ניט — אָבער קום אריין. פארשטער ניט דעם יום טוב. ס'איז אונדז אזוי אויך געגנוג פינצטער און ביטער. פיר חדשים איז ער געלעגן אין האָס-פּיטאָל. גאָט צו דאנקען, אז ער איז געזונט געווארן. דארפן מיר זיך דאָך פרייען, אים אויפמונטערן, צום סוף פארשאפסטו אים פארדרוס. איך בעט דיר מיין קינד, קום און זעץ דיך ביים טיש".

ביילקע האָט זיך געלאָזט איבעררײַדן.

„וואָס באהאלסטו זיך עפּעס?" האָט חיים געזאָגט, און געקוקט אריבער די ברילן.

„איך באהאלט זיך ניט", האָט ביילקע געענטפערט ברוגזלעך.

„וואָס עפּעס ביסטו ברוגז?"

„איך בין ניט ברוגז".

„ס׳טוט איר ווי דער קאָפּ“, האָט די מוטער זיך געקלאַמערט אָן דעם אויסגעטראַכטן תּירוץ, האָפנדיק, אַז ביילקע וועט זיך אָנכאַפּן אָן דעם אויס־רייד און אויסמיידן ווייטערדיקע דיבורים.

„ס׳טוט מיר ניט ווי דער קאָפּ, און קיין זאַך ניט“, האָט ביילקע געשריען אויפגערעגט. דו ווילסט מיך איינריידן, ווי דו האָסט מיך איינגערעדט, אַז דו האָסט ניט געהאַט קיין געלט צו קויפן מצות“.

מינע איז געזעסן בלאַס, צעטרייסלט: „אָט קומט דאָס אומגליקו“ זי האָט זיך אויפגעהויבן, גענומען איר טאָכטערס האַנט און איר געצויגן צום טיר: „ס׳טוט דיר ווי דער קאָפּ, דו רעדסט פון היץ... גיי לייג זיך...“ און אין דער שטיל: „מאַך אונדז ניט אומגליקלעך! האָב רחמנות אויף דיין טאַטן!“

ביילקע האָט זיך אַרויסגעריסן פון איר מוטערס האַנט און געשריען: „איך בין ניט קראַנק — אָבער עסן וועל איך אויך ניט. פאָטער“, האָט זי זיך געווענדט צו חיימען, וועלכער איז געזעסן מיט ברייט צעעפנטע מויל און אויגן — „דער גאַנצער פּסח — די מצות, די וויין — אַלצדינג האָט אַ צדקה־חברה אַרייַנגע־שיקט!“

שטיל. חיימס בלאַסער פּנים איז געוואָרן געל און זיינע הענט האָבן זיך געטרייסלט. זיין ווייב איז געשטאַנען ווי געליימט.

„מינע“, האָט חיים געהישעט אָן אָטעם — „איז עס אמת?“ מינע האָט ניט געענטפערט. זי האָט זיך צעוויינט אויפן קול. חיים האָט זיך משער געווען, אַז עס איז אמת. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן אָבער ער האָט זיך שטאַרק פונאַנדערגעהוסט. זיין ווייב האָט אויפגעהערט וויינען, איז צוגעקומען און צו־רעכט געמאַכט די קישנס אַרום אים.

„איך האָב עס ניט געטאָן פון ווילטאָג“, האָט זי געכליפּעט, ווי אַ קינד. „האָב איך דען געהאַט געלט?“

„אויף ברויט און אויף פלייש האָסטו געהאַט געלט, אָבער אויף מצה ניט“, האָט ביילקע אַריינגעוואָרפן.

מינעס פּנים איז געוואָרן ווייס, ווי קאַלך, אירע אויגן האָבן זיך אָנגעפילט מיט פּיין און שרעק, ווי ביי אַ פאַרפאָלגטע חיה. זי איז צוגעלאָפן צו איר טאָכ־טער, זי געטרייסלט און געשריען: און די ברויט, און די פלייש, די מילך און די בולבעס ווו האָט איך גענומען, האַ? קצבה! אומזיסטע! אַריינגעשיקטע! דו הערסט — נדבה! גוט! דיך אָנגעקאָרמעט מיט קצבה־ברויט! כאַ, כאַ, כאַו“ האָט זי פּלוצים זיך צעלאַכט. „איך קוועל! איך האָב הנאה! איך נעם נקמה! דיך אָנ־געקאָרמעט מיט קצבה... כאַ, כאַ, כאַו“ איז זי זיך פאַרגאַנגען אין אַ היסטערישן געלעכטער.

1911

# מיין זונס געשעפטן

.1

כ׳ווייס ניט פאַרוואָס: איינציקע מענטשן זיינען געבענטשט מיט אַלצדינג: מיט עשירות, שיינע הייזער, מיט געראָטענע קינדער, און אַנדערע — האָבן קיין זאַך ניט. טאָמער האָבן זיי אַ פּאָר קינדער, זיינען זיי שלימזלניקעס, קאָנען אַ קאָץ דעם עק ניט פאַרבינדן, איר האָט פון זיי כסדר פאַרדרוס און האַרצווייטאָג, קאָסטן אייך אַפּ אַ מטמון מיט געלט — און גאַרנישט. איך זאָג עס אַנטקעגן מיין יינגסטן זון, שמחה פישל, וואָס איך האָב אַראָפּגעבראַכט אַהער פאַר דער מלחמה. פאַרוואָס דווקא דעם יינגסטן? מחמת ער איז אַ געלערנטער, אַ שוואַכער און קאָן ניט קיין מלאכה — וואָס קאָן אַזאַ אײנער טאָן דאָרטן אין רוסלאַנד? זיין אַ יון ביי דעם צאַר? איז, ערשטנס, האָט ער ניט קיין כח צו זיין אַ סאָלדאַט. צווייטנס איז געווען, אַז זיינע צוויי עלטערע ברידער זיינען געוועזן סאָלדאַטן און היינט שלאָגן זיי זיך מיט דעם דייטש. ווען זיי וואָלטן מיך געפאָלגט, וואָלטן זיי דאָס אויסגעמיטן. איך האָב זיך געבעטן ביי זיי: „קינדערלעך, קומט אַהערצו מיט אייערע גאָלדענע הענט — אײנער איז אַ סטאָלער דער צווייטער אַ שלאָסער — וועט איר דאָ אָנזאַמלען אוצרות". אָבער זיי האָבן ניט געפאָלגט. „זיי ווילן ניט פאַרלאָזן די אַלטע היים", האָבן זיי געשריבן. זיי פאַרדינען גוט און קלייבן זיך חתונה צו האָבן. נו, זיי האָבן חתונה געהאַט און — שלאָגן זיך מיט דעם דייטש.

נאָר גאַרנישט. אַז ס׳איז ניט באַשערט, העלפן ניט קיין רייד און קיין טענות. אָבער מיין יינגסטער, שמחה פישל, הייסט עס, האָט מיר געפאָלגט: מיט זיין שאַרפן קאָפּ און גרינגגן פעדער — האָב איך געטראַכט — און מיט גאָטס הילף, וועט ער דאָ „מאַכן אַ לעבן". כ׳וועל אייך זאָגן דעם אמת: ווען איך האָב אים דערזען האָב איך זיך דערשראָקן: הויט און ביינער! נאָר ס׳איז דאָך ניט שייך: ער איז דאָך מיינס אַ קינד, און ס׳האָט מיך געפרייט אים צו זען. נו, האָב איך אים באַנייט און באַקליידט און אים געהייסן זיצן און זיך רוען. „נעם אָן אויף זיך", האָב איך אים געזאָגט, „אַ ביסל פלייש". אָבער ס׳איז ניט פאַרביי קיין חודש רופט ער זיך אָן: „טאַטע, וואָס וועט זיין?"

„וואָס", זאָג איך, „ווילסטו עס זאָל זיין?"

„וואָס וועט זיין", זאָגט ער, „מיט מיר?" איז עס דען אַ תכלית פאַר מיר צו זיצן ביי דיר אויף קעסט?"

„וועגן עסן“, זאג איך, „דארפסטו זיך ניט זארגן. א „טרייער“ מיט ברויט און פלייש פעלט ניט קיין עסן. און וועגן א תכלית“, זאָג איך, „איז אזוי: ווען ס׳וועט דיר זיך מאכן ארבעט, וועסטו ארבעטן און פארדינען. וואס נאָך“, זאג איך, „ווילסטו?“

„דאָס איז אלץ, וואס איך וויל“, זאָגט ער. „וואָס פאר אַן ארבעט קאן איך, למשל, קריגן?“

„איך וויים, מיינסטו, וואס פאר אן ארבעט?“ זאג איך. „אָבער איך רעכן, אז א שטעלע אין א שאָפּ וואלט פאר דיר זיין גוט: די ארבעט אין א שאָפּ איז ניט איבעריק שווער. אגב“, זאג איך, „וואלסטו זיך אויסלערנען פירן א געשעפט“.

„טאַטע“, זאגט ער, „דו ווייסט, אז איך קען לשון קודש?“

„כ׳ווייס ניט“, זאג איך. „אָבער לויט דער צייט, וואס דו האָסט געלערנט און דאס געלט, וואס עס האָט געקאָסט, דארפסטו יאָ קאנען. אָבער וואס געהער זיך עס אָן“, זאג איך, „מיט א שאָפּ?“

„קיין זאך ניט“, זאגט ער. „איך וויל דערמיט נאָר זאגן, אז מיך ציט מער צו לערעריי, ווי צו שאָפּן“.

„אדרבא“, זאג איך, „אויב דו רעכנסט, אז דו קענסט זיין א לערער — אדרבא ואדרבא. א לערער“, זאג איך, „איז אן איידעלע מלאכה און מען איז שטענדיק צווישן מענטשן. ס׳אָבער א חסרון“, זאָג איך, „דו קענסט ניט קיין ענגליש. היגע קינדער קענען ניט קיין יידיש, ווי“, זאג איך, „וועסטו זיך צוזאמענריידן מיט זיי?“

„דאָס“, זאגט ער, „איז א קלייניקייט. אין א חודש צייט בין איך פארטיק מיט ענגליש“.

מילא, וואָס זאָל איך אייך דאָ לאנג ברייען: סוף חודש גיט ער מיר צו וויסן, אז ער איז שוין פארטיק מיט ענגליש און איז גרייט אָנצונעמען א שטעלע אלס לערער. „טאַמער“, זאגט ער, „וועל איך צו־קורץ קומען אין א פאָר ווערטער איז דאָך פאראן א ווערטער־בוך“.

מיין שמחה קאָנט איר זיך גארניט פארשטעלן, סיידן איר אליין זיינט א טאַטע פון געראָטענע קינדער. ווארום אין מיין פאמיליע זיינען קיינמאָל ניט געווען קיין געלערנטע מענטשן. מיר זיינען אלע געווען ערלעכע האָרעפּאשנע מענטשן. איך האָב קיינמאָל ניט געחלומט צו האָבן א זון מיט אזא שארפן קאָפּ און גרינגן פעדער. און פארגעסט ניט, אז ער איז נאָך א קינד, אן עופהלע — צוואנציק יאָר אינגאנצן! און איר מיינט דאָך אוודאי, אז ער איז געזעסן טאָג און נאכט, ניט געגעסן און ניט געשלאָפן און כסדר געלערנט? הויבט זיך גאָרניט אָן! מער ווי א שעה־צוויי אין טאָג האָט ער ניט ארייינגעקוקט אינעם ביכל. די איבעריקע צייט פלעגט ער לייענען א צייטונג, צי א לשון קודש׳דיק ביכל, אָדער גיין ערגעץ, ווו ער פלעגט זיך צוזאמענקומען מיט איידעלע מענטשן, וואָס האָבן געהאלטן פון אים , האָט ער געזאגט, אן עולם ומלואו!

„מיין קינד“, זאג איך, „ס׳איז שיין און גוט. גאָט דארף נאָר צושיקן די שטעלע“.

„ס׳וועט זיך מאַכן“, זאָגט ער. „מיינע באַקענטע מיען זיך שוין פאַר מיר“.

איינמאָל א פרייטאָג בייטאָג קומט אַריין מיין זונס א באַקענטער און זאָגט:

„א נו, קרייציגער — אונדזער פאַמיליענאָמען — ווי געפעלט אייך די דאָזיקע שטעלע?“

„וועלכע שטעלע?“ פרעגט מיין זון.

„איר׳ט ניט געזען די מודעה אין דער צייטונג?“ פרעגט יענער.

„אין וועלכער צייטונג“, פרעגט מיין זון, „אין דער מאָרגנדיקער אָדער אין די אָוונטדיקע?“

„אין דער יידישער צייטונג“, זאָגט ער, און רוקט אים אונטער א יידישע וואָכנבלאַט.

„איך לייען ניט קיין זשאַרגאָנישע צייטונגען“, זאָגט מיין זון.

„די דאָזיקע מודעה“, זאָגט יענער, „מעגט איר לייענען, הגם ס׳איז אין יידיש“. און ער האָט געשמייכלט. מיין זון האָט איבערגעלייענט. דאָרטן איז געשטאַנען, אַז די און די „קאָנגרעגיישן“ זוכט א לערער פאַר העברעאיש: דאַרף קענען ענגליש, דאַרף האָבן פּאַפּירן. אנצופאַנגען — פופצן פונט א חודש.

„די שטעלע“, זאָג איך, „איז גוט, די שכירות, פאַר אן אנפאַנגער, איז אויך גוט. אָבער די פּאַפּירן — וווּ נעמט מען די פּאַפּירן?“

„טאַטע“, זאָגט שמחה פּישל, „זאָרג זיך ניט! כ׳וועל זיי אָנשרייבן א לשון קודש בריוו און זיי דערקלערן, אַז א מענטש, וואָס האָט געלערנט דאָ און דאָ, איז געווען דאָרטן און דאָרטן און די און די זיינען געווען זיינע רביים — אַזאַ איינער דאַרף ניט קיין פּאַפּירן“.

רופט זיך אָן זיין פריינט: „שרייבט זיי קורץ: איר זיינט מרוצה צו גיין אויף פּראָבע פאַר א חודש, אָדער צוויי. ווען ביידע צדדים וועלן זיך צונויפריידן, וועט ווערן שידוך“.

מיר איז דער פּלאַן שטאַרק געפעלן געוואָרן און שמחה פּישל, מיין זון, הייסט עס, האָט אויך מסכּים געווען. פונדעסטוועגן האָט ער זיך אויעקגעזעצט מוצאי שבת און אָנגעשריבן א גרויסן בריוו, אין לשון קודש, פאַרשטייט זיך. ער האָט אַרויפגעקלעפּט פיר מאַרקעס און האָט געוואַרט אויף אַן ענטפער. פאַרביי א וואָך — ניטאָ קיין ענטפער. שמחה פּישל איז געוואָרן אומרויק; אויך איך האָב געהאַט פאַרדרוס. „וואָס באַדייט עס?“ איז מיין זון אַרומגעגאַנגען צעערגערט: „אפשר האָב איך ניט געקלעפּט גענוג מאַרקעס?“ ס׳איז געווען א צער אנצוקוקן זיין פינצטערן פּנים. דעם צוועלפטן טאָג איז געקומען א תשובה — אין ענגליש. מיין זון האָט עס ניט געקאָנט לייענען, מחמת דער האַנטשריפט, האָט ער געזאָגט, איז געווען א פאַרצוקטע. מיין זונס נייער פריינד האָט עס איבערגעלייענט פאַר אונדז. זיי האָבן באַקומען, האָבן זיי געשריבן, זיין בריוו, אָבער ביי זיי אין שטעטל קאָן קיינער ניט לייענען קיין מאָדערנעם העברעיש, בכן בעטן זיי, ער זאָל זיין בריוו, וואָס זיי שיקן אים דאָ צוריק, איבערזעצן אין ענגליש; אפילו אין יידיש וועט אויך זיין רעכט.

„און וואָס זאָגן זיי וועגן דער שטעלע?“ וויל מיין זון וויסן.

„וואס קאָנען זיי זאגן“, זאגט יענער, „אז זיי הויבן ניט אָן וויסן וואס איר ווילט האָבן פון זיי“.

„וועט מען טאקע דארפן איבערזעצן דעם בריוו אין ענגליש“, זאגט מיין זון.

„כ׳מיין“, זאגט זיין באקאנטער, „איר זאלט גארניט שרייבן; איר פארט בעסער אריבער אליין — ס׳איז ניט ווייט — וועט איר וויסן ווו איר זייט אין דער וועלט“.

„גערעכט“, זאג איך, „ריכטיק, ווי גאלד. און וויסטו נאָך וואס“ זאג איך צו מיין זון, „איך וועל אויך מיטפארן: כ׳האָב דאָרטן א סך באקענטע און לאנדסלייט. א ווארט מיט דעם, מיט יענעם — וועט עס רעכט ווערן“.

געקומען דארטן, טרעף איך א פאָר פון מיינע באקענטע אין גאס, יום־טובדיק אָנגעטאָן: „וואס מאכט מען? ווי גייטס?“

„אָט אזוי“, זאג איך, „מען לעבט און מען מאטערט זיך. וווהין“, זאג איך, „גייט מען עס אזוי אויסגעיומטובט?“

„צו א מיטינג“, זאגן זיי, „באטראכטן אפליקאציעס פון לערערס“. שטעל איך פאָר פאר זיי מיין זון און זאג זיי, אז אויך ער איז א לערער. „ער האָט אויך געהאט ארייגעשיקט אן אפליקאַציע“, זאג איך, „אין העברעיש“.

„אָ!“ רופן אויס ביידע מיטאמאָל. „דאָס האָט ער געשיקט דעם גרויסן לשון־קודשדיקן בריוו!“

„ער און ניט קיין אנדערער“, זאָג איך. „ס׳איז אפשר געווען א ביסל צו לאנג און צו שווער“, זאג איך, „צו לייענען, אָבער ניט אלע זיינען פעיק אָנצושרייבן אזא בריוו“.

„ס׳איז געווען א קאפעטשקע צו לאנג“, זאגן זיי, „אָבער ניט צו שווער. וואָסי מיר זיינען דאָ אלע גראָבע יונגען?“

„חס ושלום!“ זאג איך, „נאָר מחמת איר האָט געשריבן...“

„שוין צייט“, שלאָגן זיי מיר איבער, „צו גיין צום מיטינג. קומט מיט אונדז“, זאגן זיי צו מיר, „וועלן מיר פארשטעלן אייער זון פאר די איבעריקע קאָמיטעט לייט און מירן זען, וואָס מען קען טאָן“.

בקיצור, מען האָט אָנגענומען מיין זון אויף צוויי מאָנאט־פּראָבע, און מיין זון איז מיט מזל געווארן א לערער אין דער מדינה.

.2

„גאָט צו דאנקען!“ האָב איך געזאגט ווען די צוויי פראבע־חדשים זיינען דורכגעגאנגען און מען האָט מיין זון פארהאלטן אויף ווייטער מיט א געהאלט פון צוואנציק פונט א חודש. „איצט“, האָב איך געטראכט, „וועט ער שוין בלייבן א לערער“. אָבער איך האָב געמאכט א טעות. וואָרום מען מיינט דאָך, אז טאַטע־מאמע קאָנען זייערע קינדער — הויבט זיך גאָרניט אָן! אייך געפעלט דאָס און דאָס, איר מיינט, אז אזוי און אזוי איז רעכט און ריכטיק, דעריבער, הייסט עס, וועלן אייערע קינדער גיין אין אייערע דרכים? א נעכטיקער טאָג! זיי טוען, וואס זיי געפעלט, און אייערע וועגן זיינען ניט זייערע וועגן. אויב

איר האָט דערפון עגמת־נפש, איז עס אייער פּאַרדרוס, ניט זייערער. אזוי זיינען קינדער. ס'קאָן זיין, אז אנדערע קינדער זיינען אנדערש — האָבן זייערע על־טערן טאקע מזל. אָבער איך האָב אפנים ניט קיין מזל און מיין שמחה פישל, דער לערער, האָט מיר פאַרשאפט אָן א שיעור עגמת נפש.

אין פלוג האָט ער דאָך געדאַרפט זיין צופרידן: וויפיל „גרינע" יינגלעך פאַרדינען צוואנציק פונט א חודש? א סך מאטערן זיך אָפּ יאָרן און ארבעטן שווער און ביטער ביז זיי זעען זיך מיט אזא סומע געלט. די אָנגעשטעלטע אין „שאָפּן" און „קאָמפּעריטעס" ארבעטן צוועלף און פערצן שעה א טאָג. שמחה פישל ארבעט נאָר דריי־פיר שעה אין מעת־לעת און געפינט זיך די גאנצע צייט צווישן לייטישע מענטשן, מיט כבוד און מיט דרך ארץ. מיט דער צייט וואָלט ער זיכער געקראָגן א בעסערע שטעלע מיט א גרעסערן געהאַלט. דערווייל וואָלט ער אָפּגעשפּאָרט עטלעכע פונט, וואָרום עסן און שלאָפן קאָסט אים ניט — ער איז ביי מיר: אזוי גיך ווי ער פאַרטיקט זיך אָפּ מיט דעם חדר, קומט ער אהיים — ס'איז אינגאנצן צוויי שעה פאָרן מיטן באַן. אמת, ער האָט זיך אָנגעבאָטן מיר צו באצאָלן... האָב איך אים געזאגט: „מיט דיינע צי אָן דיינע פאָר פונט — כ'וועל שוין ניט ווערן ניט רייכער און ניט ארעמער; דו שפּאָר וויפיל נאָר דו קענסט". איז עס דאָך גוט און רעכט אזוי, און ער ה'אָט בא־דאַרפט זיין צופרידן. אָבער ער איז אפנים ניט געווען צופרידן. וואָרום איין טאָג רופט ער זיך אָן צו מיר: „טאטע, איך גיי אָפּגעבן לערעריי".

„וואָס הייסט", זאג איך, „אָפּגעבן לערעריי — פאַרוואָס?"

„כ'בין שוין מיד דערפון", זאגט ער, „ס'האָט מיך שוין דערעסן: פאָר אלע טאָג היין און צוריק מיטן באַן, האָב עסקים מיט קינדער, וואָס האָבן פאַר־שטאָפּטע קעפּ, האָבן ניט קיין דרך ארץ פאַר דעם לערער און פאַרשטייען ניט וואָס מען רעדט צו זיי".

„מיין קינד", זאג איך, „דו ווערסט קיין פאַריבל ניט האָבן אויף מיר — אָבער דו רעדסט, ווי א נאַר! ארומפאָרן מיטן באַן און האָבן צו טאָן מיט קינ־דער", זאָג איך, „איז גארניט אזוי שלעכט. סך הכל, „זאג איך, „איז עס נאָר זעקס חדשים, זינט דו בינסט א לערער און ס'איז דיר שוין", זאג איך, „אי־בערדריסיק געוואָרן. ווי וואָלט דיר געפעלן ארומצופאָרן מיט א פערד און וואָגן, ווי איך", זאג איך, „און האָבן צו טאָן ייִיש ווייבער, טאָג אויס, טאָג איין, גאנצע אכט יאָר? דו", זאג איך, „ביסט כסדר צווישן ווענט און אונטער א דאַך. דו ביסט געשיצט פון היץ, קעלט און רעגן, אָבער איך", זאג איך, „שלעפּ זיך ארום מיט פערד און וואגן אין אלע פּאָגאָדעס, ווער צוטרייסלט אין אלע גלידער, און די ווייבער", זאָג איך, „צאַפּן דיר אויס דאָס לעצטע ביסל בלוט, פאַרביטערן דיך דאָס לעבן צוליב א ביינדל, אָדער א שטיקל שמאַלץ, וואָס דו האָסט פאַרגעסן צו ברענגען. פונדעסטוועגן", זאג איך, „האָב איך עס ניט אוועקגעוואָרפן — מען וואַרפט זיך ניט ארום מיט חיונה: מען מוז האָבן", זאג איך, „געדולדע, אויב אפילו ס'איז ניט אינגאנצן צום הארצן. בפרט דו", זאג איך, „אָקערשט געקומען, האָסט גאָר באַדאַרפט זיך שעמען אזוי צו ריידן".

אָבער שמחה-פישל איז געבליבן ביי דאָס זייניקע. „לערעריי", זאגט ער,

„איז מלמדות. ווען אפילו זיי זאלן מיר צאָלן נאָך אמאָל אזוי פיל יועל איך אלץ בלייבן א מלמד — דעם גאנצן לעבן א מלמד".

„דו האָסט עס באדארפט וויסן", זאג איך, „איידער דו האָסט אָנגעהויבן".

„כ'האָב עס געוווסט", זאָגט ער, „אָבער כדי ניט ארומצוגיין ליידיק, האָב איך אָנגענומען די שטעלע. איצט האָט זיך מיר געמאכט", זאגט ער. א שטיקל געשעפט ווארף איך לערעריי".

זע איך דאך שוין, אז עס וועט ניט העלפן מיין ריידן, זאָג איך: „מיין קינד וואָס פאר א געלעגער דו ווערסט זיך מאַכן, אין אזא בעט וועסטו שלאפן. וואס פאר א מין געשעפט איז עס?"

„ס'איז פאראן איבערצונעמען", זאגט ער, „א בוכהאנדלונג אין צענטער פון שטאָט. ס'איז א גוט געשעפט, אָבער דער אייגנטימער דערפון איז קראנק; ער מוז אומבאדינגט פאָרן קיין אייראָפּע זיך קורירן, פארקויפט ער דאס בחצי־חנם. איך, מיט דעם באקענטן מיינעם ווילן עס איבערנעמען בשותפות".

„אזא געשעפט", זאג איך, „פאָדערט געוויס א מטמון מיט געלט".

„ארום און ארום", זאָגט ער, „א פאָר הונדערט פונט. איך בין זיכער", זאָגט ער, „אז מיר וועלן דארטן מאכן געלט. מיר וועלן עס פארוואנדלען אין אן אינ־טערנאציאָנאלע בוכהאנדלונג, ס'הייסט", דערקלערט ער מיר, „מיר וועלן האלטן ביכער אין אלע שפראכן, און דאסגלייכן צייטונגען און זשורנאלן. אין א חדר מיוחד וועלן מיר עפענען א לייענזאל, ווו יעדער איינער וועט קאָנען קומען און לייענען — איינצאָלנדיק א קליינע סומע. טאָמער", זאגט ער, „וועלן די איבעריקע בוכהאנדלונגען אָנהויבן שרייען, אז מיר קאָנקורירן זיי ארויס, ווען מיר זיי ארייננעמען פאר שותפים. צוזאמען ווען מיר גרינדן א ריזיקע געזעלשאפט, וואָס וועט האָבן אפטיילונגען איבערן גאנצן לאנד, מיט אייגענע דרוקערייען, מיט פארלאגן, מיט צייטונגען — אפילו פאפיר פאבריקן קען מען האָבן. ס'וועט נעמען א ביסל צייט", זאגט ער, „ביז מען וועט קאנען אלצדינג דורכפירן. דאָס", זאגט ער, „איז געשעפט, ניט קיין מלמדות".

ער איז געווען אזוי צעקאָכט און גערעדט מיט אזא זיכערקייט, אז איך האָב ניט געוווסט וואָס צו זאָגן. דער מין געשעפט איז מיר געווען פרעמד. האָב איך געטראכט אפשר איז ער גערעכט. א געשעפט, אז עס גילט אָפּ, ווי ער זאגט, קאָן מען דאך טאָקע מאכן געלט.

„פארוואס", זאג איך, „זאָלט איר באלד פון אָנהייב ניט ארייננעמען די בוכהענדלער פאר שותפים און אנפאנגען תיכף גרויס?"

„ס'לוינט זיך ניט", זאגט ער. „זיי וועלן ניט גלייבן, אז מיר קאָנען זיי טאָן שאָדן. אָבער ווען זיי ווען זיי ווען אייינזען, אז מיר זיינען שטארקע קאָנקורענטן ווען זיי קומען צו אונדז — אויף אונדזערע תנאים".

„ווען נעמט איר עס איבער?" וויל איך וויסן.

„פון דעם ערשטן פון דעם קומענדיקן חודש", זאָגט ער. „ס'איז נאָך אפילו ניט פארענדיקט אינגאנצן, אָבער ס'וועט שוין לאנג ניט דויערן. דערווייל", זאגט ער, „וועל איך לאָזן וויסן מיין קאָמיטעט, אז איך גיי אוועק; זאלן זיי ניט האָבן קיין טענות צו מיר".

דערנאָך האָט זיך אָנגעהייבן אַן ארומלויפעניש. פריער איז ער געלאָפן צו זיין באקענטן און נאָכדעם צום בוכהענדלער; דאַן איז זיין צוקינפטיקער שותף געקומען צו לויפן צו אים, צו מיין זון, הייסט עס, און דערנאָך צום בוכהענדלער. פון דארטן זיינען זיי ביידע געלאָפן צו נאָך א באקענטן און יענער איז מיט זיי מיטגעלאָפן צו אַן אַדוואקאט, וואָס האָט ארויסגעפּאָדערט דעם בוכהענדלער צו זיך. דאַן ערשט איז דאס געשעפט געשלאָסן געוואָרן.

„וואָס איז עס געווען פאר אַן ארומלויפעניש?" פרעג איך.

דערציילט ער מיר, אז דער בוכהענדלער האָט שוין געוואלט זיך ארויס־דרייען פון דעם גאנצן געשעפט. די אונטערשטע שורה איז, אז זיי האָבן גע־מוזט דערלייגן נאָך א הונדערטער צום מקח. אָבער אזוי ווי זיי האָבן ניט גע־האט גענוג געלט האָבן זיי ארייגענומען פאר א שותף דעם צווייטן באקענטן, וואָס האָט דערלייגט דעם הונדערטער".

„וועט זיך עס באצאָלן פאר דריי מענטשן?" האָב איך געפרעגט

„פארוואס ניט?" זאגט ער. „דער דריטער איז א דרוקער — וועט ער אין געשעפט גאָרניט זיין און קיין סך געלט ניט ארויסנעמען. אזוי גיך" זאגט ער, „ווי מיר וועלן קאָנען וועלן מיר איבערנעמען זיין דרוק. דאס", זאגט ער, „וועט זיין דער אָנפאנג פון דעם גרויסן פּלאַן, וואס איך האָב דיר גע‌זאגט".

„הלוואי", זאג איך. „פון דיין מויל אין גאָטס אויערן. איך ווינטש דיר ניט, חס ושלום, קיין בייז. זאל זיין מיט גליק!"

.3

דעם טאָג, ווען ס'איז געוואָרן א יאָר זינט מיין זון איז געקומען, זעצט ער זיך אוועק נעבן מיר און זאגט: „טאטע, איך וויל דיר פרעגן אַן עצה".

„אָך", זאג איך, „מיט דעם גרעסטן פארגעניגן! דיין טאטע איז אפשר ניט פון די וועלט־חכמים, אָבער פון די נאראָנים", זאג איך, „איז ער ארויס. הלוואי וואָלט דער מזל געווען א ביסעלע בעסער, שכל", זאג איך, „וואָלט ניט גע־פעלט. וואס ווילסטו פרעגן?"

„פאראַן", מאכט ער „איבערצונעמען א שאָפּ. ס'הייסט", זאגט ער, „די שאָפּ איז א ליידיקע, נאָר ס'פארדינגט זיך. די פּאזיציע פון דער שאָפּ", זאגט ער, „איז אַן אויסגעצייכנטע! בעסער קאָן גאָרניט זיין! ס'איז ווי ספּעציעל געבויט", זאגט ער, „פאר א קליידער געשעפט".

„נו", זאג איך, „וואס האָט עס צו טאָן מיט דיר? און ווו קומט דאָ אריין מיין עצה?"

„ס'האָט גריילעך צו טאָן מיט מיר", זאגט ער. „איך וויל עס אָפּדינגען און עפענען א קליידער געשעפט, מיט א שותף. די עצה", זאגט ער, „וועל איך דיר פרעגן ווען דו וועסט מיר זאָגן, ווי ס'געפעלט דיר דער פלאַן".

מיין איך דאָך, אז צום בוכגעשעפט וויל ער האָבן נאָך א געשעפט. זאג איך: „ווו וועסטו נעמען דאָס געלט פאר נאָך א געשעפט?"

„דערפאר", זאגט ער, „וויל איך דיין עצה: ווו נעם איך הונדערט פונט?"

„מיר דוכט", זאג איך, „אז צו אזא מין געשעפט דארף מען מער ווי הונדערט פונט".

„ווען כ׳וועל קריגן״, זאגט ער, „הונדערט פונט וועל איך שוין האָבן צוויי הונדערט — די סומע, וואס איך דארף אריינטראגן. דער שותף לייגט אויך אריין צוויי הונדערט און נאָך א פיר־פינף הונדערט פונט וועלן מיר באקומען ערגעץ, אויף וועקסלען — אזוי זאָגט מיין שותף.

„ווו״, זאג איך, „וועסטו נעמען די ערשטע הונדערט פונט?״

„איך קריג דאָך״, זאָגט ער, „ארויסגעצאָלט דאָס געלט, וואס איך האָב אינוועסטירט אין דער בוכהאנדלונג״.

איך בין געבליבן זיצן, ווי א דונער וואלט מיך געטראפן. שוין אויס בוכגעשעפט?״ זאָג איך. „פארוואס? וואָס האָט פאסירט?״

„גאָרנישט האָט פאסירט״, זאגט ער, „אָבער ס׳איז ניט קיין געשעפט — ס׳איז א צווייטע מלמדות. וואס״, זאגט ער, „קאן מען דערלעבן דערפון? אָבער א ביכל און א צייטונג און ווידער א צייטונג מיט א ביכל, אָדער א ביסל שרייב־פאפיר. איז דאָס״, זאָגט ער, „אַן עסק פאר א יונגן מענטשן? ס׳האָט מיר שוין דערעסן״, זאָגט ער, „דאָס פאקן די ביכער, אָפשטויבן און זיצן שעהן נאָכאנאנד און געגעצן. איך״, זאגט ער, „האָב ליב צו ארבעטן״.

„פריער״, זאג איך, „איז די בוכהאנדלונג געווען מי יודע וואס, א גאָלד־גרוב און היינט טויג עס שוין ניט. מיר דוכט״, זאג איך, „אז דו ווייסט אַליין ניט, וואָס דו זוכסט און וואס דו ווילסט״.

„איך ווייס אקוראַט״, זאגט ער, „וואָס איך זוך און וואס איך וויל, אָבער איך האָב ניט געוווסט, אז א בוכגעשעפט איז קיין געשעפט ניט. הוצדעם״, זאגט ער, „האָב איך געמיינט, אז מיר וועלן מאכן דערפון א גרויסע זאך. אבער מיינע שותפים״, זאגט ער, „ווילן ניט תיכף אָנהייבן גרויס: „מ׳מוז גיין לאנג־זאַם״, זאָגן זיי. אבער איך האָב ניט קיין געדולד״, זאָגט ער. „אויסער דעם — צאָלט עס זיך ניט פאר דריי שותפים; לוינט זיך מיר ניט״.

„האָב איך דיר דאָך געזאגט״, זאג איך, „אז ס׳וועט זיך ניט באצאָלן פאר דריי פערזאנען״.

„כ׳האָב געמיינט״, זאגט ער, „אז מיר׳ן ווערן שותפים אין דרוק — וואָלט עס אפשר יאָ זיך באצאָלט״.

איך האָב געשוויגן. ס׳הארץ האָט מיר וויי געטאן אויף מיין זון מיט זיינע געשעפטן: אין א געגויעם יאָר האָט ער שוין דורגעלאזן צוויי אונטערנעמונגען. איצט וויל ער ווערן א קרעמער. פונוואנעט האָט זיך עס גענומען צו אים״, האָב איך געטראכט, „אזא אומרו, אזא ניט סטאבילקייט. מיין גאנצע פאמיליע איז באשטאנען פון רויקע ארבעטער. איז איינער געווען א שניידער, האָט ער גענייט ביז ער איז געווארן בלינד, איז ער געווען א שוסטער, איז ער געזעסן ביים לייסט ביז מען האָט אים אָנגעטאָן אין תכריכים. טאָ פונוואנעט האָט זיך גענומען ביי אים, ביי מיין שמחה פישלען, אזא קדחת־נאַטור?

„טאַטע״, זאגט מיין זון, „וואס טראכסטו?״

„איך טראכט״, זאג איך, „אויב ס׳וואלט ניט געווען כדאיער דו זאלסט געווען בלייבן אין דער היים. דאָרטן״, זאג איך, וואלסטו זיך אפשר דערשלאָגן צו עפעס״.

„און דאָ“, זאגט ער, „קען איך זיך ניט דערשלאָגן צו עפּעס?“
„כ׳ווייס ניט“, זאג איך. „א מענטש, וואָס וואַרפט זיך ארום פון איין געשעפט צום צווייטן, וואס האָט ניט קיין זיצפלייש — ווי קאָן אזא איינער קומען צו א ברעג?“
„וואס בין איך שולדיק“, זאגט ער, „אז דאָס געשעפט טויג ני׳ט?“
„מען גיסט ניט אויס די אומריינע איידער מען האָט ריינע, און ווען מען האָט שוין“, זאָג איך, „די ריינע, מוז מען עס היטן. מיין עצה איז“, זאג איך, „דו זאלסט זיך גוט באטראכטן איידער דו גייסט אוועק פון דער בוכהאנדלונג“.
„כ׳האָב מיך שוין באדענקט און באטראכט“, זאגט ער. „די שאָפּ איז שוין כמעט ווי אפּגעדונגען און מיט דעם שותף האָב איך מיר שוין אויך פארשטענדיקט. אלץ, וואס מיר פעלט איצט“, זאגט ער, „איז די הונדער־ט פונט“.
„ווו רעכנסטו“, זאג איך, „צו קריגן די הונדערט פונט?“
„כ׳האָב גערעכנט“, זאגט ער, „בעטן ביי דיר לייען; איך וועל דיר אומקערן דאָס געלט אין עטלעכע חדשים צייט“.
„און ווי איז דער דין“, זאג איך, „אז איך האָב ניט?“
שמחה פישל האָט זיך אויפגעהויבן און אָנגעהייבן ארומשפּרייזן איבערן צימער. ער איז געווען אויפגערעגט. ער האָט מיר פארגעוואָרפן, אז כ׳האָב נאָך קיין זאך ניט געטאָן פאר אים, און ער האָט מיר געסטראשעט, אויב איך וועל אים ניט אויסלייען די הונדערט פונט וועט ער אוועקגיין פון מיר, וועט זיך וועגדן נאָך הילף צו פרעמדע — און נאָך א סך אזעלכע נארישע דיבורים. כ׳האָב אים אויסגעהערט ביזן סוף און דערנאָך געוואַרט ביז ער האָט זיך אָפּגעקילט א ביסל. כ׳האָב ארויסגענומען דאָס טשעק־ביכל און אים דערלאנגט א טשעק אויף הונדערט פונט: „דו ביסט א נאר“, האָב איך אים געזאגט.
דערזען דעם טשעק, האָט ער זיך אנטשולדיקט פאר מיר און מיר געבעטן מחילה. „דו וועסט נאָך האָבן נחת פון מיר“, האָט ער מיר פארזיכערט. דערנאָך האָט ער מיר געפירט אָנקוקן די שאָפּ: א גרויסע, גערוימע שאָפּ אויף א ווינקל פון צוויי קאָכיקע גאסן.
„די מעלה פון דער פאזיציע איז“, זאגט ער,“ וואס רונד און ארום זיינען ניט פאראן קיין קליידער געשעפטן“.
„ס׳קאָן זיין א מעלה און ס׳קאָן זיין א חסרון“, זאג איך. „ווען ס׳וואָלט געווען גוט פאר א קליידער געשעפט, וואָלט עס שוין געווען פארנומען“.
„ס׳איז ניט קיין ראיה“, זאגט ער. „די, וועלכע שטייען אויף אָן אָרט — נעכיי זאָלן זיי בייטן?“
דעם טאָג, ווען דאָס געשעפט האָט זיך געעפנט בין איך אוועק א קוק טאָן.
„ס׳איז א שיין געשעפט“, זאג איך, „מען דארף נאָר האָבן מזל“.
„נישקשה“, זאגט דער שותף, „מירן ניט אונטערגייין“.
„אונטערגייין“, זאג איך, „קאָן נאָר א שיף, א מענטש ווערט דערטרונקען“.
שמחה פישל מיט זיין שותף האָבן געלאכט.

1916

# ביזנעס

.1

דער קלאנג, אז די גאלד־גרוב „וועָנוס״, וואס איז געלעגן א דריי־פיר שעה פאָרן פון יאָהאנעסבורג, וועט זיך אינגיכן שליסן, איז באשטעטיקט געוואָרן פונעם פארוואלטער.

איז שמשון דער קאָנצעסניק ארויסגעקומען פון דעם פארוואלטערס קאָנטאָר א צעטומלטער. אין דער רעכטער האַנט האָט ער געהאלטן דאס היטל און מיט דער לינקער האָט ער געמאסאזשירט דאָס אָרט איבערן האַרץ, וואס האָט איצט מאָדנע וויי געטאָן. א ווארעם, מיט זאמד אָנגעלאָדן, ווינטל האָט צעבלאָזן זיינע לענגלעך און ערטערווייז שוין גראָע האָר, און נאָך מער געהיצט זיין טונקעלן און עטוואס־געשטופלטן פנים. רעכטס זיינען געלעגן די אָנגעשאָטענע ווייסע זאמד־בערג און זיך געוואַרעמט אנטקעגן דער זון. וועגעלעך מיט ווייסן זאמד האָבן זיך געצויגן אויף א דיקן דראָט צום שפּיץ פון אן אנגעשאָטענעם זאמד־בארג. אויבן האָבן שווארצע ארבעטער באגעגנט די וועגעלעך, זיי אויסגעליידיקט און אפגעשיקט, גאלאָפּירנדיק צוריק מיט א צווייטן וועג. פון לינקס האָט זיך געטראָגן אהערצו דאָס רוישן און קלאפּן פון די שטיינער־מיל, ווי דאָס גערויש און געטומל פון שווערע ארטילעריע, וואס פירט א קאמף אויף לעבן און טויט.

שמשון איז געשטאַנען אומבאשלאָסן. זיינע קליינע, ברוינע אויגן האָבן זיך האלב געשלאָסן, ווי ביי א קורצזיכטיקן, און זיך געשווארצט אונטער די שיטערע ברעמען. דאָס רוישן פון די שטיינער־מיל, וואָס האָט שטענדיק אָנגעפילט זיין הארץ מיט פרייד און צופרידנקייט, האָט איצט געוועקט פארביטערונג. די מיל, האָט זיך אים אויסגעוויזן, קלאָגט זיך: יאָרן לאַנג געמאָלן, געמאָלן, בערג אָנגעשאָטן, און מיט א מאָל — אויס! באלד וועט דאָס אלצדינג שטיין שטיל און שטום, וויסט און פארלאזן. ניט געלוינט זיך דער גאנצער עסק.

שמשון האָט אָנגעטאָן דאָס היטל און איז אוועק אין דער ריכטונג פון זיין קאָנצעסיע-שאָפּ, וואס איז געשטאַנען הארט ביים טויער פון דעם „קאָמפּאָונד״. שוין צען יאָר, אז זי שטייט דארטן. אין משך פון דער צייט האָט ער עס אביסל פארגרעסערט, פארשענערט. געהאָפט: נאָך א יאָר, נאָך א יאָר — ער וועט

עס פאַרקויפֿן. פופֿצן טויזנט פונט וועט ער געוויס באַקומען דערפֿאַר. פּאַרט און איינגעפּונדעווועט געשעפֿט. מיטאַמאָל — אויס! געמאָלן, געטומלט — אַ סוף!

אינעווייניק, אין שאַפּ, איז געווען „ביזי". זולוס, שאַנגאַאַנס, פּאָנדאָס, אמאַ־קאָזעס, מאָזאַמביקס — האַלב נאַקעטע, פֿאַרשטויבטע, פֿון די היפֿטן ביז אונטן איינגעוויקלט אין „מאַצעקעס", האָבן אָנגעפּילט די שאַפּ. ס'איז געווען הייס, שטיקנדיק, און דער ריח פֿון איינגעשמירטע און אָנגעשווייסטע לייבער האָט אָנגעפּילט די לופֿט. אויף די טאָנבענק זיינען געלעגן אָנגעהויפֿט שיך „מאַצע־קעס", „קאַדונצעס", העמדער און הויזן, דראָט און קרעלן. די קונים האָבן זיך שטאַרק געדונגען, הויך גערעדט, געלאַכט, זיך געערגערט. אויף דער וועראַנדע, וואָס האָט זיך געצויגן אַרום דריי־פּערטל געבײַדע, זיינען אַנדערע געזעסן און געגעסן: די שוואַרצע ביינערדיק־פֿאַרשטויבטע פּיס צעשפּרייט, האָבן זיי גע־שניטן דיקע מייצעס פֿון רונדע לאַבנס ברויט, מיט מעסערלעך געשמירט סי־ראָפּ אויף דעם און געזופּט הייסע, זיסע טיי. ווידער אַנדערע, אַפּנים שוין זאַטע, האָבן געשפּילט אויף האַרמאָניקעס און געזונגען איינטאָניקע ניגונים, צוקלאַפּנ־דיק מיט די באָרוועסע פּיס צום טאַקט.

פֿאַר אים, פֿאַר שמשונען, זיינען די דאָזיקע בילדער געווען ניט פֿרעמד. טעגלעך, צען יאָר כּסדר, האָט ער זיי געזען. אונטער דער צייט האָט ער זיך איינגעשאַפֿט עטלעכע הייזער, וואָס טראָגן אים אַריין אַ היפּשע סומע דירה־געלט יעדן חודש. נויט וועט ער, חלילה, ניט ליידן ווען אַפֿילו די גאָלד־גרוב הערט אויף אַרבעטן אָט די דאָזיקע מינוט. אָבער דאָס איז דאָך ניט קיין תּכלית. עס שטייט אים אָנצוווערן אַזויפֿיל! אמת, ער איז נאָך אַ יונגער מענטש, קוים אַכט און פֿערציק יאָר, זיין יינגסט קינד איז נאָך קיין פֿופֿצן יאָר ניט אַלט — ער קאָן נאָך אַ סך אויפֿטאָן. אָבער דער פֿאַרלוסט!

אַ צענדלינג שוואַרצע קונים האָבן שמשונען אַרומגערינגלט, ווען ער איז אַריינגעקומען אין געשעפֿט. זיי האָבן זיך געקלאָגט: די אָנגעשטעלטע באַרייסן זיי. די שוואַרצע האָבן אים געקאַנט גוט. ער האָט ביי זיי געהאַט דעם צו־נאָמען „מאַזאַמבאַן". (בולבע) מחמת ער האָט געהאַט אַ טבע, ווען אין געשעפֿט, צו נעמען אַ בולבע און דאָס צופֿענעצן מיט אַ קליינעם מעסערל. האָט „מאַזאַמבאַן" אַראָפּגעלאָזט אַ פּאָר פּענעס פֿון איין אַרטיקל, פֿון אַ צווייטן, און אַלע זיינען געבליבן צופֿרידן.

ביי־זיך אין אָפֿיס האָט שמשון דורכגעקוקט חשבונות און אויסגעשריבן עטלעכע טשעקס: זיינע חובות מוז ער דאָך צאָלן. דורכן פֿענצטער האָט ער געקענט זען כּמעט דאָס גאַנצע שטעטעלע, וואָס איז אויסגעוואַקסן אַרום דער גאָלד־גרוב און וואָס ציט איר יניקה דערפֿון. נאָר די רויט געפֿאַרבטע דעכער האָט ער געזען. די הייזער גופֿא זיינען געלעגן איינגעטונקט אין אַ געמיש פֿון גרינס, ביימער און בלומען, אַ פּראַכט־אינדזל צווישן זאַמדיקע בערג. באַלד וועלן אָט די הייזער שטיין ליידיק, דאָס גרינע וועט ווערן געל, פֿאַרוויאַנעט. די איינוווינער וועלן זיך אַרויסציען און זוכן אַרבעט און סתּם פּרנסה ערגעץ אַנ־דערשוווו. אים וועט אפֿשר געלינגען צו פֿאַרדינגען זיין הויז — אַ שיינע און גרויסע הויז, געבויט דורכויס פֿון געהובלטע שטיינער — וועט אים אפֿשר גע־

לינגען צו פארקויפֿן, אָדער צו פארדינגען — א מטמון מיט געלט האָט אים דאָס הויז געקאָסט!

ער האָט פארשלאָסן זיין ביורא און איז ארויס. א שטארקער אויגוסט־ווינט האָט ארומגעיאָגט לאַוועס ווייסן שטויב, וואָס האָט זיך צעשאָטן, ווי מעל, אויף הייזער און גאסן און געצווונגען מענטשן ארומצוגיין מיט פארזשמורעטע אויגן. מיט א דין, ווייס־זיידן טאשנטיכל האָט שמשון געווישט דעם זאמד פון זיינע אויגנווינקלען און איז ביי זיך געווען זיכער, אז די נייעס וועט דערפרייען זיין ווייב: זי האָט אלעמאָל געוואלט לעבן אין יאָהאנעסבורג. דאָרטן איז אינטערעסאנטער, לעבעדיקער. געווען שווער פאר איר זיך צו צוגעוווינען צו דער שטילקייט און מאָנאָטאָנישקייט פון דעם קליינשטעטלדיקן לעבן. צוליב דעם זיינען פארגעקומען סצענעס צווישן זיי.

זיין פרוי האָט אים באגריסט מיט א ברייטן „העלאָו!" מיט א פעדער־שטויבער האָט זי גערייניקט די שטויב און דעם זאמד, וואָס דער ווינט האָט אנגעיאָגט אין די חדרים דורך די אפענע פענצטערס. איר יונגטלעכע פיגור האָט זיך באוועגט גיך און רירעוודיק און אירע לאנגע, ווייסע פינגער האָבן געזוכט קוים באמערקבארן שטויב אויף די ווייסע טישטעכלעך און די געהעקלטע גארדינען. „מען קאָן ניט האלטן דאָס הויז ריין!" האָט זי זיך געקלאָגט. זי האָט זיך דערמאָנט: „געווען ביים „מענעדזשער"?"

„געווען".

„נו?"

„נאָך ניט מער ווי זעקס חדשים".

שמשון האָט געקוקט אויף זיין ווייב, וואָס איז געשטאנען אָנגעשפאַרט צום וואַנט און געקוקט אויף עפעס א פונקט פאר זיך. אויף איר ווייס־הויטיקן פנים האָט זיך געהאט צעלייגט זאָרג און אַן אומעט האָט ארויסגעקוקט פון אירע טונקל־בלאָע אויגן. שמשון האָט זיך געוווּנדערט: „בעסי, וואָס?"

זיין ווייב האָט אים אָנגעקוקט שווייגנדיק.

„מירן גיין לעבן אין יאָהאנעסבורג", האָט ער געזאגט אין אַן אונטערטאָן.

„מען האָט אזויפיל נייטיק. האָסטו שוין א פּלאַן אויף וויטער?"

„ס'עט רעכט ווערן, ס'עט רעכט ווערן", האָט שמשון איר בארויקט. „די וועלט גייט נאָך ניט אונטער".

.2

אויף מאָרגן, פונקט צען אין דערפרי, האָט שמשון, לויט אַן אפמאך דורכן טעלעפאָן, זיך געמאָלדן צום פארוואלטער. דער פארוואלטער האָט אָנגעשפאַרט זיין גרויס, רויט־האָריקן קאָפּ אויף זיינע מגושמדיקע הענט און האָט אָנגעשטעלט אויף שמשונען זיינע קליין־גראָע אויגעלעך. שמשון האָט זיך געפּאָרעט אין זיינע קעשענעס און ארויסבאקומען א פּאָר אויסשניטן פון צייטונגען.

„די דאָזיקע שרייבעכץ", האָט שמשון געזאגט שטיל, „מוז אויפהערן; די קלאנגען וועגן דעם שליסן פון דער גאלד־גרוב מוזן אפגעלייקנט ווערן".

דער פארוואלטער האָט א קוק געטאָן אויף די אויסשניטן. „כ'האָב עס גע־

זען", האָט ער געזאָגט מיט א שמייכל, „אָבער די אינפאָרמאציע שטאַמט ניט פון מיר".

„וועט דיר טאַקע זיין גרינגער זיי אפצולייקענען".

דער שמייכל אויף דעם פאַרוואַלטערס ליפּן האָט זיך צעשפּרייט און די קליינע אויגעלעך האָבן געפינקלט. שמשון האָט אוועקגעלייגט א פאַרמאַכטן קאָנווערט אויפן טיש און האָט זיך אויפגעהויבן. דער פאַרוואַלטער האָט גע־וואָרפן א ווינקלדיקן קוק אויפן קאָנווערט און אויף דער טיר פון צווייטן צי־מער. ער האָט זיך אויפגעשטעלט. שמשון האָט געדריקט דעם פאַרוואַלטערס האַנט און איז אַרויס.

דערנאָך איז ער געפאָרן קיין יאָהאַנעסבורג.

דער גרויסער בלאָער אויטאָמאָביל איז שטיל, אָבער גיך געלאָפן איבער די ערטערווייז זאַמדיקע וועג, וואָס האָט זיך געדרייט צווישן נאַקעטע פעלדער, באַן־סטאַנציעס און קליינע שטעטעלעך. שמשון איז געזעסן אָנגעלענט אויף די ווייכע, מיט ווייס־באַצויגענע קישעלעך פון דעם אויטאָ און איז געווען צופרידן, וואָס אים איז סוף־סוף געלונגען זיך אַרויסצופּלאָנטערן פון דעם גערדאַנקען־לאַ־בירינט אין וועלכן ער האָט נעכטן זיך פאַרלאָרן, נאָך דער „גוטער" בשורה. א נאַכט ניט געשלאָפן! עפּעס משונה. אומקלאָרע, נישטיקע געדאַנקען, קורצע, אָפּגעריסענע, לופטיקע פּלענער, האָבן זיך אַרומגעקנוילט אין זיין מח. האָבן אויפגעבליצט, אויפגעקנאַלט, און פאַרשוווּנדן — פּוסט, בלאַנק! דערנאָך — נייע מחשבות, נייע פּלענער — ראַקעטן, מעטעאָרן... דער מאַרך האָט זיך אים געצונדן. מיט דעם ערשטן האַן־קריי האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז אַריין אין באָד־צימער. אין די שלייפן האָט שטאַרק געצוקט. א רגע איז ער גע־שטאַנען א נאַקעטער און באַטראַכט די בלאָ-רויטע אָדערן אויף זיינע פיס. דערנאָך האָט ער זיך געשטעלט אונטער דער שפּריי־וואַנע און אויפגעדרייט דעם קראַן. א קיל וואַסער האָט א שפּאַר געטאָן מיט אימפּעט, מיט א סוויש־טשעריי — דער אָטעם האָט אים פאַרכאַפּט. און בעת צענדלינגער וואַסער־שנירלעך האָבן געוואַשן זיין קאָפּ און געקילט זיין צעוואַרעמטן גוף, האָט א געדאַנק, א שפּאָגל נייער, א בליץ געטאָן ביי אים אין קאָפּ: „פאַרקויפן!" ס'איז דאָך קלאָר, ווי דער טאָג: פאַרקויפן. פאַרוואָס האָט ער וועגן דעם פריער ניט געטראַכט? געהערט: א נאַכט ניט געשלאָפן!

דורך דעם ווייס־געלבן שטויב, וואָס איז נאָכגעלאָפן און איינגעהילט דעם אויטאָמאָביל האָט שמשון געזען אַקערן א געשפּאַן פון זעכצן אָקסן. א שוואַר־צער, מיט א משונה־לאַנגער בייטש אין האַנט, איז נאָכגעגאַנגען נאָכן אַקער טראָט ביי טראָט. מחנות פייגעלעך זיינען אַרומגעשפּרונגען אויף דעם צע־אַקערטן שטח און עפּעס געפּיקט. ווערעם, מסתמא, האָט שמשון געטראַכט. ער האָט זיך דערמאָנט, וואָס א פאַרמער־פריינד האָט אים געזאָגט: „ווען דו זעסט א סך פייגעלעך אויף די פעלדער זיי וויסן, אַז ס'וועט זיין א גוט־גערעטעניש".

„יאָ", באַשליסט ער, „ס'וועט זיין א גוט־יאָר! געשעפטן וועלן בליען, געלט וועט זיין לרוב — וועט זיך עפּעס אָפּשטעלן אויף פאַר אים.

אַן עקספּרעס צוג האָט זיך פאַרביי־געיאָגט אויף א נאָענטער באַנליניע און

איז פאַרשוווּנדן אין אַן אויסגעדרייטן באַרג־אַראָפּ. רעכטס און לינקס האָבן זיך שוין געזען גאָלד און קוילן שאַכטעס, וואָס אויפן „ראַנד“. דער וועג איז געוואָרן האַרטער, גראַדליניקער, גלאַטער און האָט זיך געצויגן דורך קליינע שטעטעלעך, וואָס זיינען געלעגן, ווי צעשראָקן פּאַר עפּעס. אויף אַ סטאַנציע, שוין נאָענט צו יאָהאַנעסבורג, האָט שמשון געקויפט אַ נאָכמיטאָג־צייטונג. ער האָט זיך געמאַכט באַקוועם און, פאַרזיכטיק־נייגעריק, געלייענט די קעפּלעך פון די נייעס: „צען טויטע און דרייסיק פאַרוווּנדעטע אין אַ באַן־קאַטאַסטראָפע!“ „פאַרליבטער יונגערמאַן שיסט זיין כלה מחמת אייפערזוכט“. עווענטועלער קריזיס אין דעם מיניסטאָרן־קאַבינעט“. „נאָך אַ רעוואָלוציע דערשטיקט אין פּאָרטוגאַל“. „באָלשעוויקעס אין כינע!“ שמשון ווערט אומגעדולדיק. ער קערט אום דעם בלאַט: „אַן אָקס אַנטלויפט פון דער בוינע און טוט אָן שאָדן“. „די צאָל גטן שטייגן אַריבער די צאָל חתונות“. „די קלאַנגען וועגן „ווענוס“ אָפּגעלייקנט“. שמשון האָט פרייער אָפּגעאָטעמט. די אָנגעשטרענגטקייט האָט אָפּגעלאָזט. ער האָט געלייענט: „אונדזער אָרטיקער קאָרעספּאָנדענט דערוויסט זיך פון זיכערע און כּאַרטרווילעכע קוועלן, אַז די קלאַנגען, וואָס טראָגן זיך אַרום מכּח דעם שליסן די „ווענוס“ גאָלד־גרוב זיינען דורכויס פאַלשע“.

שמשון האָט צוזאַמענגעלייגט די צייטונג און זי אַריינגעשטעקט אין אַ קעשענע פון זיין ווייסן רייזע־מאַנטל. ער האָט זיך אָנגעבויגן צום פענצטער און צופרידן געקוקט אויף די באַרגיקע שטאָט־טיילן פון יאָהאַנעסבורג, דורך וואַנעט דער אויטאָמאָביל איז איצט געלאָפן.

.3

אין דער נאַכט־קער שטילקייט פון האָטעל־צימער האָט עמיצער, געלאַסן, אַ פרעג געטאָן:

„מיסטער, פאַרוואָס פאַרקויפט איר אייער גוטע קאָנצעסיע?“

שמשון האָט דערוואַכט מיט אַ האַרץ־קלאַפּעניש און האָט זיך אויפגעזעצט מיט אימפּעט. מיט ברייט צעעפנטע אויגן האָט ער אַריינגעקוקט אין דער טונקלקייט פון צימער. ביי דער צווייטער וואַנט איז געשטאַנען אַ ליידיקע בעט. דורך דער האַלב־אָפענער פאָרטקע האָט אַ קילער לופט־שטראָם געשאָקלט די בלאָע פאַרהאַנגען אויף די פענצטערס. נעבן טיר, ווי אַ רונדע, זילבערנע מטבע, איז געלעגן אַ שיין, וואָס אַ פולע לבנה האָט אַהין אַריינגעוואָרפן. שמשון האָט נאָכגעפאָלגט דעם לבנה־שטראַל און געזען, אַז עס פאַלט דורך אַ רונדע לאָך אין פאַרהאַנג. האָט ער זיך געוווּנדערט: אַזאַ חשובער האָטעל זאָל האַלטן לעכערדיקע פאָרהאַנגען אויף די פענצטער. פון גאַס האָט זיך דערטראָגן דאָס רוישן פון באַרשט־מאַשינעס, וואָס האָבן גערייניקט די גאַסן, און שנעלע טריט פון אַ שפּעטיקן היים־גייער. האָט שמשון, אַזוי זיצנדיק, זיך געכאַפּט, אַז דאָס האָט אים זיין אייגענער געוויסן געשטעלט די פראַגע. מאָדנע. ער האָט, דאַכט זיך, גאָרניט געטראַכט פון דעם. אָפּנים דאָס האָט געטראַכט זיין אונטערבאַוווּסטזיין. אַמאָל האָט ער געלייענט וועגן דעם — אין זיין יוגנט, ווען ער האָט נאָך ניט געטראַכט וועגן געשעפט. שווער געווען צו באַגרייפן. איז פאָרט: וואָס וועט ער ענטפערן דעם קונה, מיט וועלכן ער דאַרף זיך טרעפן ביים אַגענט —

ניין דעם זייגער איז דערפרי, ווען יענער וועט אים שטעלן די פראגע: „מיסטער, פארוואס פארקויפט איר אייער גוטע קאָנצעסיע?“ דער קונה האָט געוויס געלייענט די קלאנגען מכוח דער גאָלד־גרוב; אמת, ער האָט אויך געלייענט די הכחשה. אָבער דאָך, אין פאל... וואָס וועט ער אים ענטפערן?

ער האָט זיך געלייגט און זיך אויסגעצויגן אין זיין גאנצער לענג, זיך געדרייט פון איין זייט אויף דער אנדערער, און צום סוף באשלאָסן: זיין ווייב איז ערנסט קראנק... ס'אסברה, כאָטש ס'איז ניט זיכער, אז ס'איז א ראַק... ער מוז לויפן מיט איר קיין אייראָפּע, קיין דייטשלאנד... ס'האלט אויף מינוטן... מוז ער פארקויפן! ער איז גרייט מקריב צו זיין דאָס געשעפט אבי צו ראטעווען זיין ווייב, די מאמע פון זיינע קינדער...

ער האָט זיך אויפגעזעצט א פארציטערטער: גאָט אין הימל, וואס זיינען דאָס פאר רעיונות? ער מוז זיין ניט ביים זינען: וואס האָט ער צו זיין ווייב? פארוואס ארויסלאָזן א קלאנג, אז זי איז קראנק, און נאָך א ראַק דערצו?

ער איז אראָפּ פון בעט, צעצויגן די פארהאנגען און אראפּגעקוקט אויף דער נאָך שלאָפנדיקער שטאָט. שטיל. ליידיק. א באוואפנטער פּאָליציאנט איז ארומגעגאנגען אויספּרווונדיק די טירן פון הייזער און געשעפטן, אויב זיי זיינען געשלאָסן. אין א פענצטער פון א קעגנאיבערדיקער געבידע, אויפן צווייטן שטאָק, האָט זיך באוויזן א ליכט, און דער שאָטן פון א מענטשן האָט אייניקע מאָל זיך געוואָרפן אויף די פאָרהאנגען דאָרטן. דערנאָך איז ווידער געוואָרן פינצטער. אפנים — האָט שמשון געטראכט — דאָרטן קאָן אויך עמיצער ניט שלאָפן. אוודאי איז עס דער קונה, וואס ער דארף טרעפן ניין אין דערפרי. יענער קאָן ניט שלאָפן צוליב אומגעדולד. ער איז שוין מסתמא ארומגעגאנגען א היפּשע צייט זוכנדיק א געשעפט און אויפגעגעסן א גרויסן חלק פון זיין קאַפּיטאל: איז ער שוין אומגעדולדיק צו שטיין אויף אן אָרט, בפרט א קאָנצעסיע. אָבער ער איז ניט זיכער, אויב זיין קאפּיטאל וועט קלעקן. מאכט ער פּלענער, ווארפט ער דורך אין געדאנק די נעמען פון מענטשן ביי וועלכע ער דענקט צו באקומען א הלוואה — אויף גאַראַנטירטע וועקסלען, נאָט־רלעך. אָבער ער, שמשון, וועט ניט נעמען קיין וועקסלען. ער וויל מזומן, בארעס־געלט. וואס טויגן אים וועקסלען? מען איז ניט זיכער אפילו מיט גאראנטירטע וועקסלען — מאלע וואס ס'קען זיך טרעפן. בפרט, אז ער טראכט ניט מער וועגן טאָן געשעפט, ער ציט זיך צוריק פון געשעפט, ער וועט לעבן פון דירה־געלט.

ער האָט שיעור ניט אויסגעשריען פון שמחה: אָט דאָס איז דאָך דער ריכטיקער ענטפער: ער ציט זיך צוריק פון ביזנעס! ווי לאנג איז דער שיעור? ער האָט געמאכט א ביסל געלט, אָבער וואָס האָט ער געהאט פון זיין לעבן? געלעגן דאָרטן אין דעם קליינעם שטעטל און כסדר: שאָפּ, שאָפּ, שאָפּ! צי איז דאָס א לעבן? פאראן א גרויסע וועלט חוץ אפריקע — כדאי זי אָנצוקוקן. אין זיינע יונגע יאָרן האָט ער געהאט גרויס חשק צו רייזן, צו זען וועלט. איצט, ווען גאָט האָט אים געהאָלפן — פארוואָס ניט פאָרן? ער וועט טאקע באזוכן אויך זיין געבורט־שטעטל. אמת, ער האָט שוין דאָרטן קיינעם ניט, אָבער ס'גלוסט זיך א קוק טאָן.

ער האָט זיך געלייגט א צופרידענער — ער ציט זיך צוריק פון געשעפט! שפעטער מעג ער דאָך חרטה האָבן און אָנהייבן טאָן ביזנעס פון דאָסניי — א מענטש מוז דאָך עפּעס טאָן, מען קען ניט ארומגיין גאַרנישט ניט טוענדיק. ער וועט זיך נעמען צו אן אנדער בראנזשע, — מעבל, צום ביישפּיל, אָדער פּראָדוקטן, יאָ, פּראָדוקטן. דער תבואה־מסחר איז אים ניט אינגאנצן פרעמד, און מען לערנט זיך צו. און דער יאָר וועט טאקע זיין גערא̇טן — מחנות פייגעלעך...

.4

דער קונה האָט זיך פארשפּעטיקט. דער אגענט — נידעריק, מיט א צעהויקערטער נאָז און גראָע, שפּיציק־קליינע אויגן — איז געווען אומגעדולדיק. ער האָט כסדר געקוקט אויפן זייגער און, אינצווישן, דערציילט שמשונען, אז דער קונה איז א ייד, וואָס קומט פון דער בעלגישער קאָנגאָ, ווו ער האָט געלעבט און געפירט געשעפטן פאר די לעצטע צוואנציק יאָר. האָט דאָרטן מסתמא איבערגעלאָזט א שווארצע ווייב מיט א טוץ קינדער. אויף דער עלטער האָט ער זיך פארבענקט נאָך א מענטשלעכן לעבן, און וויל שטארבן צווישן יידן. איז א פּראָסטער מענטש, קאָן קוים לייענען און שרייבן. האָט שוין פארגעסן ריידן יידיש, אָבער ער רעדט אויסגעצייכנט עטלעכע קאפער־שפּראכן. פארמאגט געלט אָן א שיעור. וועט נאָך מסתמא חתונה האָבן מיט א יונג יידיש מיידל (איז אלט א יאָר פופציק) און אויפשטעלן א יידישן דור אויך.

דער אגענט האָט זיך אָנגעלענט אָן זיין שרייב־טיש און געלאכט מיט קורצע, אָפּגעריסענע טענער, ווי הוסטנדיק: כע, כע, כע!

שמשון האָט זיך געפילט מיד, ניט אויסגעשלאָפן, און האָט כסדר געגעגענעצט, לאנג און מיט געשמאַק. שמשון האָט מיטאמאָל דערפילט א פארלאנג זיך אויפצוהויבן און אוועקצוגיין: ס'איז ניט ערלעך און ניט אָרענטלעך — האָט ער געטראכט — צו זיצן און צו ווארטן אויף א מענטשן מיט דערזעלבער כוונה, וואָס עס האָט א שפּין, בעת ער ווארט אויף א פליג. אָבער דער דאָזיקער פארלאנג האָט זיך באלד אויסגעוועפּט. ס'איז ארייינגעקומען א הויכער, מאָגערער מענטש, מיט שיטערע, שוין גראָלעכע האָר, מיט א טונקעלן, פון זון פארברוינטן פּנים, און מיט א בליק אין זיינע מאט־ברוינע אויגן, ווי פון א דערשראָקענער פארפאלגטער חיה. דער אגענט האָט זיי באקענט און באלד זיינען אלע דריי געווען פארטיפט אין א שטילן שמועס, אין חשבונות און דערקלערונגען. שמשון האָט געפילט א געהיימע שמחה צוליב דעם פאקט, וואָס דער דאָזיקער ייד פון דער קאָנגאָ איז א פּראָסטער מענטש, וואָס קען קוים לייענען און שרייבן: ווייסט ער זיכער ניט וועגן די קלאנגען. פרעגט ער טאקע אזוי ווייניק קשיות. ער גלויבט אלץ אויפן ווארט. אָבער צום סוף, האָבנדיק אָפּגעמאכט מיט שמשונען ארויסצופאָרן אָנקוקן דעם געשעפט, האָט דער קונה זיך אנטשולדיקט און אין גרויסער פארלעגנהייט, ווי ער וואָלט דאָ באגיין א נארישקייט, האָט ער געפרעגט: „פארוואָס פארקויפט איר עס?"

שמשון האָט זיך פארלארן. ער איז בלאס געווארן. ער האָט פארגעסן אָן אלע רעזאָלוציעס און תירוצים. ער האָט געקוקט אויף יענעמס גראָ־שיטערע

האָר, אויף דעם טונקל־צעברוינטן און צעקנייטשטן פּנים, געזען יענעמס פאַר־לאָרענעם אָבער ערלעכן בליק, און ס׳האָט אים באַנג געטאָן אויף אָט דעם יידן, וואָס האָט אפּגעלעבט א פּאָר צענדליקער יאָרן אין אווילדערניש — ער רעכנט, אז ס׳איז א ווילדערניש, ער אליין איז דאָרטן קיינמאָל ניט געווען — א שטיק רויע נאַטור, א פּרימיטיווע באַשעפעניש. איצט זיצט ער דאָ און גלויבט אין אלצדינג, וואָס מען זאָגט אים.

דער אגענט האָט פון דער זייט א קוק געטאָן אויף שמשונען און געענט־פערט פאַר אים:

„איר זעט דאָך — דער מענטש איז א חולה — מוז פאַרקויפן".

שמשון איז געקומען א ביסל צו זיך.

„ווען ניט די קראַנקייט!" ער האָט גערעדט גיך, אָן א צוזאַמענהאַנג, ווי פון היץ: „מענטשן לויפן, יאָגן, ווילן ארייַנכאַפּן די וועלט. מיטאַמאָל... וואָלט איך דען פאַרקויפט? און צען טויזנט, און פופצן טויזנט... יאָרן לאַנג געמאָלן, גע־מאָלן, בערג אָנגעשאָטן... פלוצלונג — סטאָפּ! וואָס איז? א ראַק! מוז מען דאָס פאַרכאַפּן, וואָס פריער. וואָס שנעלער... דייטשלאַנד... ספּעציאַליסטן! מוז מען פאָרן... וואָס דען?"

ער איז געבליבן זיצן אויסגעליידיקט. זיין פּנים האָט געפלאַמט און איך אים האָט געפיבערט. ער האָט זיך געפילט שולדיק פאַר עפּעס: א ראַק! וואָס עפּעס א ראַק? און אפשר... פונוואַנען ווייסט ער, אז ס׳איז ניט אזוי? אפשר איז דאָס טאַקע די סיבה פון זיין שוואַכן אַפּעטיט און פון די אַפּטע קאָפּ־ווייטאָגן? אפשר גיין צו א דאָקטער? א ראַק! אפשר האָט זיין אונטערבאַוווסטזיין אים ארייַנגעוואָרפן די אמתע ווערטער אין מויל, ווי די פּאַריקע נאַכט אין דעם האָ־טעל צימער? ער האָט אויפגעשווידערט, ווי פון קעלט, און געקוקט פאַרטראַכט אויף דעם אגענט. דער ייד פון דער קאָנגאָ איז געווען סימפּאַטיש, ער האָט ארויסגעזאָגט די האָפענונג, אז די קראַנקייט איז נאָך געוויס אין דער ערשטער סטאַדיע — וועט זיך עס לאָזן קורירן. ער ווייס פון אַן ענלעכן פאַל. מען האָט פולשטענדיק אויסגעקורירט. פאָרן זיי, הייסט עס, צוויי דעם זייגער אָנקוקן דעם פּלאַץ? גוט. ער וועט זיין גרייט.

.5

דער קונה איז געווען צופרידן. געזעסן א וואָך ביי שמשונען, געווען אימ־לעך טאָג אין געשעפט, געזען דעם פּדיון — א שפּעו ס׳האָט זיך אים גאָרניט געגלוסט אוועקצופאָרן פון דאָרטן: אזא ליכטיק הויז שמשונס, אזעלכע פריינד־לעכע מענטשן, דרך־ארצדיקע קינדער. פאַר אים איז דאָס אלץ געווען אזוי ניי. פריש — א בשוף־וועלט! ווען ער וואָלט ניט פאַרוואַגלט געוואָרן קיין קאָנגאָ, וואָלט ער געוויס אויך געלעבט אָט אזוי אָ... נאָר גאָרנישט: ס׳איז ניט זיין שטייגער צו וויינען אויף דאָס, וואָס עס וואָלט געקענט זיין, אָבער דאָס גע־שעפט געפעלט אים, דער פּלאַץ געפעלט אים: א גרויסע שטאָט איז צו טומל־דיק פאַר אים — ניט געוווינט. אָבער דאָ וועט זיין גוט. ער איז שוין מיד פון זיין ביז איצטיקן לעבן. שוין א לאַנגע צייט, אז ער האָט געטראַכט וועגן זיך

באזעצן אין א שטאָט. צווישן ווייסע מענטשן. אבער סיבות, אומשטענדן האָבן ניט דערלאָזט. אייגנטלעך וואָלט ער געקענט אויסלעבן זיינע יאָרן, ניט טוענדיק א שטאָך ארבעט—ער פארמעגט גענוג. אָבער ער קען ניט זיצן ליידיק. זינט ער געדענקט זיך, האָט ער געארבעט. אהערצו, קיין אפריקע, איז ער געקומען נאָך גאָר יונג, געווען עלנט, געטאָן אלץ, וואס ס'איז געקומען אונטער דער האנט, ארומגעוואנדערט איבער דער גאנצער לענג און ברייט פון לאנד, געווען א פריי־וויליקער סאָלדאט אין דעם ענגליש־בורישן קריג. שפעטער — זיך אוועקגע־לאָזט אין די טיפענישן פון אפריקע זוכן רייכטימער און געבליבן שטעקן אין דער בעלגישער קאָנגאָ. שווערע יאָרן די ערשטע געווען: קראנקייטן, פארלוסטן, פאמיליע־אנגעלעגנהייטן. ווען ס'זיינען שוין געגאנגען גוטע יאָרן, יאָרן פון גרויסער שפע, האָט מען באזייטיקט אלצדינג, פארגעסן. אָבער ערלעך איז ער אלעמאָל געווען און פארבליבן. יאָ אומשטענדן, ניט אומשטענדן — ער האָט קיינעם קיינמאָל ניט באשווינדלט, ניט אָפּגענארט. זיינס אווארט איז געווען וואָגיק, ווי א וועקסל. גאנץ קאָנגאָ האָט עס געוווסט. זיינס א ווארט האָט אים שיעור ניט געקאָסט דאָס לעבן, אָבער ער האָט זיין ווארט געהאלטן.

אָנהייב דער צווייטער וואך זיינען זיי געפארן זיך אפשרייבן. שמשון איז געווען שטיל און פארטראכט. ער איז געווען בלאס און זיינע פינגער האָבן נערווועז זיך געפלאָכטן איינס אין דאס אנדערע, ווי ער וואלט געווען פאר־צווייפלט. זיין פרוי האָט עס באמערקט באלד אויפן צווייטן טאָג, ווען ער האָט מיטגעבראכט דעם אלטן פון דער קאָנגאָ. דאָס האָט איר באאומרויקט, גע־שראָקן. ער האָט איר'ע פראגעס אפגעפטרט מיט אן אומגעדולדיקן: „גארנישט, גאָרנישט! ביזנעס!...״ אָבער מיט יעדן טאָג איז ער געווארן שטילער, פאר־טראכטער. ער איז שלעכט געשלאָפן און ווייניק געגעסן. שעהן לאנג איז ער געזעסן, אדער ארומגעשפאצירט, צוזאמען מיט דעם קאָנגאָ־יידן, זיך צוגעהערט צו זיינע רייד און געווען שטארק פאראינטערעסירט אין זיינע געשיכטעס. און א געדאנק, וואס האָט אים געפייניקט די גאנצע צייט, איז ענדלעך פארוואנדלט געווארן אין א פעסטן באשלוס: ער טאָר ניט, אויף קיין פאל, טאָר ער ניט פארקויפן זיין קאָנצעסיע צו אָט דעם מענטשן. ער טאָר ניט און וועט ניט! צו איינעם פון די קאָנצעסניקעס, צו איינעם זיינס גלייכן — אפשר יאָ, אָבער ניט צו דעם אלטן. א מענטש, וואס קאן ריזיקירן מיט זיין לעבן צוליב זיינס א וואָרט, דארף מען רעספעקטירן, טאָר מען ניט באשווינדלען... יאָ, ער געטרויט אים, דעם יידן פון דער בעלגישער קאָנגאָ. ער איז ניט קיין ליגנער.

איז שמשון געזעסן ביים אדוואקאט אין דער ביורא און געטראכט, אז ער, שמשון, איז טאָקע קראנק: ער פילט זיך אזוי שוואך, מיד, ווי נאָך א תענית. אפילו טראכטן ווי געהעריק קען ער ניט. ס'איז א ראָק, ניט אנדערש: א ראָק...

„...האַ, וואָס זאגט דער אדוואקאט? די פאפירן זיינען גרייט צום אונטער־שרייבן? ניין, ער חתמעט זיך ניט. ער האָט חרטה. זיי מוזן אים אנטשולדיקן — ער האָט געמאכט א טעות. ער וועט דעקן די גאנצע הוצאה — אָבער ער פאר־קויפט ניט, ער טאָר ניט. ער האָט ערגעץ אן ארימען קרוב וועט ער אים אי־

בערלאזן אין דאָס געשעפט — זאָל ער פארדינען א פּאָר איבעריקע פונטן. זיי מוזן אים אנטשולדיקן — ס'איז געווען א טעות. ער האָפט, אז דער ייד פון דער בעלגישער קאָנגאָ וועט אים פארשטיין און מוחל זיין. ער וועט אים געוויס מוחל זיין פאר זיין ברעכן דעם ווארט.

ער איז געשטאַנען אין מיטן צימער, בלאס און צעטרייסלט. זיין קול איז געווען דיק און פארשטיקט, ווי ער וואלט פלוצלונג געקראָגן א שטאַרקע פאר־קילונג. ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האנט צום אלטן. די האנט האָט זיך גע־טרייסלט...

---

א הימל שווער באלאָדן מיט גרויסע, שיינענדיקע שטערן איז געהאנגען איבערן שטעטעלע, און א שטילע שטילקייט האָט געררוט אויף הייזער און גאסן, נישטמער ווי דאָס ווייטע געררויש פון דער שטיינער מיל, ביי דער גאָלד־גרוב, האָט דערגרייכט אהער. שמשון איז געגאנגען פון דער באן־סטאנציע מיט גרינ־גע טריט און מיט א גרינגן הארצן און אָפט געשמייכלט צו זיך אליין.ביים טויער פון זיין הויז האָט ער זיך פארהאלטן א רגע און געקוקט אין דער ריכ־טונג פון דער קאָנצעסיע. די עלעקטרישע לעמפלעך האָבן אים צוגעווונקען: גוט, ריכטיק געטאָן!

אין הויז איז געווען שטיל. די קינדער זיינען שוין געשלאָפן, אָבער זיין פרוי איז געזעסן און געווארט אויף אים. מיט זיין אריינקומען האָט זי זיך אויפ-געשטעלט און נייגעריק געפאָרשט זיין געזיכט. ער האָט געשמייכלט. זיינע באקן האָבן איצט געהאט פארב אין זיי און זיינע אויגן האָבן געשטראלט מיט עפּעס א פארבאָרגענער שמחה. זיין פרוי האָט געבראכט טיי מיט ביסקוויטס. שמשון האָט געלאסן געזופט די טיי און געזאגט: "...א הארטער מענטש, פאר־שטייסט, א הארטער, אָט דער אלטער. מער ווי דריי טויזנט ניט געגעבן. ניט געקאָנט דורכקומען. א הארטער מענטש, פארשטייסט..."

שפּעט אין דער נאכט האָט זיין פרוי אים געהערט ריידן פון שלאָף: „גוט געטאָן! מענטש פון ווארט... גוט..."

1928

# בען

די סטאנציע פלאקפאָנטיין איז געלעגן אין צענטער פון רייכע מיליס־און וואל פארמס. אָבער די באפעלקערונג פון דער סטאנציע גופא איז געווען א קליינע: דער סטאַנציע־מייסטער מיט זיין פאמיליע, א דריי־פיר באן־ארבע־טער מיט זייערע פאמיליעס, א מילנער, וואס זיין פאראָווע מיל איז געשטא־נען אן ערך א פערטל מייל פון דער סטאַנציע, מיט זיין פאמיליע, און א יידי־שער קרעמער — אָן א פאמיליע. א מהלך פון פלאקפאָנטיין פלעגט שוין דאס אויג פון דעם ארויסקוקנדיקן רייזנדער אויפכאפן די גרויסע ווייסע שריפט אויף דעם רויטן דאך פון א געבידע, האַרט נעבן דער סטאנציע: „בענס ווינקל״. (בענס קראָם) די דאָזיקע געבידע איז געווען א גרויסע, פון שטיינער און ציגל, מיט א ווערענדע, וואס האָט ארומגעקריזט דריי זייטן פון דער קראָם. אויף דער ווערענדע פלעגן דורכן טאָג זיך געפינען: יאכן, קייטן, שטריק, רידלען, גראבליעס, עמערס, וואנעס, א וואג; נעבן דער ווערענדע, אויף דער ערד: אקערס, בראָנעס, פלאנצערס; אייזערנע, אין דער ערד פאר־פעסטיקטע „שטאָבעס — אָנצובינדן פערד.

אינעווייניק איז די קראָם געווען געטיילט אויף צוויי ניט קיין גלייכע טיילן: די קלענערע העלפט — א „שאָפּ״ פאר שווארצע, די גרעסערע, און מער צוגעפוצטע — פאר די ווייסע. א שווארצער האָט קיינמאָל ניט געטאָרט זיך באווייזן אין דער אפטיילונג פאר ווייסע, סיידן מען פלעגט אים אריינרופן טאָן עפעס אן ארבעט. בען איז געווען א גרויסער מקפיד אין דעם פרט. טאָמער איז א שווארצער, אומגערן, אריינגעקומען אין דעם „קעניגרייך״ פון די ווייסע, האָט בען תיכף א באפעל געגעבן, און דווקא, אין ענגליש: „העי, קאפער, געט טו העל אָוט אָוו הירו!״ און א וויז געטאָן מיטן פינגער צו דער אפטיילונג פאר שווארצע.

בען איז געווען א הויכער, כמעט א זעקספוסיקער, א בלאָנדער, מיט א רונדן, אויסגעהויבענעם בויך, מיט א גרויסן פליך אויף זיין פירקאנטיקן קאָפּ, מיט קליינע, וואסער־בלאָע אייגעלעך, וואס זיינען, דאכט זיך, געזעסן ביי אים ניט אין קאָפּ, נאָר אין זיין קורץ־דיקער נאָז, וואָס האָט שטענדיק געשמאָרעט, ווי זי וואלט געליטן פון אַן אייביקן קאטאר. אָנגעטאָן איז ער שטענדיק גע־גאנגען אין א פּאָר גראָע, פלאנעלענע הויזן, וואס האָבן זיך געהאלטן אויף זיין רונדן, אויסגעהויבענעם בויך אָן א רימען און אָן שלייקעס, מיט א

ווייכער ווייסער פונאנדערגעשפּיליעטער העמד, וואָס איז געווען אַ פּאָר נו־מערן צו גרויס פאַר אים, און אויבן אין אַ העל־גראָען ספּאָרט־רעקל. אַזוי איז געווען זיין אָנטועכץ די גאַנצע וואָך. אָבער זונטאָג האָט ער זיך אויסגע־פּוצט. זונטאָג האָט ער בכלל אָפּגעגעבן אַ סך צייט זיך אַליין: ערשטנס פלעגט ער זונטאָג שלאָפן שפּעטער, ווי אַלע טעג. דאָס הייסט: שלאָפן פלעגט ער ניט: ער פלעגט ליגן און לייענען די „סאַנדעי טאַימס“. דאָס איז געווען אַלץ, וואָס ער האָט ווען ניט איז געלייענט. דאָס האָט אים געגעבן אויף אַ וואָך צייט גענוג שטאָף פאַר פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע שמועסן מיט די פאַרמערס און מיט דעם סטאַנציע־מייסטער, וואָס איז געווען אַן ענגלישער און אַ גרויסער פּאַטריאָט פון זיין ענגלישער אימפּעריע. דערנאָך, אַרומגייענ־דיק אין פּידזשאַמעס, פלעגט ער, זומער, מיט אַ פליגן־טויטער אין האַנט, אַרומיאָגן אַ האַלבער שעה די פליגן פון זיין צימער און ווינטער — זיצן אין דער קליינער קיך, וואָס איז געווען צוגעבויט נעבן זיין שלאָפצימער, וואַרפן קוילן אין דעם קליינעם, אייזערנעם אייוועלע און איטלעך מאָל זאָגן צו זיך אַליין: „קאַלט!“ ד׳ערנאָך האָט ער גענומען אַ וואַנע, זיך ראַזירט, אַרומגע־שניטן די הינער־אויגן, אויסגעשאָרן די הערעלעך פון די אויערן און פון דער נאָז, און אַרויפגעשלעפּט אויף זיך טונקל־בלאָע הויזן, וואָס זיינען געלעגן ווי צוגעקלעפּט צו זיינע פלײשיקע פיס, און אַ ווייס־בלאָע, געשטרייפטע העמד, מיט אַ ווייכן קאָלנער: האַרטע קראַגנס האָט ער פיינט געהאַט. פאַרטיק געוואָרן דערמיט, האָט ער זיך פאַרמאַכט אין זיין שלאָפצימער און — געדאַוונט. דאָס פלעגט ער אויך טאָן ניט מער ווי איין מאָל אין וואָך — זונטאָג. פון עפּעס אַ שופלאָדל האָט ער אַרויסגעשלעפּט אַ פּאָר אָבגעבליאַקעוועטע תּפילין מיט אָפּגעשיילטע, שוין כמעט ווייסע רצועות און דאָס באַטראַכט אַ מינוט מיט אַ מינע, ווי ער וואָלט עס זען צום ערשטן מאָל. אָנגעטאָן די תּפילין, פלעגט ער זיך אויסדרייען מיטן פּנים צום פענצטערל פון זיין שלאָפקאַמער, וואָס האָט אַרויסגעקוקט צו דרום, און שאָקלען שטיל מיט די ליפּן. וואָס ער האָט דאָרט געזאָגט, האָט קיינער ניט געוווסט. קיין סידור האָט ער ניט געהאַט. נאָך אַ צען־פופצן מינוט פלעגט ער האַסטיק זיך אויסדרייען מיטן פּנים צום בעט, אויסשפּייען אַ צוויי־דריי מאָל און שנעל, ווי ער וואָלט זיך איילן ערגעץ, אַראָפּכאַפּן די תּפילין, זיי אַריינפּאַקן צוריק אין דעם געלן ספּרינגבאָק־טאַבאַק־זעקעלע, פונוואַנען ער האָט עס פריער אַרויסגענומען, און דאָס פאַרשטעקן אין דעם שופלאָדל — ביז איבעראַכטאָג זונטאָג.

דערנאָך — עסן. אין די טעג פון אַ גאַנצער וואָך פלעגט דאָס עסן זיין בחפזונדיק, שטייענדיק, גייענדיק. אָבער זונטאָג איז עס צוגעגאַנגען פּלאַנ־מעסיק, מיט אַ סדר. איינער פון די צוויי־דריי קאַפערס, וואָס האָבן געדינט ביי אים, דער וואָס איז אויך געווען דער קוכער בענס, האָט שוין געוווסט די דרכים פון זיין „באַס“. זונטאָג פרי איז דער טיש געווען געדעקט מיט אַ ווייסן טישטעך, מיט צעשטעלטע טעלער און טעלערלעך, גאָפּל, מעסער, לעפל און לעפעלעך, ווי אין אַ רעסטאָראַן. אפילו פּאַפּירענע סערוועטקעס האָבן ניט געפעלט. בען פלעגט זיך זעצן צום טיש אָנגעטאָן אין זיין טונקל־בלאָען

אַנצוג מיט דער בלאָ־ווייס־געשטרייפּטער העמד, מיט די שײַנענדיקע לאַקירענע שיך און בעטן פֿאַר זיך אַפּקאָכן אַ שיטערע איי. דערנאָך האָט ער אויסגעטרונקען אַ צוויי־דריי קריגעלעך קאַווע מיט שמאַנט, מיט אַ פּאָר ביסקוויטס און — שוין! בענס מאָגן האָט ניט פֿאַרטראָגן קיין סך עסן, אָבער טרינקען, אַפּנים, יאָ: בען פֿלעגט דורכן טאָג אויסטרינקען אַ צען־צוועלף קריגעלעך קאַווע, חוץ אַ צוויי־דריי פֿלעשלעך לימאָנאַד און אַ פּאָר קוואָרט וואַסער.

אין די זונטאָג־נאָכמיטאָגס פֿלעגט בען פֿאַרברענגען אָדער ביים סטאַנציע־מייסטער, אָדער ביי אַ דערבייאיקן פֿאַרמער. ער האָט געהאַט אַ געל־געפּאָרבענע, מיט רויטע בלימעלעך, קייפּ־קאַר, און אַ פּאָר פּעך־שוואַרצע פֿערד — רונדע, אָפּגעפּאַשעטע, גלאַנציקע — מיט לאַנגע גריוועס און עקן. מיילן אַרום האָט מען געקענט די דאָזיקע פֿערד — בענס פֿערד. ס'איז געווען בענס פֿרייד אין לעבן צו הערן, ווי מען לויבט זיינע פֿערד. פֿלעגט ער איינשפּאַנען זיינע צוויי „שוואַרצע בליצן" ווי ער האָט גערופֿן די פֿערד, און פֿאָרן פֿאַרברענגען די זונטאָג נאָכמיטאָגס ערגעץ אויף אַ פֿאַרם: זיצן און טרינקען קאַווע, שמועסן וועגן פּאָליטיק, גערעטעניש, בהמות; ווײַלן די מיידלעך מיט וויצן, וואָס ער האָט געלייענט אין די „סאַנדעי טאַימס", אָדער געהערט פֿון עמעצן. פֿאַרנאַכט פֿלעגט ער זיך אומקערן אהיים, באַלד זיך איבערטאָן צוריק אין זיין וואָכעדיקן הילוך און זיך נעמען צו דער אַרבעט: דורכקוקן פֿון דאָס ניי די גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ פֿון דער וואָך, צוגרייטן חשבונות און אויסשרייבן טשעקס. די איבעריקע צייט פֿונעם אָונט, ביזן שלאָפֿן גיין, פֿלעגט ער זיצן אויף דער וועראַנדע — שטיל, אָן אַ באַוועגונג און רויכערן. מיט דעם אָנגעשטעלטן, וואָס האָט געאַרבעט ביי אים, האָט ער ניט גערעדט קיין סך. ער האָט אים געצאָלט אַ פֿיינעם געהאַלט, אים באַהאַנדלט אָרענטלעך, פֿלעגט אים אפֿילו, מיטנעמען — ניט צו אָפֿט — אויף זיינע זונטאָג־נאָכמיטאָג־עקסקורסיעס, אָבער אינטים זיינען זיי ניט געוואָרן. אין די אָונטן, נאָכדעם, אַז דאָס געשעפֿט איז שוין געווען געשלאָסן, דאָס עסן געענדיקט, פֿלעגט בען דאָס רוב אַריבערגיין צו דעם סטאַנציע־ מייסטער. דער אָנגעשטעלטער פֿלעגט בלייבן אַליין, לייענען אַ בוך, אַ צייטונג, און גיין פֿרי שלאָפֿן. און ווען אפֿילו בען איז אין ערגעץ ניט געגאַנגען, פֿלעגט ער אויך ניט פֿאַרפֿירן קיין שמועס מיט זיין „מענטשן". ער האָט געזען, אַז יענער לייענט יידישע און ענגלישע ביכער און צייטונגען, אָבער בען האָט קיינמאָל זיך ניט נאָכגעפֿרעגט וועגן זייער אינהאַלט. דער „מענטש" איז געווען זיכער, אַז בען — ניט בלויז, אַז דאָס אַלץ אינטערעסירט אים ניט, נאָר אַז ער קען אפֿילו קיין יידיש ניט: בען האָט קיין אַנדער שפּראַך ווי ענגליש מיט זיין אָנגעשטעלטן ניט גערעדט. טאָמער איז בען געבליבן איין אָונט אין דער היים מיט זיין אָנגעשטעלטן, פֿלעגט ער אַ געוויסע צייט זיך פֿאַרעסן אין דער שטיל צווישן פּאַפּירן און דערנאָך זיצן שטיל אויף דער וועראַנדע — און רויכערן. אַמאָל פֿלעגט ער זיך נאָכפֿרעגן ביים אָנגעשטעלטן, צו דער אָדער יענער פֿאַרמער איז דעם טאָג אָדער די וואָך געווען אין „שאָפּ". באַקומענדיק דעם ענטפֿער, פֿלעגט ער אַרויסהוסטן: „המ..." און בלייבן ווידער שטיל.

פּלוצלונג האָט דאָס אַלץ זיך געביטן. דאָס האָט פּאַסירט קורץ נאָך דעם

טויט פון מאריען, די עלטסטע טאָכטער פון אָרעמען „בייווינער״ פון א דערבייאיקער פארם. זי איז געשטאָרבן ביים געבורט פון א קינד. איז דערנאָך איר פאטער געקומען צו בענען. זיי זיינען געזעסן א לאנגע צייט פארמאכט אין בענס צימער. יענעם אָונט איז בען ארויסגעגאנגען זיצן אויף דער וועראנדע פריער, ווי שטענדיק, און האָט געררויכערט מער. ער האָט ניט געקענט באגרייפן דעם ענין: מיט קיינער פון די אנדערע מיידלעך, וואס ער האָט געהאט באציונגען מיט זיי, האָט דאָס ניט פאסירט; מאריע אליין האָט אויך מיט קיין וואָרט עס ניט דערמאָנט. און אָט... אָבער אז מאריעס פאָטער זאָגט, אז ביים שטארבן האָט זי דערמאָנט זיין נאָמען, איז עס דאָך מסתמא אמת. מאריע איז געווען אן ערלעכע נשמה. פארפאלן. שיקט בען איצט אריבער יעדן מאָנטאָג פרי פראָוויאנט פאר א גאנצער וואך צו מאריעס עלטערן. ער שיקט אויך א חשבון מיט א פארטיקער קבלה — מ׳האָט שוין, הייסט עס, באצאָלט דערפאר. די עלטערן, מאריעס, נעמען עס צו, שרייבן זיך אונטער — א סימן, אז זיי האָבן דאָס געשיקטע באקומען. די מוטער מאריעס איז אומרויק: זי ווייסט דאָך, אז מאריע האָט ביים שטארבן אָנגערופן פארן פאָטער פונעם טויטן קינד גאָר דעם זון פון זייער באלעבאָס, וואָס אויף זיין גרונט וווינען זיי. אָבער דער מאָן אירער איז באשטאַנען, מען זאל ארויפוואַרפן די שולד אויף בענען — זיי זיינען דאָך אויך געווען אין נאָנטע באציונגען. ער קאָן ניט קומען צו זיין באלעבאָס מיט דער אָנקלאגע: יענער וועט אים אראָפּטרייבן פון דער גרונט, ווו וועט ער זיך אהינטאָן מיט זיין אכט־נפשותדיקער משפחה? פלעגן זיי באקומען פראָוויאנט פאַר א וואך, און די אלטע פלעגט, ביים פונאנדערפאקן, שטיל זיפצן און בעטן גאָט, דער טאָג זאל קומען, אז זיי זאלן קאָנען ריינוואשן די אומזיסטע שולד פון דעם אָרעמען בענען.

די דאָזיקע געשעעניש האָט בענען ארויסגעוואָרפן א ביסל פון זיין גלייכגעוויכט. ער האָט זיך מיטאמאָל דערמאָנט, אז ער איז שוין נענטער צו פופציק, ווי צו פערציק. ווי לאנג איז דער שיעור? וואס איז דער תכלית? קיין היים האָט ער ניט. עלטערן—לאנג שוין טויט. פריינד? באקענטע? אפשר צווישן די, וואס זיינען צוזאמען מיט אים, פינף און צוואנציק יאָר צוריק, געזעסן אין טורמע: צווישן זיין באנדע פערד־גנבים האָבן זיך אויך געפונען אינטימע פריינד...

האָט בען איין טאָג זיך אריינגעזעצט אין באַן און איז אריינגעפארן קיין יאָהאנעסבורג — אזוינס, וואָס ער פלעגט טאָן זעלטן. א פּאָר וואָכן שפּעטער איז ער ווידער אהין געפאָרן. און איטלעך מאָל פארן פאָרן, פלעגט ער זיך וואשן, שייערן, רייניקן. ער האָט אפילו פרובירט אָנטאָן א הארטן קראגן, אָבער נאָכדעם ווי ער האָט זיך אפּגעמאטערט דערמיט, ארום א האלב שעה, און איז שיעור ניט דערשטיקט געווארן, איז ער געפארן מיט א ווייכן קראגן.

קומענדיק צוריק פון יאָהאנעסבורג צום דריטן מאָל, האָט ער איין אָוונט, באלד נאָכן עסן, זיך געווענדט צו זיין אָנגעשטעלטן אין א ריינעם יידיש:

„איר קענט דאָך מסתמא אָנשרייבן א יידישן בריוול?״

דער „מענטש״ האָט זיך ארומגעקוקט אויף אלע זייטן. ער איז ניט געווען זיכער צו דאס רעדט בען אָדער אן אנדערער, וואס איז אומבאמערקט אריינ־

געקומען אין צימער. און בען האָט זיך אָנגעטרויט: ס'איז וועגן א שידוך. אַן אלמנה. ס'איז אָבער פאראַן אַן אָפּהאלט. זי וויל ניט אוועק פון שטאָט. אָבער וואס טויג איס די שטאָט? ער האָט פיינט די שטאָט! שטויב, טומל, שווינדל, נאַרעריי. איז געבליבן: זי'ט קומען א קוק טאָן. אויב דאָס אָרט וועט איר געפעלן ווערן, וועט מען קומענדיקן חודש שטעלן א חופה. ס'וואָלט זיין א ישועה פאר אים. ווי לאנג איז דער שיעור? וואס איז דער תכלית? ער איז שוין מיד. אויף דער עלטער. פריינד ווערן שיטערער. ניטאָ, ווער עס זאָל דערלאנגען א ביסל קאלט וואסער, ווען מען פילט זיך א ביסל צעטרענצלט. זאָל ער אָנשרייבן צו איר א בריוול אין יידיש — זי פארשטייט ניט קיין ענגליש. זאָל ער איר שרייבן, אז זי קען קומען דינסטאָג אָנקוקן דעם פלאץ. זאָל ער א ביסל א שילדער טאָן דאס פעלד, די בלומען, די בערג וואס ליגן א מייל אוועק פון פלאקפאָנטיין, לויבן די רויקע שטילקייט, דעם געניס פון אן אנטומלדיקן לעבן, זאָל ער...

דינסטאָג איז בען אויפגעשטאַנען פריער, ווי שטענדיק: ס'איז נאָך געווען טונקל. ער האָט לאנג זיך געוואשן, געראזירט, געפוצט די נעגל, זיך אָנגעטאָן אין די שמאָלע, טונקל־בלאָע הויזן, מיט דער בלאָ־ווייס געשטרייפטער העמד, האָט זיך פארמאכט אין זיין שלאָפצימער און — געדאווענט... היינט איז ער געשטאַנען מיטן פנים צום פענצטער לענגער, ווי ווען ניט איז זונטאָג, און געטרייסלט מיט די ליפּן גערדיכטער. זעענדיק בענען ארויסקומען נאָכן דאווענען, האָט זיך זיין „מענטש" איינגעקוקט אין אים: עפּעס זיינען בענס אויגן היינט וואסערדיקער, ווי שטענדיק.

דערנאָך איז בען שוין געווארן אומרויק. ער האָט זיך ניט געפונען קיין אָרט, האָט כסדר געקוקט אויפן זייגער. און א האלבער שעה — פאר דעם אָנקומען פון באַן — איז ער שוין געשטאַנען אויף דעם פעראָן, כלומרשט געפירט א שמועס מיט די, וואס זיינען געקומען פון ווייט אפּוואַרטן פריינד.

בען האָט איר ארויסגעהאָלפן פון וואגאָן. זי איז געווען א מיטל־געוויקסיקע, מיטליאריקע, מיט ברוינע האָר און אויגן, מיט א לעבעדיקן טריט און באוועגלעכן ריר, כאָטש א ביסל דיקלעך. זי האָט זיך שנעל ארומגעקוקט, אָבער האָט קיין ווארט ניט ארויסגערעדט. בען האָט זי אריינגעפירט אין שאָפּ, אין דער קליינער קיך, אין די שלאָפצימערן. ער האָט אָנגעצייכנט, ווו ער האָט בדעה צו בויען א גרויסע, מאָדערנע ווינונג, מיט א גאָרטן, מיטביימער. ער האָט געלויבט די לופט און געוואלט וויסן פון איר, צו זי פילט ניט, ווי דאָס בלוט פולסירט דאָ פרייער, ווי אין שטאָט.

מיטאָג האָבן זיי געגעסן ביים סטאַנציע־מייסטער אין הויז. בען האָט דערקלערט, אז זיין „לעידי־פרענד" פון יאָהאַנעסבורג איז ניט געוווינט צו דעם עסן פון א „סינגל־מען". דערנאָך האָט בען געלאזט איינשפּאַנען זיינע צוויי „שווארצע בליצן" און זיך אוועקגעלאָזט אויף וועגן און שטעגן זי באקענען מיט דער געגנט.

זי איז געווען צופרידן — מיט בענען, מיט זיינע „ביזנעס"; שטארק געלויבט בענס פערד, אָבער — ס'טוט איר שטאַרק לייד, אז זי קאָן בשום אופן ניט פועלן ביי זיך צו קומען לעבן דאָ, אין אָט דעם פארוואָרפענעם העק —

אַן עלעקטרישער באַלייכטונג, אַן הייסן און קאַלטן וואַסער און אַן סאַניטאַרע אײַנריכטונגען. אַכציק מייל פון יאָהאַנעסבורג! זי קומט פון אַ גרויסער שטאָט אין פּוילן, איז שוין אַ פּאָר יאָר אין יאָהאַנעסבורג. ניט אירע עלטערן, ניט איר מאַן זיינען געווען נגידים, אָבער באַקוועמלעכקייטן האָבן איר קיינמאָל ניט געפעלט. ניין, פאַרלויפיק קאָן זי ניט באַשליסן צו קומען לעבן אין פּלאַק־פאָנטיין. אויב זי וועט ווען ענדערן איר באַשלוס, וועט זי זיך קאָמוניקירן מיט אים.

בען איז געשטאַנען ווי אָנגענאָגלט צו דעם זאַמדיקן פעראַן און נאָכגע־קוקט דעם אָפּגייענדיקן צוג, וואָס האָט צוריק געפירט די אַלמנה, מיט אַ געפיל, ווי דער צוג וואָלט אַוועקגעפירט דאָס בעסטע און טייערסטע, וואָס ער האָט פאַרמעגט אין זיין לעבן.

1939

# „פאָול״ ...

פופצן יאָר האָט ער מיט ידן קיין מגע ומשא ניט געהאט. דאָס ביסל עברי, וואָס ער האָט אַמאָל געלערנט אין חדר, האָט ער שוין לאנג פארגעסן: ער האָט געהאט א שווערן קאָפּ און טאקע אויך ניט געוואָלט לערנען. ווען ער האָט פארלאָזן דעם חדר, האָט ער קוים געקאָנט אָנשרייבן א יידישן בריוול. זיין טאטע, א דאָרף־שניידער און א גרויסער אָרעמאן, האָט אים צוגענומען פון חדר תיכף נאָך בר־מצוה און אים מכבד געווען צו טראָגן די ניי־מאשין. ער האָט געוואלט מאכן זיין זון פאר א באלמעלאָכע. אָבער אויך שניידעריי, ווי לערנען, האָט ער ניט ליב געהאט. אָט: רייטן אויף פערד, אָניאָגן בהמות, העלפן די פויערים אקערן און זייען, שניידן און בינדן די תבואה, זיצן אין דער הויך אויף א וואָגן מיט היי און פייפן — דאָס האָט ער ליב געהאט, דערצו האָט ער געהאט א גרויסן חשק, און פייאיקייט.

קומענדיק אין א דאָרף, פלעגט ער לאָזן דעם פאָטער ביי דער ארבעט און אליין האָט ער זיך ארויסגעכאפט העלפן די פויערים אויף די פעלדער — אויב עס איז געווען זומער, און ווינטער — פאָרן מיט זיי אין וואלד נאָך האָלץ, העלפן אָנלאָדן, האַקן און זעגן, אָדער זיך גליטשן אויפן אייז און מאכן שניי־מענטשן.

זיין פאָטער האָט זיך געבייזערט און צוגעשאָקלט טרויעריק דעם קאָפּ. די מאמע האָט זיך געוווּנטשן: „איידער ער זאל אויסוואקסן א פויער וואָלט ער שוין בעסער ניט געדארפט געבאָרן ווערן״. אָבער ער האָט זיך געטאָן זייניקע: האָט געטראָגן די מאשין און געארבעט — מיט די פויערים אויף די פעלדער.

האָט זיך אויף אים דערבארעמט א פעטער אין אפריקע און אים אראפגע־בראכט צו זיך. דער דאָזיקער פעטער איז געווען א קרעמער ערגעץ אין דער פראווינץ. האָט ער אוועקגעשטעלט זיין פלימעניק הינטערן טאָנבאנק מיטן גע־דאנק אים צו מאכן פאר א געשעפטמאן. ביים סוף פון ערשטן יאר איז ער אוועק פון פעטער. קיינעם ניט זאָגנדיק, האָט ער זיך פארדונגען ביי א פארמער אויף דריי יאָר. נאָכן טערמין האָט ער געדונגען ערגעץ א שטיקל גרונט און איז גע־ווארן באלעבאָס פאר זיך. פינף יאָר שפעטער איז ער שוין געווען דער אייגנ־טימער פון אן אייגענעם שטיקל גרונט.

ער איז געווען א מיאוסער. האָבן די בורן אים געגעבן דעם צו־נאָמען „פאול קרוגער״ — (דער לעצטער פרעזידענט פון טראנסוואל) ס׳איז געווען א

געוויסע פיזיאָנאָמישע ענלעכקייט צווישן זיי. איז שוין זיין נאָמען פארבליבן „פאול קרוגער", הגם גערופן האָט מען אים נאָר „פּאַול". און „פּאַול" האָט זיך איינגעלעבט מיט די בורן, איבערגענומען זייערע זיטן און מנהגים, גלויבנס און אַבערגלויבנס, און האָט צום סוף חתונה געהאט מיט דער טאָכטער פון א רייכן בור, א פארמער.

אין די ערשטע פאָר יאָר האָט ער נאָך געשריבן בריוו אהיים און אייניקע מאָל אויך געשיקט א ביסל געלט. אָבער דאָס שרייבן איז אים געפאלן שווער. האָט ער דאָס שרייבן אפּגעלייגט פון טאָג צו טאָג און פון וואך צו וואך ביז ער האָט אינגאנצן אויפגעהערט שרייבן. די בריוו פון זיין היים האָבן אויך אָנגעהייבן קומען וואָס וויטער אלץ ווייניקער — האָט „פּאַול", אין דעם גאַנג פון די יאָרן, אינגאנצן פארגעסן זיין היים און אפּשטאם — ער איז געווארן א בור. אין די אָוונטן און זונטאָגס פלעגט ער פארברענגען ביי שכנים־פארמער, טרינקען שווארצע קאווע, קייען טאבאק און רידן וועגן פארם־אנגעלעגנהייטן, זיך פארברענגען מיט די מיידלעך און זיך דערציילן מעשיות פון שדים און רוחות, וואָס וואנדערן ארום איבערן לאנד, פאר געוויסע זינד, וואָס זיי זיינען באגאנגען ביים לעבן. זייענדיק שטארק אומוויסנדיק האָט ער געגלויבט אין אלץ, וואָס מען האָט אים געזאגט און דערציילט. ער האָט געהאָט סימנים אויף גוטס און שלעכטס, האָט ניט אונטערגענומען קיין רייזע און האָט ניט אָנגעהייבן קיין נייע מלאכה דעם דרייצנטן טאָג פון חודש; גלייבנדיק אין דער ווירקונג פון פארשטאָרבענע פריינד און באקאנטע אויף דעם מענטשס לעבן און גורל: אויב מען טוט ניט זייער ווילן און מען היט ניט אָפּ זייער צוואה קומען אומגליקן. נאָך דער חתונה, וואָס איז פארגעקומען אין קירך, פלעגט ער, ווייניקסטנס, איינמאָל אין חודש, גיין אין קירך הערן דעם פרעדיקאנט. דערפאר, האָט ער געגלייבט, באצאָלט אים גאָט מיט א גערעטעניש אויף די פעלדער, מיט א סך בהמות און מיט געזונטע קינדער.

אײן אָוונט האָט ביי אים געגעכטיקט א ייִדישער „טאָכער". אין דעם פארפירטן שמועס האָט דער ייִד דערציילט, אז מיט א פּאָר חדשים צוריק איז אים געשטאָרבן זיין מוטער — דער לעצטער פאָדים, וואָס האָט אים נאָך געבונדן צו דער אלטער היים, — איז מיט איר טויט איבערגעריסן געוואָרן. האָט „פּאַול" בעת מעשה זיך דערמאָנט אין א בריוו, וואָס ער האָט באקומען מיט אייניקע וואכן צוריק. ער האָט די בריוו ניט געקענט לייענען — פינטעלעך און שטריכעלעך. ער איז אפילו ניט געווען זיכער צי ער האלט ניט די בריוו מיטן קאָפּ אראָפּ. האָט ער איצט זיך דערמאָנט און געבעטן דעם „טאָכער", אז ער זאָל אים זאגן, וואָס אין בריוו איז געשריבן, פונוואנעט דאָס קומט. דער „טאָכער" האָט עס דורכגעלייענט. ס'איז א בריוו פון א פאָטער צו א זון. ער שרייבט אים, אז זיין מאמע איז געשטאָרבן. פארן שטארבן האָט זי געבעטן מען זאָל שרייבן דעם זון, אז זי וועט אים מוחל זיין אלצדינג אויב נאָר ער וועט זאגן קדיש נאָך איר. דער פאָטער שרייבט פון זיך: „כ'בין שוין אלט און קראנק, קען מער ניט ארבעטן. איין גאָט ווייסט ווי איך וועל זיך דערהאלטן ביים לעבן".

„פאול" האָט דעם „טאָכער" געזאָגט, אז דער דאָזיקער בריוו איז צו אים אנגעקומען מיט, זיכער, א טעות: דער „טאָכער" דארף ניט וויסן זיין אפשטאם. ווייב און קינדער וויסן אויך ניט. דער ייד האָט מסכים געווען, אז ס'איז א טעות. ס'האָבן זיך אפילו ארומגעטראָגן קלאנגען וועגן א יידישן פארמער, וואָס האָט זיך פולשטענדיק אסימילירט. אָבער זאָגן אויף זיכער, אז אָט דער דאָזיקער איז עס דער יידישער פארמער האָט ער ניט געקענט: „פאָול" האָט ניט קיין יידישן אויסזען, רעדט אפריקאַאַנס, ווי א געבאָרענער בור, זיין ווייב איז א קריסטין, ער גייט אין קירך.

אָבער אויף מאָרגן, באלד ווי דער „טאָכער" איז אוועקגעפאָרן, האָט „פאָול" געטראכט וועגן דעם בריוו, איז געוואָרן באאומרואיקט: וואָס טוט מען? ער איז ווייט פון א שטאָט, אפגעפרעמדט פון יידן — אלע באטראכטן אים, ווי א געבאָרענעם בור — וואָס וועט ער זאָגן זיין ווייב מיט די קינדער, די שכנים? און קדיש? ווי אין חלום געדענקט זיך אים: מען זאָגט עס דריי מאָל א טאָג — פאר דער נשמה פונעם טויטן. אָבער צי קען ער דאָס דורכפירן? ער געדענקט שוין ניט קיין ווארט דערפון, קאָן א סידור אין האנט ניט האלטן. ער וועט זיך דורכריידן מיט דעם „פרעדיקאַנט", וועלכער קומט ארויס איינמאָל א חודש האלטן גאָטעס־דינסט ביי די ארומיקע פארמערס. ער וועט אים בעטן, ער זאָל זאָגן א ספּעציעלע תפילה פאר זיין מאמעס נשמה. אָבער אינגאנצן האָט זיין דאָזיקער געפּאסטער באשלוס אים ניט צופרידנגעשטעלט. א געהיימער געדאנק האָט אים אונטערגעזאָגט, אז קדיש איז מער, ווי א תפילה. חוץ דעם, זיין מאַמע איז געווען א פרומע יידישע פרוי — צי וועט זי זיין צופרידן מיט דער תפילה פון א גלח?

ער האָט א סך געטראכט. א פּאָר מאָל איז זיין מאמע אים געקומען צו חלום. ווען ער האָט דערוואכט איז ער ניט געווען זיכער צי זי האָט גערעדט מיט אים, אָבער, אז זי איז געקומען אים וואָרענען וועגן דעם איז ביי אים קיין צווייפל ניט געווען. א צווייטן מאָל האָט ער זי געזען א בלאסע מיט פאר־וויינטע אויגן. דאָס איז געווען ביי אים א שלעכטער סימן. נאָכדעם האָט פּאַ־סירט, אז א פּאָר פון זיינע בעסטע מילך־קי זיינען אוועקגעפאלן, א פערד האָט זיך אויסגעבראָכן א פוס און א קינד איז שיער ניט דערטרונקען געוואָרן אין דעם טייכל, וואָס איז געלאָפן ביים גרענעץ פון זיין פאַרם. „דאָס איז שוין דער מאַמעס ארבעט", האָט ער באשלאָסן. זי מאָנט דעם קדיש. האָט ער אויף מאָרגן געהייסן שפּאַנען צוויי פון זיינע בעסטע פערד, זיך אויסגעפּוצט און זיינע קירך־מלבושים און איז אוועק אין שטאָט. דער פאמיליע האָט ער געזאָגט, אז ער דארף דערלידיקן אין שטאָט א וויכטיקן עניין, וואָס קען זיך פארציען א פּאָר טעג.

ער איז פארפאָרן אין א האָטעל, האָט באזאָרגט די פערד און איז אוועק צו א באנק מאכן א דראַפט פאר עטלעכע פונט פאר זיין טאַטן. פון היינט, האָט ער באשלאָסן, וועט ער שיקן פאר זיין טאַטן א באשטימטע חודש־סומע. גייענדיק האָט ער באמערקט, אז אייניקע געשעפטן זיינען געשלאָסן. האָט עס אים גע־וווּנדערט. ער האָט זיך אָנגעפרעגט ביים קאסיר וועגן דעם.

„אָ, ס'איז דער יידישער פאַסט־טאָג", האָט אים יענער געזאָגט. „זעסט דאָרטן, אראָפּ גאס אַ ווייסע געביידע? דאָס איז זייער סינאַגאָג. זיי שטייען דעם גאַנצן טאָג אָן עסן און טרינקען", האָט ער ארויסגעוויזן זיינע ידיעות אין יידישע ענינים, „און דאַוונען".

„פאָול" האָט זיך פארטראַכט: דער יידישער פאַסט־טאָג... דער יידישער... יום כיפור! האָט עס אים א יאָג געטאָן אין קאָפּ. יום כיפור! און אין זכרון ביי אים זיינען אויפגעשטאַנען תחית המתים א שלל זכרונות, בילדער פון זיין קינדהייט און יוגנט: דאָס שטעטל, דער אלטער, הילצערנער בית־מדרש, יידן אין טליתים, די גרויסע יום־כיפור ליכט, דעם טאַטנס פארוויינטער פנים, דער מאַמעס טרערן...

ווען ער האָט זיך ארומגעקוקט איז ער שוין געשטאַנען ביים אריינגאַנג פון שול. א הייסע כוואַליע האָט זיך א גאָס געטאָן איבער זיין לייב און א שווייס האָט ארויסגעשלאָגן אויף זיין שטערן. ער האָט ארויסגענומען זיין טאַשנטיכל און ארומגעווישט דעם שווייס פון פנים. א פּאָר מינוטן איז ער געשטאַנען און זיך צוגעהערט צו די פארשטיקטע שטימען, וואָס זיינען געקומען פון אינעווייניק. ער האָט געעפנט די טיר און איז אריין. א וואַרעמע, אַנגעשוויצטע און פארחלבטע לופט האָט אים א שלאָג געטאָן אין פנים. קיינער האָט זיך ניט אומגעקוקט אויף אים — אלע זיינען געווען שטאַרק פארטאָן אין זאָגן עפּעס אויפן קול. עמעצער איז צוגעקומען, אים אָנגעקוקט א רגע און געפרעגט, אין ענגליש, אויב ער דאַרף א טלית און א מחזור. ער האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ. דערווייל האָט עמעצער געעפנט דעם ארון. „פּאָול" האָט א קוק געטאָן, דערזען די ספר־תורהס און א ציטער האָט צעטרייסלט זיין לייב. ס'האָט זיך אים אויסגעמאָלט, ווי מען וואָלט געעפנט א קבר און ער זעט פאַר זיך די טויטע גופים, פארבאַלזאַמירטע... אָט אַזוי זעט איצט אויך אויס געוויס זיין מאַמע... ער האָט געפילט, אַז לענגער בלייבן דאָ קען ער ניט. אַלץ ארום שרעקט אים. ער האָט זיך אומגעדרייט און שטיל, מיט א געבויגענעם קאָפּ, איז ער ארויס פון שול. אויפן גאַס האָט ער אָנגעהייבן גיין שנעלער, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז דער ייד, וואָס איז אוועק ברענגען א טלית מיט א מחזור, זאָל זיך ניט נאָכיאָגן נאָך אים.

צוריק אין האָטעל האָט ער עפּעס געגעסן, באַצאָלט, געקויפט א פלאַש בראַנפן און איז געפאָרן צוריק אהיים.

„זי וועט אים מוחל זיין", האָט ער געזאָגט צו זיך, פאַרנדיק. „זי ווייסט, אַז איך קען ניט. כ'וועל שיקן דעם טאַטן עקסטרא געלט — זאָל ער זאָגן קדיש אויך פאַר מיר. כ'וועל אויך בעטן דעם „פּרעדיקאַנט, אַז ער זאָל מתפּלל זיין פאַר איר נשמה. זי וועט מיר מוחל זיין. זי ווייסט, אַז איך קען ניט..."

1912

# אוסיבעבו דזשאָן פאָרט אַהיים

נאכט. שיטערע וואָלקנס יאָגן זיך הענדום־פענדום, ווי צעשראָקענע שאָף, פארדעקן און אנטפלעקן א סוף־חודשדיקע לבנה, וואס יאָגט זיך אין גרויסער איילעניש צום הימל־ראנד. איינצלנע טראָפּנס רעגן פאלן פלוצלונג אראָפּ אויף דעכער, אויף הארטע טראָטוארן און פארזינקען שטיל און אומבאמערקט אין גרינע לאנען. שטיל. אין א געמויערטן, ווייס־געקאלכטן גאראזש, ערגעץ אין א צפונדיקער פארשטאָט פון יאָהאנעסבורג, שטייט א בלאָער אויטאָמאָביל און זיינע צוויי לאָמפּן, ווי ברילן אויף געשלאָסענע אויגן, קוקן שטום און שטאַר אין דער טונקלקייט אריין.

עס פאלט א שיטערער, גרויס־טראָפּנדיקער רעגן.

אין א הויף, ערגעץ אין א דרומדיקער־פארשטאָט, אין א קליין צימערל, שלאָפט אוסיבעבו, אָדער דזשאָן, ווי ס'רופן אים זיינע ווייסע באלעבאטים. דער מאטראץ אונטער אים, וואס ליגט אויף א פארראָסטן אייזערנעם בעטל, איז, ערטערווייז, צעריסן און די האָר קריכן ארויס. אוסיבעבו ליגט מיט דער קאָלדרע אר׳בערגעצויגן איבערן קאָפּ. עס חלומט זיך אים א באַן־קאטאסטראפע: דער צוג, מיט וועלכן ער פאָרט, איז אראָפּגעפאלן אין שטראמיקן וואסער, וואָס פלייצט שוין איבער אים. ער דערוואכט און זעצט זיך אויף צעשראקן. שווערע טראפּנס וואסער פאלן טומלענדיק אויף דעם בלעכענעם דאך פון זיין צימערל און אייניקע טריפן אראָפּ אויף זיין קאָפּ. ער דרייט זיך איבער אויף דער צווייטער זייט. ער הערט: עמעצער כראָפּעט נעבן זיין בעט. דערמאָנט ער זיך: דאָס כראָפּעט זיין שטעלפארטרעטער, אוהאמו, אָדער ביי זיין ווייסן נאָמען: פּיט. קומט אים שוין אויפן געדאַנק, אז דאָס שלאָפט ער די לעצטע נאכט אין בעט, אין וועלכער ער האָט געשלאָפן גאנצע פינף יאר: מאָרגן פאָרט ער אהיים.

ער שלעפּט אריבער די קאָלדרע איבערן קאָפּ. כראָפּן שוין ביידע. דער רעגן פאלט שטארקער, געדיכטער.

אין דעם ווייס־געקאלכטן גאראזש האָט זיך אפגעשפּילט א טראגעדיע. א יונגע מייזל, וואס האָט ארומגענישטערט אויפן הויף, האָט געזוכט אן אָרט זיך אויסצובאהאלטן פונעם רעגן. זי האָט זיך דורכגעשפּארט דורך דעם שפּאַלט, וואס צווישן טיר און דיל פון גאראזש און זיך פארקליבן נעבן בלאָען אויטאָמאָביל. אין דער סעקונדע האָבן צוויי גרינע אויגן א בליץ געטאָן אין דעם טונקעלן חלל, און „בל'עקי״, די גרויסע, שווארצע קאץ, וואָס שלאָפט שטענדיק

אויף דעם זעלבן אָרט אין גראַזש, האָט דערלאַנגט אַ שפּרונג. אַ דין שטי־מעלע האָט ארויסגעלאָזט אַ פּאָר אנגסט־געשרייען און איז שטיל געבליבן.

דער רעגן האָט אויפגעהערט. עס שאַריעט אויף טאָג. עמעצער האָט זיך געגרייט מקבל־פּנים זיין די זון: וואָלקנס זיינען אפּגעווישט געוואָרן און שטערן זיינען פארשווונדן איינציקווייז. העגער האָבן אויסגעפּרווט זייערע שטימען און פייגעלעך האָבן זיי באַגלייט כאָרנווייז. נעבן פאַרמאַכטע טירן האָבן גערדרעמלט ווייסע פלעשער מילך. רויך האָט זיך שוין געצויגן פון קוי־מענס און אַ פייף פון אַ באַגינענדיקן צוג האָט אפּגעהילכט פון ווייטן.

אוסיבעבו־דזשאַן זעט, אַז אוהאמו־פּיט קלייבט זיך שוין גיין אונטער־הייצן דעם אויוועלע אין קיך. ציט זיך אוסיבעבו אויס אין זיין גאַנצער לענג: היינט מעג ער זיך דערלויבן צו ליגן עטוואָס לענגער. ער באַטאַפּט דעם מוסקול־דיקן אָרעם פון זיין לינקער האַנט: ס׳איז דאָ! אין דעם לעדערנעם רימען־טייסטער, וואָס איז פעסט ארומגעבונדן דאָרטן, ליגן אכט גאָלדענע פונטן, וואָס ער האָט באַוויזן אפּצושפּאָרן. מיט דעם דאָזיקן געלט וועט ער קויפן נאָך אפּאָר בהמהלעך, דאַן וועט ער שוין האָבן פאַרפול די צאָל בהמות, וואָס ער דאַרף האָבן פאַר „לאָבאָלאָ״ צו געבן דעם אלטן דיניזולו פאַר זיין טאָכטער שענזאַנ־גאַקאַנאַ, וואָס ער וויל האָבן פאַר אַ ווייב. אכט, אָדער אפשר צען בהמהלעך, לויפן שוין ארום אין זיין שטאַאַט, ערגעץ צווישן די בערג אין זולולאנד און שפּיגלען אָפּ זייערע אויסגעפּאשעטע לייבער טעגלעך אין דעם טייך אומפּאָ־לאָסי. מיט דריי יאָר צוריק, ווען ער איז געווען אַ חודש אהיים, אויף אורלויב, האָט זיין מאַמע אויסגערעכנט, אַז די ערשטע צוויי טעלעצעס דאַרפן זיך קעלבן דעם קומענדיקן פרילינג. זיינען פאַר צוויי יאָרן געווען פיר, פאַריאָרן זעקס און דעם יאָר — אויב אַלע קעלבער זיינען געווען קיעלעך — דאַרפן שוין זיין צען. אָבער דער אלטער דיניזולו וויל ניט אנדערש צוועלף בהמות פאַר זיין טאָכטער.

די ברוין־געפּאַרבטע טירן פון דעם גאַראַזש שטייען אָפן. „בלעקי״ הויבט זיך אויף פון איר געלעגער, הויקערט זיך אויס און פארלאָזט דעם גאַראַזש מיט שטילע, איידעלע טריט. זי באַלעקט זיך: דער טעם פון דעם יונגן מייזל ליגט איר נאָך אפּנים אין מויל. עמיצער וואַשט און רייניקט דעם בלאָען אויטאָמאָ־ביל, וואָס גלאַנצט מיט זיינע לאָמפּן־אויגן אנטקעגן אַ ראָזיקן הימל.

אוסיבעבו פּאַקט זיין באַגאַזש. אין אַ הילצערנעם קעסטל, געשטרייפט גרין אויף אַ גאָלדיקן הינטערגרונט, פּאַקט ער פאַרזיכטיק: אַן אלטן, אבגעבליא־קעוועטן אַנצוג, וואָס זיין באַלעבאָס האָט אים געשאָנקען, אַ פּאָר קאָלירטע העמדער, אַ גראָ־האָריקע קאָלדרע, אַ גיטאַרע, אַ פּאָר בייגל ווייסע און געלע דינע דראַט, פאַרשיידנאַרטיקע קרעלן, אַ ברויט, אַ בלעכל סיראָפּ און אַ קענדל אויף וואַסער.

אין דעם בלאָען אויטאָמאָביל שטייען צוויי רייזע־זעק און שוואַרצע הענט בינדן שטריק ארום זיי.

אוסיבעבו־דזשאַן עסט פרישטיק. ער זיצט אין טיר פון זיין „רום״ און טונקט האַרטן „פּאַפּ״ אין צוקער און זופּט ארויף הייסן טיי. ער שמייכלט צו

א שטיקל פאַפּ, וואס ער האלט ביים אריינשטופּן אין מויל: איבערמאָרגן, נאָך מיטאָג, וועט ער שוין זיין אהיים. ס'איז אים שוין נמאס געווארן זיך צו פעדערן אין די פינצטערע באגינענס, איינהייצן דעם אויוועלע, וואשן די דילן, די קיך, די האנטעכער, די פענצטערס, די נאכט־טעפּלעך (פע, א מיאוסער מנהג ביי די ווייסע — אין שטוב גאָר!) פּוצן און רייניקן די שיך מיט די קליידער, זיצן לאנ־גע אָוונטן אין הויז און היטן די שלאָפנדיקע קינדער, בעת די עלטערן זיצן אין א טעאטער; פארקנעפּלען און פארשנירעווען דעם באלעבאָס שיך (יענער איז פעט און קען זיך ניט בויגן) — דאָס אלצדינג האָט אים שוין דערעסן. ער בענקט אהיים. זיין בלוט שרייט ארויס צו די באגרינטע בערג, וואס ליגן ארום זיין שטאָאַט, ווי אייביקע שומרים, צו די קלאָרע וואסערן פון דעם אומפּאָלאָסי, נאָך די פרייע ווינטן, וואס יאגן זיך אין די לונגען, ווי ער מיט זיינע יוגנט־חברים פלעגן זיך ארייניאגן אין בערג־היילן.

אוסיבעבו קייט דעם פאפּ מעכאניש. ער זעט זיך אויף דעם אָרט ווו ער האָט צום ערשטן מאָל זיך געטראָפן מיט שענזאנגאָקאָנען. ס'איז געווען בעת א תבואה־טאַנץ: יענעם יאָר האָבן די פעלדער צוגעשטעלט א סך ברויט. האָט דער טשיף באפוילן טאַנצן. איז דאָס שוין געווען איינמאָל א טאַנץ! ערד און „קאיאס" האָבן זיך געטרייסלט פונעם טופּען פון הונדערטער בראָנזענע, מוסקולדיקע פיס; ריזיקע גופים, אויסגעשמירט מיט „מוטי", האבן געגלאַנצט אנטקעגן דער הייסער זון, געפּיבערט צום קלאנג פון בלעכן און גיטארעס, און האָבן זיך געכוואליעט צום געדויש פון פּויקן; „אַסעגאַיס", ווי פלאמיקע בליצן, האָבן געשטאָכן די לופט, וואס האָט געטויבט פון הונדערטער קורצע און אפּגעהאקטע אויסגעשרייען, וואס האָבן אפּגעהילכט אין די צעבלויטע בערג.

דאן, אין רעכטן ברען פון טאַנצן האָט ער דערזען: אין דעם קנויל פון פרויען טענצערינס האָט א יונגע מיידל, כמעט א נאקעטע, מיט רונדע, שטייפע בריסט און פולע היפטן, זיך געווארפן, ווייך און בויגיק, ווי א קאָברא, אויף אלע זייטן, געריסן די ערד מיט אירע געטאָקטע פיס און געצונדן דעם ארום מיט איר צעהיצטן לייב; אירע הענט האָבן געקנאָטן צוויי בלעכן, וואס האָבן געשטורעמט מיט א בראַזגעריי און זיך אויסגעמישט מיט דעם: „האָ־האָ! האָ־האָ!" פון הונדערטער מיילער און פארשלונגען געווארן אין די וואלקנס שטויב, וואס זיינען געהאנגען איבער אלעמענס קעפּ און פּלייצעס.

דאָס דאָזיקע מיידל איז געווען שענזאַנגאָקאָנאַ.

דער בלאָער אויטאמאביל שטייט שוין גרייט ביים טויער פון א פּראַכט־געביידע.

אוסיבעבו צעזעגנט זיך מיטן הויזגעזינד. דער באלעבאָס שענקט אים פינף שילינג. אוסיבעבו הויבט אויף ביידע הענט איבערן קאָפּ: „באַבאַ! אינקאָסו!" אַזש טרערן שטעלן זיך אים אין זיינע ברוינע, ערלעכע אויגן. ער זוכט ארום אין זיינע קעשענעס און שלעפּט ארויס א הילצערנעם העלפאנדל, וואס ער גופא האט אויסגעשניצט, און טראגט עס אונטער א מתנה דאס יינגסטע קינד, א יינגעלע פון א יאָר פינף. דאָס דאָזיקע קינד איז אים ליב. ער איז געבאָרן געווארן א וואך נאָכדעם ווען ער, אוסיבעבו, האָט זיך געשטעלט ארבעטן אין

דעם הויז, מיט פינף יאָר צוריק. ער האָט דאס קינד געניאַנטשעט, אים גע־שלעפערט, געוואַשן זיינע ווינדעלעך, שפּעטער איז דאס קינד אים נאָכגעגאַנ־גען ביי דער ארבעט, געפּלאַפּלט און געגעסן זיין „פּאַפּ".

אין דרויסן איז קלאָר און לויטער, נאַוועמבערדיק. הימלען שפּרייטן זיך אויף מרחקים, צאַרט בלאָע, טיפע, ווי דורכזיכטיקע אזערעס. די זון שטראַלט פריי און פריידיק אויף שטאט און מענטשן, און ליכט־שטראַמען פלאַנטערן זיך צווישן פוס־גייערס און טראַמווייען, צווישן פערד און אויטאָמאָבילן — בלענדן די אויגן און וואַרעמען די לייבער.

אוסיבעבו שפּרייזט גרינג, מיט גרויסע טריט, מיטן באַגאַזש־קעסטל אויפן קאָפּ. ס'איז אים גרינג און ליכטיק אויפן הארץ און נשמה. ער שפּירט שוין די פרייע ווינטן פון זולולאַנד רוישן אין זיין בלוט. ער שטעלט אָפּ באַקענטע און טיילט זיך מיט זיין פרייד: „איך פאָר אַהיים!"

דער בלאָער אויטאָמאָביל פאָרט שטיל און מאַיעסטעטיש איבער אַספאַלט־גאַסן, שטעלט זיך אָפּ ביי א גאַראַזש, טרינקט זיך אָן ביז זאַט מיט פּעטראָל אָטעמט איין לופט אין די גומענע רעדער, און פאָרט ווייטער.

אוסיבעבו דענקט, אז ער גייט צו לאַנגזאַם: ער וועט נאָך פאַרזאַמען די באַן. ער פאַנגט אָן שפּרייזן שנעלער, אויפגערעגטער. טראָפּנס שווייס, ווי גרויסע פּאָקן, קומען ארויס אויף זיין שטערן, גליטשן זיך אראָפּ איבער זיין פּנים, פאַר־שווינדן ; אַנדערע פאַרנעמען זייער אָרט.

דער בלאָער אויטאָמאָביל פּילט זיך קרעפּטיק. ער לויפט שנעלער. ער איילט זיך ערגעץ.

ערגעץ פייפט א באַן. אוסיבעבו איז זיכער, אז דאס קומט שוין אָן זיין צוג. ער איז שוין ניט ווייט פון דער סטאַנציע. נאָר איין קווער־גאַס אריבער־צוגיין. ער דערלאַנגט א מעכטיקן שפּרונג צום ווינקל פון גאַס, און זעט — א בלאָער אויטאָמאָביל יאָגט זיך גלייך אויף אים. ער וואַרפט זיך רעכטס, דער אויטאָ — לינקס און — אָן אויסגעשריי, א ווילדער קרעכץ פון א פּלוצלונג אָפּגעשטעלטן אויטאָמאָביל, א צובראָכן קעסטל אויף דעם טראָטואַר, א צו־זאַמענלויף פון מענטשן, א פּאָליציאַנט, אַן אַמבולאַנס.

ווען מען האָט אוסיבעבון ארויסגענומען פון אונטערן אויטאָמאָביל האָט זיין רעכטע האַנט זיך נאָך געקלאַמערט ארום דעם אָרעם מיט דעם רימען־טייסטער ווו ס'ליגן אַכט גאָלדענע פונטן. א שטראָמעלע בלוט האָט זיך גע־צויגן פון דעם רעכטן שלייף, האָט זיך געשלענגט איבערן באַק און האָט זיך אויסגעמישט מיט דעם שטויב פון גאַס...

1932

# אויסגעלאָשענע פונקען

(כראָניק פון אַן אַלטן בחור — פון די געוועזענע)

„...צוקאָפּנס ביי מיין בעט הענגט אַן אַפּרייס־קאַלענדאַר. יעדן פרימאָרגן, ליגנדיק נאָך אין בעט, צי איך אויס די האַנט און רייס אַראָפּ אַ בלעטל — נאָך אַ טאָג אוועקגעשטופּט. היינט, אינדערפרי, איז מיין האַנט, וואָס האָט זיך מעכאַניש אויסגעצויגן צום קאַלענדאַר, געבליבן אויף אַ ווײַלע הענגען אין דער לופטן: דאָס בלעטל האָט געוויזן די צאָל 25 — אָקטאָבער דעם פינף און צוואַנציקסטן — מיין געבאָרנטאָג: היינט בין איך אַלט געוואָרן פופציק יאָר. געוויינטלעך שטיי איך אויף פרי, ניט דערפאַר ווייל איך בין שטאַרק פאַרנומען. ניין. מיינע געשעפטן פּטר איך אָפּ גיך: די ערשטע פּאָר טעג פון חודש שפּאַציר איך מיר דורך איבער אייניקע גאַסן פון שטאָט און מאָן אויף די פּאָר פונט דירה־געלט פון די שכנים, וואָס וווינען אין מיינע הייזער. די איבעריקע טעג פון חודש טו איך כמעט גאָרנישט, סיידן עס מאַכט זיך אַמאָל צו קויפן אָדער פאַרקויפן אַ הויז, נאָטירלעך מיט אַ פאַרדינסטל. מערניט וואָס — מיינע געדאַנקען זיינען דורכויס אריינגעטאָן אין געשעפט און זיי הייבן מיך פרי פון בעט אַרויס. היינט אָבער האָב איך מיר גענומען דעם פאַרגעניגן און בין געבליבן ליגן אין בעט לענגער.

„מיין פופציקסטער געבאָרנטאָג היינט. פון זיך אַליין האָבן מיינע געדאַנקען גענומען אַרומבלאָנדזשען איבער די פאַרוואַרלאָזטע וועגן, וואָס האָבן מיך דערפירט ביז די פופציק. פוסטע וועגן, דאַכט זיך, אַלע שפּורן פאַרשאָטן מיט זאַמד... אָבער אָט נעמט זיך עפּעס באַוועגן, אויסשיילן פונעם נעפּל...

.. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. ..

„יאָ, אַ שווערע נסיעה געווען. בין איך מיד? אַ ביסעלע, כאָטש פיזיש בין איך נאָך געזונט. אָבער, וואָס אַזוינס באַאומרואיקט מיך אַזוי איצט? וואָס נאָגט עס אַזוי ביים האַרצן? וואָרט, כ׳וועל זיך דערמאָנען דעם סאַמע אָנהייב: גרינע פעלדער, זוניקע טעג; געשטאַלטן, ווי שאָטנדיקע חלומות, שוועבן פאַרביי, פאַרשווינדן. איין געשטאַלט נאָר בלייבט שטיין פעסט און זיכער. אָט שטייט זי מיר אַנטקעגן און שמייכלט...

„דבורה!״

„איך גיב איר מיין האַנט: „פאַרוואָס זעט מען אייך אַזוי ווייניק די לעצטע צייט?״

„געוועזן צו גאסט ביי אַן אָנקל״.

„מיר גייען צוזאמען. יאָהאַנעסבורגער גאסן לעבן. א ווייסער, דינער שטויב זיפּט זיך איבער אלעמענס קעפּ. איך באגלייט זי ביז איר הויז, א קליין הייזל ערגעץ אין פּעריפעריע. איר פאָטער האַנדלט מיט אַלטע זעק, מיט פלעשער, מיט בלעך און אייזן. איר מוטער — שטענדיק קראַנק, הוסט ארויס אירע לונגען שטיקערווייז. דבורה איז אַן איין־איינציקע. זי איז די באלעבאָסטע אין שטוב; קאָכט, וואשט, פאַרריכט. „א גרויסע שטיפערקע, א פריילעכע״, — זאגט איר מאמע צווישן איין הוסט און דעם צווייטן. איר מאמע קען ניט פאַר־שטיין: „א צוואַנציקיאָריקע מיידל און שפּרינגט נאָך ארום, ווי א ווילדע ציג״. פריינד און באקענטע קאָנען אויך ניט פאַרשטיין: „א נאַרישע מיידל, אַן געפּיל״.

„אויך איך האָב די ערשטע צייט ניט באגריפן איר זארגלאָזיקייט. נאָך ניט געוווּסט, אז אויסערלעכע פריילעכקייט קאָן דינען פאַר א מאסקע. אָבער אינ־גיכן האָב איך עס אויסגעפונען. דאס איז געוועזן אויף דער צווייטער וואָך פון אונדזער באקענטשאפט. איך האָב אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון איר וווינונג. קיינער האָט ניט געענטפערט. איך האָב שטיל געעפנט די טיר און בין אריין. זי איז געזעסן ביים טיש אין דעם קליינעם עס־צימער, דעם קאָפּ אונטערגע־שפּאַרט מיט ביידע הענט, אירע טונקל־ברוינע האָר צעוואָרפן, לויז, איבער אירע דינע פּלייצעס. זי האָט געפּיבערט פון א דערשטיקטן וויינען. פון א דער־בייאיקן חדר האָט זיך געהערט דאס הוסטן פון איר מוטער. זי האָט מיך דער־זען אינעם שפּיגל, וואס איז געשטאַנען אויפן טיש. זי האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר. די אויגן — פייכטע, טרויעריקע. איך האָב זיך דערפילט אומבאַקוועם. אָבער זי האָט שוין געשמייכלט. זי האָט אראָפּגענומען פון טיש צוויי ניט קיין איינגעראַמטע בילדער און געוויזן: „דאָס איז מיין מוטער, ווען זי איז געוועזן אין מיינע יאָרן, און דאָס בין איך אליין. איך בין שטאַרק ענלעך אויף איר, ניין?

„שטיל. איך האָב געקוקט אויף די בילדער און איך האָב זי פאַרשטאַנען. איך האָב געלייענט אירע געדאַנקען, ווי געשריבענע: „..... אָט, זי וועט חתונה האָבן, וועט אויך לעבן אין דחקות, ווי איר מוטער, וועט האָבן א טאָכטער, וואס וועט זיין ענלעך צו איר... און זי וועט זיין קראַנק... און מיאוסע, עקלדיקע, צרותדיקע יאָרן וועלן זיך שלעפּן איינס נאָכן צווייטן, איינס ענלעך צום אנדערן, אָן ליכט און פרייד, ווי איר מוטערס, ווי איר אייגן לעבן...״

„איצט האָב איך זי שוין געזען אין אַן אנדער ליכט — ריין און נאָבל. א פאַרבאָרגענע האַנט האָט מיך א שטויס געטאָן. איך האָב זיך איבערגעבויגן און איר א קוש געטאָן אין שטערן. זי איז בלאַס געוואָרן: „פאַרוואָס טוט איר דאָס?״ — האָט זי געפרעגט אין דער שטיל. „ווייל איך האָב אנטדעקט אַן אידעלע נשמה״. זי האָט זיך געריוטלט, געשמייכלט....

.. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. ..

מיר פלעגן אָפט זיצן אויף דער קליינער, הילצערנער וועראַנדע פון זייער הויז. איך האָב דאָן א סך גערעדט וועגן זיך, וועגן מיינע טרוימען, אידעאַלן: אין דעם פרילינג פון לעבן בליען דאָך שיינע האָפענונגען, יוגנט — א פלייצי־

קער שטראם... א שלל חלומות... איך האָב אפילו געטרוימט צו ווערן א גרוי־
סער דיכטער. זי האָט מיך געמוטיקט, געהאָלפן וועבן מיינע חלומות...

.. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. ..

„...א יאָר! דאָס שענסטע יאָר אין מיין לעבן, דאָס איינציק גוטע, דאָס בעסטע! איך בין געווען ענערגיש, טעטיק. איך האָב פיל געלערנט, נאָך מער געלייענט. איך האָב געוווסט: דאָס געפעלט איר. זי אליין האָט אויך פיל גע־לייענט און פלעגט מיך איבערראשן מיט איר געזונטן שכל, מיט איר קריטישן אַנאַליז. איך פלעג פארלייענען פאַר איר מיינע לידער. זי האָט קריטיקירט, געלויבט, געטאדלט. דער טאָג, ווען ס'האָט זיך אפגעדרוקט מיין ערשטע ליד, איז געווען פאר אונדז א יום טוב. זי האָט זיך געפרייט מער פון מיר. איך האָב דאַן געמיטאָגט ביי זיי אין הויז.

„וועגן זיך האָט זי גערעדט ניט גערן, זעלטן. „ריידן וועגן זיך", האָט זי איינמאָל געזאָגט, „מיינט ריידן וועגן אָרעמקייט, דלות... איך בין שוין זאַט דערמיט... צו וואס פארדארבן א שטיל־שיינעם אָוונט מיט דעם טעגלעכן, מיט דעם גראָען?"

.. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. ..

„האָב איך זי געליבט? האָט זי מיך געליבט? ווער האָט עס דעמאָלט גע־קלערט דערפון? ס'איז געווען גוט און אנגענעם צו זיצן מיט איר אויף דער קליינער הילצערנער ווערענדע — פלעג איך קומען, איר פארלייענען מיינע שרייבעכצן און זי פלעגט עס אויפנעמען אזוי הארציק, מיט אַזויפיל געפיל: פון וואנעט האָט זיך גענומען צו אט דער פשוטער מיידל אזא רייכע נשמה? איך בין געווען אומטאקטיש גענוג ביי איר דאָס צו פרעגן. האָט זי מיך אנ־געקוקט שטיל, מיט לאכנדיקע אויגן: „פון אָרעמקייט, מיין פריינד, פון אָרעמקייט! די נשמה פון מענטשן איז א דימענט, אָבער נאָר דאָס דלות איז בכוח אים אויסצושלייפן אזוי, אז ער זאל פינקלען, בליצן... צופרידן?" האָט זי געלאכט.

.. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. ..

„פארוואס האָט זי פארהוילן פון מיר ביז דער לעצטער מינוט דאָס ערגסטע, דאָס גרויזאמסטע? — נארישער, דו נארישער מענטש! וואס האָסטו דען געוווסט פון אירע גייסטיקע יסורים?... יענעם אָוונט איז זי געווען אויפ־געלייגט, פריילעכער, ווי שטענדיק, אירע אויגן האָבן געלויכטן, העלער, איר פנים איז געווען ראָז...

„וואָס האָט פאסירט?"

„אָ, עטוואס... עטוואס, וואס וועט אייך איבערראשן; קומט אויף ז'ער ווע־ראנדע".

„זי האָט געלאַכט — אך, ווי זי האָט דעמאָלט געלאכט!..."

„גיט מיר אָפּ מזל טוב — איך בין א כלה געוואָרן!"

„און א שטראם רייד:

„ער איז רייך, שטארק רייך, היפש עלטער פון מיר, אָבער... דעם פּאַטערס לאַגע וועט אויסגעבעסערט ווערן, און די מוטער... מען וועט זי פירן צו ספּע־ציאַליסטן... ווייסט איר דען, האָט איר דען אַן אַנונג, וואס פאר אַן אידעלע נשמה מיין מאמע איז?... א לעבן אָפּגעליטן... און דער טאטע... האָט איר שוין געזען אמאָל דעם טאַטן לאכן, שמייכלען? — און ער איז דאָך אמאָל געווען אזא לעבעדיקער, אזא... פארוואס שווייגט איר? פארוואס דערציילט איר גאר־ניט, וואָס איר האָט היינט געלייענט? האָט איר שוין דערהאלטן אַן ענטפער פון דער רעדאקציע אויף אייער לעצטער דערציילונג?..."

„פּלוצלונג האָט זי זיך א ווארף געטאָן אויף מיר, אריינגענומען מיין קאָפּ אין אירע הייסע, עטוואס זיך טרייסלנדיקע הענט, געקושט מיין שטערן, מיינע האָר, און געוויינט אין דער שטיל...

.. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. ..

„וואָגל און וואנדער... אש — צעשאָטן איבער יארן, צעבלאָזן פון די ווינטן אין דער צייט... געלט... פארוואס? פאר וועמען?..."

.. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. ..

אויף דעם מאנוסקריפּט איז געווען אויפן לעצטן בלעטל אָנגעקלעפּט אַן אויסשניט פון א צייטונג, דאטירט דעם 26טן אָקטאָבער פון דעם זעלביקן יאר:

**געשטאָרבן**

אין שטאָטישן שפּיטאָל איז נעכטן, אין עלטער פון 45 יאָר, נאָך א לאנגער און שווערער קראנקייט, געשטאָרבן

**ד ב ו ר ה**

די קינדערלאָזע אלמנה פון מנשה קופּערמאַן. רו און פרידן צו איר נשמה.

און מיט דער זעלביקער האנטשריפט, ווי אינעם מאנוסקריפּט, מערניט עטוואָס איינגעבראָכענער, ווי פריער, צוגעשריבן:

„ענדלעך: רו אין פרידן..."

1937

# פארשוועקטע פעלדער

ווען דער פארמער־בחור, הארי גאלדפוס, וואָלט ניט געהאט די טבע מגזם צו זיין און צו מאָלן אלצדינג מיט ראזע פארבן קאָן זיין, אז ער וואלט חתונה געהאט מיט אַן אנדער סאָרט מיידל, ווי פעני צווייבאַק, און ס'וואלט ניט געווען וועגן וואס צו שרייבן! אָבער איבעראנדערשן איינעמס נאטור איז ניט קיין גרינגע מלאכה. איז הארי געזעסן אין א שיין מעבלירטן צימער פון א הויז ערגעץ אין יאָהאַנעסבורג און גערעדט. אלע עלעקטרישע לעמפּ־לעך האָבן געברענט העל, אויפן טיש איז געווען כיבוד מכל המינים און ארום און אנטקעגן אים זיינען געזעסן: פעני צווייבאַק, א צוויי און צוואנציק יעריקע שוואַרץ־חנוודיקע יידישע טאכטער, א נידעריקע פרוי, אין די פערציקער, און א פופציק־יעריקער הויכער און דינער ייד — פעניס עלטערן, און נאָך א זון מיט א טאָכטער. אלע האָבן הארין אָנגעמוטיקט ער זאל עפּעס געניסן, האָבן אליין אויך טועם געווען פון די געריכטן אויפן טיש און האָבן זיך צוגעהערט צו האַריס רייד. און גערעדט האָט האַרי ניט וועגן זיין פערזאָן. וועגן זיך וואָלט ער זיי געקאָנט דערציילן אין קורצן: ער איז אלט זעקס־זיבן און דריי־סיק יאָר (דאָס וואָלט ער מסתמא פארהוילן פון זיי: זיין פנים האָט עס ניט גע־וויזן) ער איז פופצן יאָר אין דעם לאנד און צען יאָר א פארמער. א היים, תיכף נאָך בר־מצווה האָט ער אָנגעהייבן מיטפאָרן מיט זיין טאטן אויף מערק העלפן קויפן און אויסבייטן פערד. פריזיוו-צייט איז ער אנטלאָפן קיין אפריקע. אין משך פון די פינף יאָר, איידער ער איז געווארן א פארמער, האָט ער געשטופּט א וועגעלע מיט גרינסן, פארקויפט צייטונגען אין גאס, געארבעט אין א „קאַ־פּעריטע“, און געווען א „קעב־דרייווער“. דאָס גאָר. זיי זיינען אָבער ניט געווען פאראינטערעסירט אין זיין ביאָגראפיע. האַרי איז געווען צופרידן: ס'איז כדאיער, אז זיי ווייסן ניט. וועגן חתונה האָבן האָט ער אָנגעהייבן טראכטן ערשט אין די לעצטע פּאָר יאָר. ער האָט זיך געזען מיט שדכנים, מיט מיידלעך, אָבער צו קיין טאָלק, ווי מען זאגט עס, איז עס ניט געקומען. אָבער פעני צווייבאַק, וואס זיצט אנטקעגן אים, קייט שאָקאָלאַד און האַלט אָן שמייכלען, געפעלט אים שטארק. ער האָט זי געטראָפן ביי אירן אַן אנקל, א קרעמער ביי דער באַן סטאנ־ציע, ניט ווייט פון זיין פארם. זי האָט אים איינגעלאדן איר צו באזוכן, ווען ער וועט זיך געפינען אין שטאָט.

זיצט ער דאָס איצט אין דעם ליכטיקן, שיין מעבלירטן צימער, זיין פאַר־

ברוינטער פנים איז רויט און עטוואס פארשוויצט, און דערציילט פון זיין פארמעגן. ריידן רעדט ער רויק, געלאסן. ער וויל איבערלאזן דעם איינדרוק, אז ער האָט ניט קיין גרויסן חשק צו ריידן וועגן דעם. פונדעסטוועגן דערציילט ער, אז זיין פארם, די הוילע גרונט, איז ווערט א מטמון מיט געלט, און דערצו האָט ער קי און אָקסן, אינוווענטאַר, בנינים, עופות. אין א מיטלמעסיק געראָטענעם יאָר נעמט ער אראָפּ פון די פעלדער טויזנטער זעק מיליס, קאַרטאָפּל, בעבלעך; הונדערטער באַלן טעף־גראז. דאָס הויז, אין וועלכע ער וווינט, איז, אמת, ניט קיין גרויסע, אָבער א באקוועמע — „פאַר א יונגע פּאָר", שמייכלט ער.

ביי פעניס עלטערן — מיטל קלאס מענטשן — איז געוונען די סלינע פון מויל: אזא עשירות! און פעניס פאנטאזיע האָט איר געמאָלן: גאָלד, דימענטן, קליידער, מעבל, אויטאָס.

מען האָט געטרונקען טיי און מען האָט איינגעלאדן הארריין צו קומען אפּ־טער. צום דריטן מאָל קומענדיק האָט הארי „פראָפּאָוזד" און פעני האָט געזאגט: יאָ! מיט א וואך־צוויי שפּעטער איז די גאנצע פאמיליע געפאָרן אנקוקן דאָס עשירות. הארי האָט זיי ארומגעפירט איבער דער לענג און ברייט פון דעם פארם, זיי געוויזן די פעלדער מיליס, קארטאָפל, בעבלעך; האָט פאר־געשטעלט פאר זיי די הינער מיט די אינדיקעס. ער האָט געמאכט א חשבון, אז פון מילך און אייער אליין קאן מען אויסשלאָגן די יאָר הוצאה פארן הויז. מען דארף נאָר אכטונג געבן עס זאל ניט גיין אין ניוועץ. יעדן טאָג דארף מען צו־נויפקלייבן די אייער פון די נעסטן און אכטונג געבן, די שווארצע זאלן ניט אויסגיסן, אדער צוגנבענען די מילך, אדער, ווייניקסטנס, ניט אראפּשעפּן. די דאָזיקע גרינגע ארבעט פאלט אויף דער באלעבאָסטע פון הויז. ער האָט געקוקט אויף זיין כלה און געשמייכלט. די כלהס מאמע האָט מסכים געווען מיט א צונייג פון קאָפּ: „אוודאי, ווי דען?" דער טאטע, האלטנדיק אן אויג אויף אן אָקס מיט גרויסע הערנער, וואס האָט זיך דאָרטן ארומגעדרייט מיט א פארבונדענער פּוס, האָט באשטעטיקט: „וואסי, ס'עפּעס א הארבע סוגיה צו־נויפצוקלייבן עטלעכע אייער און זיך צוקוקן ווי מען מעלקט די בהמות?" די כלה גופא, כאָטש זי האָט ניט פארמאָגט קיין מאטעמאטישן מח, האָט פונ־דעסטוועגן באוויזן אויסצוחשבון פאר זיך אליין, אין דער שטיל: „אויב מילך און אייער דעקן די יערלעכע הויז־הוצאות בלייבט דאָך נאָך א סך פון דעם, וואָס מען נעמט אראָפּ פון די פעלדער, ריינער ריוח. וועט דאָך טאַקע זיין גוט: רינגען, היט, אויטאָס...

---

עטלעכע טעג נאָכדעם, ווען זיי זיינען צוריקגעקומען פון זייער האָניק־חודש, האָט פעני זיך געווענדעט צו איר מאן: „הארי, דו ווייסט, דאָס הויז איז ניט קיין באקוועמע: דער סופיט איז צו נידעריק, די פענצטערס — צו קליין, די חדרים ענג, די וועראנדע שמאָל, און עס נעצט פון די ווענט".

„ס'ערשט צוויי יאָר — קוים צוויי יאָר — זינט מען האָט זי איבערגע־בויט", זאגט הארי. „דערווייל, פאר צוויי מענטשן..."

„אָבער ס׳נעצט פון די ווענט״, זאָגט פעני. „מ׳קען דאָ כאַפּן רומאַטיזם. קאָנסט עס פארגלייכן מיט מיין טאַטנס הויז?״

אוודאי האָט ער עס ניט געקאָנט פארגלייכן. האָט ער ארייַנגעקוקט אין זיין באַנק־ביכל און באַשלאָסן צו בויען א ניי הויז. דערווייל, ביז די נייע שטוב וועט זיך אויפבויען איז פעני אוועקגעפאָרן צו זיין מיט איר מאַמען.

די נייע הויז איז געווען אינגאַנצן געבויט פון שטיינער און ציגל. די צימערן זיינען געווען גרויס און ליכטיק, דער סופיט הויך, די ווערענדע ברייט, האַלב רונד. פעני איז געווען צופרידן מיט דעם נייעם הויז. „איצט האָבן מיר א לייטיש הויז״, האט זי געזאָגט, „נישט מער, עס פאדערט זיך נייע מעבל״. הארי האָט זיך ארומגעקוקט און מסכים געווען: יאָ, עס פאָדערט זיך נייע מעבל. האָט ער ווידעראַמאָל ארייַנגעקוקט אין זיין באַנק־ביכל און געקויפט נייע מעבל.

„איצט״, האָט פעני געזאָגט, „דאַרף מען איינאָרדענען א פארטיע, א חנוכת הבית, אַן „עט האום״, מיט א טאַנץ פאר די יונגע מענטשן. אזוי״, זאָגט זי, פירט זיך ביי לייטן״.

הארי האָט ניט געוווּסט, ווי ס׳פירט זיך ביי לייטן אין אזא פאַל. זינט ער איז א פארמער האָט ער שוין געזען א סך נייע הייזער אויף פארמס, אָבער קיין „עט־האומס״ האָט מען ניט געפראַוועט. אָבער, אז פעני זאָגט, ווייסט זי געוויס, וואס זי רעדט. האָט מען פארבעטן שכנים — יידן און ניט־יידן — פון דער נאָענטער באַן־סטאַנציע, פון דעם עטוואס ווייטערן שטעטל, פון ארומיקע פארמס. מען האָט געטאַנצט און זיך פארבראַכט ביי געדעקטע טישן ביז שפעט אין דער נאַכט.

נאָכדעם זיינען זיי געווען פארבעטן אנדערשוואו. פעני האָט ארויסגעקוקט אויף די דאָזיקע וויזיטן נייגעריק און אומגעדולדיק, און האָט זיך צוגעגרייט די גאַנצע וואָך. זי האָט אָנגעמערקט וואָסערע קליידער צו טראָגן, וועלכער הוט און צירונג. אָפט פלעגט זי קומען פון די דאָזיקע וויזיטן שטארק אומצופרידן: דאָ איז די באַלעבאָסטע איר ניט געווען צום הארצן, דאָרטן זיינען די טעכטער פון הויז געווען נארישע קאָקעטקעס; אָדער מען האָט ווייניק אכט געלייגט אויף איר אנטועכץ און אינגאַנצן איגנאָרירט איר לעצטן מאָדע־הוט. ווען די וויזיטן האָבן זיך אויסגעשעפּט, האָט פעני געמאָלדן, אז זי פאָרט צו איר מאַ־מען צו גאַסט.

הארי האָט זי אָנגעקוקט. ער האָט געמיינט — זי שפּאַסט. „ס׳איז קוים א חודש זינט דו ביסט צוריקגעקומען פון שטאָט״, האָט ער געזאָגט.

„ווי לאַנג דאַרף איך וואַרטן פאר א דערלויבעניש צו פאַרן זען מיין מאַ־מען?״ איז פעני געוואָרן ברוגז.

הארי האָט געקוקט אויף זיין ווייב, ווי ער וואָלט זי זען צום ערשטן מאָל. „ביסט אפשר ניט געזונט?״ איז אים איינגעפאַלן א פראַגע צו טאָן.

„וואָס עפּעס ניט געזונט?״ וווּנדערט זי זיך.

„ווייל דו פאָרסט אָפט אין שטאָט״. הארי האָט געזוכט ווערטער אויסצו־דריקן דאס וואס ס׳איז אים געלעגן אויפן צונג, און געהאַפט, אז ס׳איז אמת.

„כ'וויס... כ'האָב געמיינט... אפשר שעמסטו זיך מיר דאָס צו זאגן.... כאָטש... כ'וויס... וואָס איז דער בזיון צו זיין א מוטער...״

„דו פלוידערסט!״ איז זי געוואָרן אומגעדולדיק. „ניט געזונטו פונקט ווי נאָר קראנקע דארפן פאָרן אין שטאָט און געזונטע מוזן כסדר ליגן דאָ, אין דעם מדבר, צווישן שווארצע, און בהמות״.

הארי האָט געפרווט זיך ווּיצלען: „בין איך א שווארצער אָדער א בהמה?״ זיין ווייב האָט אים צוגעוואָרפן א צאָרנדיקן בליק און איז ארויסגעגאַנגען, פארמאכנדיק די טיר הינטער זיך מיט א קלאַפּ.

---

זומער. די טעג זיינען געוואָרן לענגער און ווארעמער. הארי האָט זיך ארומגעטראָגן מיט גרויסע פלענער: ער וועט פלאַנצן מער מיליס, וועט זייען מער טעף גראז און האָבער, און וועט פרווון שלאגן זיין אייגענעם רעקאָרד מיט קארטאָפל. אויף דורכצופירן דעם דאָזיקן פלאן וועט ער דארפן צעאקערן דעם גאנצן שטח זיי־לאנד, וואס איז ביז איצט נאָך ניט געווען אויפגעאקערט. ער מוז זיך פארמעסטן גרויס, ער מוז ספעקולירן: ער איז נאָך שולדיק א היפשע סומע פאר דעם גרונט, וואָס ער האָט פארמשכונט דעם צווייטן מאָל מיט א פאָר יאָר צוריק. דאָס נייע הויז מיט די נייע מעבל האָבן געמאכט א קווערשניט אין זיין ניט צו גרויסן קאפּיטאל. מיט דעם געלט, וואס דאס אלץ האָט געקאָסט וואָלט ער ליבערשט געבויט נאָך א פאָר שטאָלן, א וואסער־דאמבע, און געפלאנצט מערביימער. דערפאר מוז ער צילן הויך. האָט ער זיך אריינגעוואָרפן אין דער ארבעט מיט זיין גאנצער ענערגיע. ער איז אליין אויפגעשטאנען, און האָט געוועקט די ארבעטער, פריער, ווי שטענדיק. ער איז געווען דעם גאנצן טאָג אין פעלד, און אויב ס'איז געווען א מהלך פון הויז — ער האָט געוווּסט פאָרויס אין וועלכן טייל פון לאנד ער וועט זיך געפינען דעם טאָג — פלעגט ער מיטנעמען עסן. ער האָט געוווּסט: זיין ווייב לאנגווייליקט זיך דאָרטן אליין אין הויז. אָבער אין דעם איז זי אליין שולדיק: פארוואס פאראינטערעסירט זי זיך ניט אין עפּעס אן ארבעט? ס'איז דאָך פאראן אזויפיל צו טאָן: אכטונג געבן די הינער זאָלן לייגן די אייער אין די פאר זיי צוגעגרייטע נעסטן, און דערנאָך צונויפקלייבן די אייער, זארגן, אז די אויסגעבריטע הינדעלעך זאלן ניט אומקומען אין קעלט, אָדער אין רעגן; דער מילך־סעפּע־ראטאָר זאָל זיין ריין; פלאנצן און באגיסן בלומען. זי דארף ניט טאָן אלצדינג אליין, מיט אירע אייגענע הענט. זי דארף נאָר אכטונג געבן די ארבעט זאָל אָפּגעטאָן ווערן. ער, הארי, קאן זיך ניט צערייסן. ער מוז זיין אין פעלד. וועט ער ניט זיין דערביי וועט די ארבעט ניט געטאָן ווערן ווי עס באדאַרף צו זיין. זיין ווייב האָט זיך אפּגעזאגט פון טאָן די דאָזיקע ארבעט. ער וויל זיך ניט קריגן מיט איר צוליב דעם. ער האָט געהאָפט: זי וועט זיך צוגעוווינען צום לעבן אויפן פארם, זיך פאראינטערעסירן מיט דער ארבעט. זיין האָפענונג איז ניט מקוים געוואָרן. זיצט זי אין הויז און לאנגווייליקט זיך. אנדערע טעג הייסט זי זיך שפּאנען די „קייפ-קאר״ און פאָרט צו גאסט צו א שכנישן פארם, אָדער צו א באקאנטן אין שטעטל — פינף מייל ווייט. ווען געסט קומען צו איר

איז זי זיי מכבד מיט אלעם בעסטן, פּראַלט זיך אויס מיט אירע גאָלד און זילבער, קייטעלעך און בראַסלעטן, רינגען און זייגערלעך, היט און קליידער — א פאַרמעגן! ווען זי פאָרט ניט אין ערגעץ און קיינער קומט ניט צו איר אויף א באַזוך ליגט זי אין בעט ביז שפּעט און שרייט דערנאָך אויף דער דינסט — גלאַט אין דער וועלט אריין. אויב ער קומט מיטאָג־צייט פון פעלד געפינט ער זי שטענדיק אויף דער ווערענדע, שלאָפנדיק אין איינעם פון די וויגשטולן, מיט אַן אָפן ביכל ביי אירע פיס.

יעדע פינף־זעקס וואָכן פאָרט זי אריין אין שטאָט, צו איר מאַמען. קומען שוין אָן דערנאָך חשבונות פאר שיך און זאָקן, היט און קליידער, און קליינע־קייטן, וואָס זי האָט איינגעקויפט אין שטאָט. איינמאָל, צוויימאָל. האַררי האָט שטאַרק ניט געוואָלט ליידן, אָבער ער האָט געשוויגן. אָבער ווען דאָס איז געווארן א רעגולערע דערשיינונג האָט האַררי באַשלאָסן צו מאַכן א סוף דערצו — ס'וועט דאָך אים רואינירן! ער מוז ריידן און איר דערקלערן די לאַגע. ער האָט אָפּגעוואַרט א גינסטיקע געלעגנהייט. ס'איז געווען א זונטאָג־אָוונט. דעם גאַנצן טאָג איז דאָס הויז געווען פול מיט געסט, דאָס רוב יונגע מענטשן. מען האָט זיך געוויילט אין פאַרשיידענע שפּילן, געזונגען. פּעני איז געווען הימלעך, גוט געשטימט. פאַרנאַכט, ווען אלע זיינען זיך צעפאָרן, איז געפאַלן א ווייכער רעגן א שעה אָנדערטהאַלבן נאָכאַנאַנד. דערנאָך זיינען זיך די וואָלקנס צעשוווּמען און א פולע לבנה האָט ווייך און מילד אראָפּגעקוקט אויף אַן ארומגעוואַשענע וועלט. האַררי מיט זיין ווייב זיינען געזעסן אויף דער ווערענדע. א שטיל, וואַרעם ווינטל האָט געוויגט די יונגע מיליס, וואָס זיינען געשטאַנען גרין און זילבערדיק אויף נאַענטע פעלדער, איבערלאַזנדיק דעם איינדרוק פון באַוועגלעכע כוואַליעס. האַררי איז געווען סענטימענטאַל. אַזוינע אָוונטן, האָט ער געזאָגט, זיינען געווען תיכף נאָך זייערע תנאים און אין די ערשטע טעג פון זייער האָניק־חודש, ביים ים. געדענקט זי? פּעני האָט געשמייכלט. יאָ, זי געדענקט. האַררי האָט זיך צוגעזעצט האַרט נעבן זיין ווייב און פאַרוואָרפן א האַנט ארום איר טאַליע. ער האָט גערעדט שטיל און ווייך. ער האָט גערעדט וועגן גרויסע אונטערנעמונגען אין דער צוקונפט און וועגן דעם פאַרמעסט, וואָס ער דאַרף אויספירן אין דעם יאָר. ס'איז א ריזיקער שריט, א ספּעקולאַציע. ער שטייט צו געווינען, אָדער צו פאַרלירן הונדערטער פונטן. דערפאַר פאָדערט זיך, אז מען זאָל שפּאָרן דאָרטן, וווּ ס'איז מיגלעך. ער מיינט ניט קאַרגן, נאָר שפּאָרן. ער דענקט, אז אויסגעבן געלט אויף קליידער און זאַכן וואָס זיינען ניט אבסאָלוט נייטיק איז... איז ניט געשפּאָרט. ס'איז אָבער אומבאַדינגט נייטיק זי זאָל נעמען א גרעסערן אינטערעס אין דער ארבעט ארום הויז: מילך און אייער איז א שטיק חיונה און מען מוז אכטונג געבן אויף דעם. דאָס איז דאָך אירע פונקט ווי זיינע. אוודאי פאַרשטייט ער, אז ס'איז פאַר איר ניט גרינג זיך צו צוגעוווינען צום שטילן לעבן אויפן פאַרם. אָבער פאַרוואָס ברענגט זי ניט צו זיך איר מאַמען, אָדער א שוועסטער, וועט איר דאָך זיין היימלעכער.

איידער האַררי האָט נאָך באַוויזן צו ענדיקן ריידן האָט פּעני זיך שוין

באַפרייט פון זיין אָרעם, זיך אפגעצויגן פון אים און געזעסן מיט אן אראָפּ־געלאָזטן קאָפּ. דערנאָך האָט זי דורכגעווײנט א האלבע נאכט, און צווישן איין שטראָם טרערן און א צווייטן האָט זי זיך געקלאָגט, אז ער זשאלעוועט זי א קליידל, אז פון זיינטוועגן מעג זי ארומגיין אין א שווארצע קלייד, אין א „קאָפּי" און „פעלסקון" און זיך צעגיסן אין דער לענג און אין דער ברייט, ווי מאנכע בורן־פרויען. אן אנדערע אויף איר אָרט, האָט זי אים פארזיכערט, וואָלט אפילו א טאָג ניט געבליבן אויף דעם דאָזיקן וויסטן פארם.

ווען האררי איז אויף מאָרגן, מיטאָג־צייט, געקומען פון פעלד, האָט די דינסט אים געמאָלדן, אז די „מיסיס" איז אוועקגעפארן אין שטאָט.

---

יענעם יאָר האָבן זיך געעפנט אלע קוואַלן פון רעגן און ס'האָט געגאָסן אָן אפשטעל. איינמאָל אָדער צוויי מאָל אין וואָך פלעגט די זון א קוק טאָן דורך א שיטערן וואלקן אויף דער פארפלייצטער וועלט און באלד ווידער פאר־שווינדן. טאָג און נאכט, וואָך איין און אויס האָט אָנגעהאלטן דער רעגן. פון קליינע וואסערלעך זיינען אנטשטאַנען טייכן, טייכן האָבן אריבערגעפלייצט זייערע ברעגעס, אראפגעשווענקט בריקן, און מענטשן און בהמות זיינען אומגעקומען אין שטראָמיקע וואסערן. פארמערס זיינען ארומגעגאנגען פאר־צווייפלטע. ס'איז געווען די צייט ווען מען האָט זיך געקליבן שניידן טעף־גראָז, יעטן מיליס און אויפשיטן קארטאָפל. אָבער ס'איז געווען אוממעגלעך עפּעס צו טאָן — די פיס און מאשינעס זיינען געזונקען אין דער צעווייקטער ערד. קארטאָפל האָבן געפוילט, טעף־גראָז איז געלעגן פלאַך, געווארן געל, און די מיליס — רויט, דערטרונקען, פארוואקסן מיט ווילד־גראָז.

האררי איז ארומגעגאנגען, ווי פארווירט, נעכט ניט געשלאָפן. ער האָט געזען, ווי זיינע גרויסע פלענער ווערן צעשטערט, זיינע האָפענונגען — צע־שמעטערט און זיין ארבעט, צוזאמען מיט הונדערטער פונטן, אוועקגעטראָגן פון די שטראָמיקע וואסערן, וואס זיינען געלאָפן איבער די פעלדער, איבער די זאמדיקע וועגן, און זיינען אריינגעפאלן אין דעם צעפלייצטן טייכל ביים ברעג פון זיין פארם.

שוין א חודש, אז פעני, זיין ווייב, געפינט זיך אין שטאָט. זי וועט שוין דאָרטן בלייבן, האָט זי געשריבן, ביז די רעגנס וועלן זיך אפשטעלן. מחמת די רעגנס איז דאָס לעבן אין שטאָט מיזעראבל; אויפן פארם מוז עס דאָך זיין אומדערטרעגלעך.

אין דער ערשטער וואָך פון דעם צווייטן חודש האָט האררי באַקומען עטלעכע חשבונות, אין שייכות מיט זאָט, מאשינעס. א פּאָר רעכענונגען זיינען געווען פאר זאַכן, וואָס זיין ווייב האָט געקויפט זייענדיק אין שטאָט. האררי האָט געקוקט אויף די דאָזיקע חשבונות מיט בלוט פארלאָפענע אויגן, ווי ביי א צערייצטן אָקס. ער האָט א שמיץ געטאָן די פּאַפּירלעך אויפן טיש און אָנ־געהייבן ארומלויפן איבערן צימער: „משוגע צו ווערן! משוגע צו ווערן!" האָט ער גערעדט צו זיך. ער האָט זיך געשטעלט ביים פענצטער. דער רעגן האָט

זיך אים געדוכט, האָט זיך געשטארקט. אומעטום וואסער און וואסער — פאר־שוואונקטע פעלדער.

„עס מוז נעמען א סוף דערצו!״ האָט ער באשלאָסן. ער האָט צוזאמענגעגע־נומען די בריוו מיט די חשבונות און האָט עס פארשלאָסן אין א שופלאָד. ער איז אוועק אין באָד־צימער. ער האָט זיך אפגעראזירט, זיך ארומגעוואשן און אָנגעטאָן ריינע קליידער. ער האָט פארשלאָסן טיר און פענצטער און געזאגט דער דינסט, אז ער פאָרט אין שטאָט ברענגען די „מיסיס״. ער וועט זיין צוריק איבערמאָרגן פרי.

ווען ער איז געפארן צו דער באן סטאנציע איז דער רעגן געפאלן שטאר־קער.

---

„מיסיס״ הארי גאלדפוס איז געווען אין פארדרוס, אויפגערעגט: דאס קלייד, וואס זי האָט באשטעלט ספעציעל פאר דעם אָוונט־באל איז נאָך ניט גע־ווען פארטיק, און ס׳איז שוין שפעט, ס׳איז שוין נאָכמיטאָג. די שניידערין האָט איר אפילו פארזיכערט, אז ס׳וועט זיין פארטיק א שטיק צייט פאר דעם באָל, אָבער פעני איז געווען אומגעדולדיק: טאָמער וועט מען דארפן עפּעס ענדערן, איבערנייען — וועט מען באוויזן? חוצדעם: זי האָט ספעציעל איינגע־לאדן איניקע פון אירע יוגנט חברטעס זיי זאלן אפשאצן די ווערט פון דעם קלייד, זיי זאלן באשטימען די פאסיקע שיך, בלומען... זיי זיינען אלע דאָ, אָבער דאָס קלייד איז נאָך ניטאָ. זי האָט זיך אָנגעפרעגט ביי די חברטעס: „איז עס אמת, וואָס מען רעדט, אז דער פינאנץ מיניסטער מיט זיין ווייב, און דער מעיאר מיט זיין ווייב וועלן דארטן אויך זיין?״

אין פאָדער צימער האָט איר מוטער, פרוי צווייבאַק, זיך געגרויסט פאר א פאָר עלטערע פרויען מיט דעם דערפאלגרייכן שידוך פון איר טאָכטער פעני. אויסער דעם, וואס ער איז רייך, האָט זי זיי דערציילט, האָט ער זי ליב, ווי ס׳לעבן. דאָס בעסטע און דאָס טייערסטע איז ניט גוט גענוג פאר זיין ווייב. זי דארף דען אזויפיל קליידער? אָבער ער פאָדערט עס פון איר. אָט איז שוין פינף וואָכן זינט זי איז אין שטאָט. „ס׳רעגנט און ס׳איז אומעטיק אויפן פארב״ האט ער זי געזאגט: „פאר אוועק צו דיין מאַמען און בלייב דארטן ביז די רעגנס וועלן אויפהערן״.

דערווייל האָט די שניידירן געבראכט דאָס קלייד. אלע האָבן זיך ארומ־געשטעלט ארום פעניז מיט דער שניידערין, וואס האָט געהאלטן דאָס קלייד אין דער גאנצער לענג, אלע זאלן עס קאנען זען.

דער גלעקל פון דער פראָנט טיר האָט א שארפן קלונג געטאָן. פרוי צווייבאַק איז געגאנגען עפענען.

„אָ! אָט איז הארי!״ האָט זי אויסגערופן.

אלע האָבן זיך אומגעקוקט. פעני, וועלכע איז שוין געווען גרייט צו גיין זיך אָנמעסטן דאָס קלייד, איז געבליבן שטיין אין גרויסער פארלעגנהייט. זי האָט אים קוים אָנגעקוקט און געפרעגט: „ווי קומסטו אהער?״

„מיטן באַן!״ האָט הארי אפגעהאקט קורץ. אויף זיין פנים איז געלעגן א

מידער און צערפולער אויסדרוק. די געסט האָבן זיך אָנגעשטויסן, אז עפּעס איז דאָ ניט אלצדינג אין ארדנונג. זיי זיינען באלד אוועקגעגאנגען. ניט וועלנדיק פארפירן א סצענע אין דער אָנוועזנהייט פון פרעמדע מענטשן, האָט ער זיך געווענדעט צו זיין שוויגער: „אפשר פאראן א גלאָז טיי? איך בין אויסגעטריקנט אין אזוינע רעגנס“, האָט ער א שמייכל געטאן.

ווען די געסט זיינען אוועקגעגאנגען האָט פעני אריינגענומען דאָס קלייד צו זיך אין צימער. נאָכדעם האָט זי זיך געזעצט אנטקעגן איר מאַן.

„וואָס עפּעס אזוי אומגעריכט אין שטאָט?“ האָט זי געוואלט וויסן.

„איך בין געקומען דיך נעמען אהיים“.

פעני האָט א קוק געטאָן דורכן פענצטער. „אויפן פארם רעגנט נאָך אויך?“

„צי ס׳רעגנט אָדער ניט — מירן פארן אהיים מיט דעם אָוונטדיקן צוג“, האָט הארי געזאגט מיט א פעסטן טאָן.

דאָס בלוט איז פארשוואונדן פון פעניס פנים. זיין טאָן איז איר ניט געפעלן געווארן. זי האָט אים נאָך קיינמאָל ניט געהערט אזוי ריידן. חוצדעם — דער באלו ספּעציעל באשטעלט א קלייד... דער פינאנץ מיניסטער און דער מעיאר... זי האָט זיך אָנגענומען מיט קוראזש: „כ׳האָב מיר שוין געקליבן פאָרן אהיים מאָרגן־איבערמאָרגן“ האָט זי געזאגט. „לאָמיר פאָרן מיט דעם מאָרגנדיקן נאָכ־מיטאָג צוג. כ׳בין איינגעלאדן צו א באַל היינט אָוונט, וואָס...“

הארי האָט זיך אויפגעשטעלט. ער איז געווען הויך, ברייט־פּלייציק, ברוין פון זון און ווינט. פעני האָט אויסגעוויזן א קינד אנטקעגן אים. ער האָט גע־פיבערט פון אויפרעגונג, אָבער ער האָט זיך קאָנטראלירט.

„מירן פאָרן מיט דעם ביינאכטיקן צוג“! האָט ער זי איבערגעריסן. „אויב דו ווילסט ניט פאָרן איז אויך רעכט. דאַן קאָנסטו שוין בלייבן אין שטאָט אויף שטענדיק, און גיין אויף טענץ און בעלער יעדן אָוונט. אָבער לעבן, ווי ביז איצט איז ניט מיגלעך! קום, זע, ווי מיין האָרעוואניע גייט פארלארן, ווי גאָר מיינע האָפענונגען, צוזאמען מיט מיין קאפּיטאל, ווערן דערטרונקען, און דו... און דו... קליידער... קליידער... אָן א מאָס, אָן א חשבון...“ ס׳האָט אים פארפעלט אָטעם. א מינוט דערנאָך: „אויב דו דענקסט ווייטער אזוי אָנ־צוגייין — געזונטערהייט, אָבער ניט אויף מיין חשבון...“

ס׳איז געווען שטיל. א זייגער אין א צווייטן צימער האָט אויסגעשלאָגן די שעה.

„איך דאַרף דערליידיקן א פּאָר געשעפט־ענינים אין שטאָט“, האָט הארי געזאגט. „כ׳וועל קומען שפּעטער“. ער איז ארויסגעגאנגען.

פעני האָט אָנגעשפּארט דעם קאָפּ אויפן טיש און געוויינט, ווי א קליין קינד. איר מוטער איז געשטאַנען א צעטומלטע פון דער סצענע. זי איז גע־שטאַנען נעבן איר טאָכטער און ניט געוווּסט וואָס צו טאָן אָדער צו זאגן. זי האָט ארויפגעלייגט א האַנט אויף פעניס געבויגענעם רוקן און זיך געבעטן: „פעני, פעניטשקע!“ פעני, דערפילנדיק איר מוטערס האנט, האָט זיך א צאַפּל געטאָן, ווי פון פייער. זי האָט זיך אויפגעהויבן און איז אריינגעלאָפן צו זיך אין צימער. זי האָט זיך אנידערגעווארפן אויפן בעט און אויסגעבראָכן אין א

ניי געווייז. אזא אנטוישונג! אזא, ביטערע אנטוישונג! שוין באלד צוויי וואכן זינט זי גרייט זיך פארן באַל, און אָט... דווקא היינט האָט זיך אים פאַרגלוסט קומען! וואָס וועט ער אָנווערן, אז זיי וועלן פאָרן מאָרגן? ער וויל ניט זי זאל גיין צום באַל, ער פארגינט איר ניט דאָס ביסל פארגעניגן, וואס זי כאפט אריין זייענדיק א קורצע צייט אין שטאָט. יא, ער פארגינט איר ניט! ער האָט זי מער ניט ליב. ער האָט זי קיינמאָל ניט ליב געהאט. ער האָט חתונה געהאט מיט איר זי זאל צונויפקלייבן די אייער, ספּאַרירן די מילך — א דינסט פאר אים זאל זי זיין! און ער האָט זי גענארט: ער איז ניט רייך! פארוואס האָט ער איר גענאַרט? אויב ער איז ניט געווען, און איז ניט, רייך, פארוואס האָט ער געבויט דאָס הויז, און זי געלאָזן פריי קויפן, וואס זי האָט געפונען פאר נייטיק? איצט וועט זי מסתמא דארפן טראגן איין און דאָסזעלבע קלייד און הוט דעם גאנצן יאָר, וועט זיין געצווונגען צו זיצן חדשים אויף דעם פאַרם און אויסגיין פון אומעט און לאנגווייל, וועט דארפן קריכן אין הינערשע נעסטן, אין אנ־געמיסטיקטע שטאַלן... ניין, זי וועט עס ניט קאָנען, זי וועט עס ניט טאָן!

איר מוטער איז אריינגעקומען. זי האָט זיך געזעצט אויפן בעט נעבן איר טאָכטער.

„פעני", האָט זי געזאגט ווייך, „וואס איז פארגעקומען צווישן דיר מיט הארריז? איך וויל וויסן דעם גאנצן אמת".

פעני האָט זיך אויפגעזעצט, געווישט די טרערן.

„ס'איז קיין זאך ניט פארגעקומען", האָט זי געזאגט. „מיר האָבן זיך ניט געקריגט. איך ווייס ניט פארוואס ער האָט זיך אזוי אויפגערעגט. כ'ווייס אפילו ניט צוליב וואָס ער איז געקומען אזוי אומגעריכט אין שטאָט".

„ס'מוז זיין א גרונט", זאָגט איר מוטער. „ער האָט גערעדט פון קליי־דער, און קליידער. אפשר האָסטו טאקע אריבערגעכאפּט די מאָס? האָסטו אים ווען געפרעגט, האָט ער דיר ווען געזאגט, ווי גרויס אָדער ווי קליין ס'איז זיין פארמעגן?"

פעני האָט אויסגעבראכן אין א פרישן געוויין. „ווען איך וואָלט געוווּסט", האָט זי געזאגט דורך טרערן, „אז ער איז ניט רייך, וואָלט איך געוויס ניט..."

„דו רעדסט נארישקייטן!" האָט די מוטער איר איבערגעשלאָגן עטוואס אומגעדולדיק. „אויב ער איז דיר ניט געפעלן געווען האָסטו ניט באדארפט חתונה האָבן מיט אים. מען האָט דיר ניט געצווונגען. מען האָט חתונה מיט א מאַן, ניט מיט פונטן. אוודאי איז גוט, אז דער מאַן האָט אויך פונטן. אָבער ווען ס'קומען שווערע צייטן מוז מען ציען צוזאמען. ווען איך האָב חתונה גע־האַט מיט דיין טאטן איז ער געווען פארמעגלעך. שפּעטער, קורץ נאָך דיין געבאָרן, האָט די לאגע זיך געביטן. האָב איך אָנגעטאָן דעם פארטעך און זיך געשטעלט הינטערן טאָנבאנק, ביז מיר האָבן זיך ווידער ארויפגעארבעט. איך האָב ניט געהאט אזא שיין הויז, קיין עין הרע, ווי דיינע, ניט אזעלכע מעבל, אָדער כלים. הארריז איז ניט אָרעם. אפשר איז ער א ביסל פארענגט. אָבער ער האָט דיך ליב. דעריבער דארפסטו אים העלפן, ווען עס פאָדערט זיך. ווען

די צייט וועט זיך בעסערן, וועט דיר אויך זיין גוט — ס'איז דאָך דיינע, ווי זיינע. וואָלסטו ליבערסט זיך גטן?"

„רייד ניט אזויז" האָט פעני געשריען. זי האָט זיך אנידערגעוואָרפן אויפן בעט און געשלוכצט. די מוטער האָט איר ארומגענומען, געקושט און גע־פּליסטערט:

„דו בינסט נאָך יונג, א קינד. דאָס גאנצע לעבן ליגט נאָך פאר דיר. ס'קאָן זיין, אז מיר, דיין פאָטער און איך, טראגן א גרויסע פאראַנטווארטלעכקייט אין דעם: מיר האָבן אונדזערע קינדער צופיל געפּיעשטשעט, צופיל נאָכגעגעבן זייער ווילן, ווען אפילו ס'איז געפאלן שווער. אָבער איצט איז ניט די צייט פאר חרטה. איצט ביסטו א חתונה געהאטע פרוי. שוין צייט דו זאלסט נעמען ערנסטער דאָס לעבן. ווער א באלעבאָסטע ביי זיך אין הויז. גיב אכטונג, אז אלץ זאָל זיין ריין, אויף אַן אָרט. ווען דיין מאן קומט א מידער אהיים דארף ער געפינען א ריין הויז, א ריין אָנגעטאָנענע ווייב, וואָס באגעגנט אים מיט א שמייכל. דאָס איז אַן אויסגעפּרוווטער מיטל אָנצוהאלטן די ליבשאַפט, און דעם רעספּעקט, צווישן מאן און פרוי. אזא און אזוי איז דאס לעבן. קאליע מאכן, זאָגט מען, קאָן א קאץ אויך. ווען הארי וועט קומען זאג אים, אז דו ביסט גרייט צו פאָרן אהיים היינט אָוונט".

פעני האָט געשוויגן. איר מוטער האָט זיך אויפגעהויבן און איז שטיל ארויס.

---

הארי איז געקומען פארנאכט. אין הויז איז שוין געווען אָנגעצונדן פייער. די גאנצע פאמיליע איז געווען אהיים. דער טיש איז שוין געווען גע־דעקט פאר וועטשערע. פעני מיט איינע פון אירע שוועסטערן זיינען געזעסן אויף דער קאַנאַפּע, וואָס איז געשטאנען ביים פענצטער. פעני האָט פון דער זייט א קוק געטאָן אויף איר מאן. דער פארדאגהטער אויסדרוק אויף זיין פּנים, וואָס איז געווען קאנטיק מיט א פּאָר שעה פריער, איז שוין איצט ניט געווען. זיי האָבן באמערקט, אז ער האָט זיך געלאָזט ארומשערן. זיין שווער, דער אל־טער צוויבאַק, א דאַר, טונקעלער מענטש, האָט אפגעשטעלט הארין אין מיטן הדר.

„העללאו, הארי! וואָס מאכסטו? א ביסל א רעגן, האז ווו ביסטו געווען דעם גאנצן טאָג? א „פּראַדוס מערטשענט" האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף טעף און האָבער. אפשר פארוואלגערט זיך נאָך ביי דיר א פּאָר זעקלעך מיליס פון פאריאָרן?"

„ס'וועט זיין, ס'וועט זיין!" האָט הארי געשמייכלט. „כ'האָב שוין געזען א שטיקל בלאָען הימל. אפשר האָט אויבן זיך עמיצער דערבארעמט און דאָרטן פארדרייט די קראַנען".

„ס'איז נאָר פאראן איין האנט", האָט דער אלטער אויפגעהויבן די אויגן צו דער סטעליע, „וואָס דרייט אָפן און דרייט צו. אויב ער וועט וועלן..."

פעני איז צוגעקומען. „ווו האָסטו געגעסן?" זי האָט געקוקט אָן א זייט. „סט'אפשר טרינקען טיי?"

„ניין, א דאנק. כ'האָב געגעסן ביים ברודער. סעמועל זאגט מיר, אז מאָרריס גייט עס מיט דיר היינט אָוונט צום באַל. ווען הייבט זיך עס אָן?"

די פארבן האָבן זיך געביטן אין פעניס פּנים. זי האָט אים אָנגעקוקט מיט אנגסט און דערוואַרטונג: וואס וועט ער זאָגן? איז ער איפערזיכטיק — אויף זיין פלימעניק?

„עס פאנגט זיך אָן ניין דעם זייגער", האָט פעני געזאגט עטוואס אויפגע־רעגט. „אָבער וואָס מאכט עס אויס — מיר פאָרן דאָך אהיים היינט אָוונט". זי האָט זיך קוים אָפּגעהאלטן פון ארויסשיסן אין א געוויין.

הארי איז געשטאנען מיט די הענט פארשטעקט אין די הויזן קעשענעס. ער האָט געקוקט אויף זיין ווייב, באמערקט שפּורן פון טרערן אויף אירע באקן. א קוים אָנזעעוודיקער שמייכל האָט זיך צעלייגט אויף זיינע ליפּן.

„איך האָב געטראָפן מאָרריסן אין גאס, האָב איך אים געזאגט, אז ער קאָן גיין מיט דיר צום באל היינט אָוונט; מיר וועלן פאָרן מאָרגן מיט דעם בייטאָ־גיקן צוג".

פעניס אויגן האָבן זיך געעפנט ברייט און האָבן זיך אָנגעפילט מיט טרערן. זי האָט געלאכט, און די טרערן האָבן געפּלייצט איבער אירע באקן...

1916

# ביילקע איז געוואָרן אַ פאַרמערקע

שוין זעקס חדשים, זינט ביילקע האָט חתונה געהאט אין אפריקע, און פאר איר איז נאָך אלץ ניט קלאָר, צו דאס נייע אימיגראציע־געזעץ, וואס איז אריין אין קראפט צוויי טעג פאר איר אָנקומען מיט דער שיף קיין קייפטאן, איז געווען פון איר טובה־וועגן אָדער ניט.

אין די לעצטע אָוונטן זיצט ביילקע איינע אליין אויף דער וועראנדע פון זייער פאַרם־הייזל, זיצט און בלעטערט הין און צוריק די קורצע געשיכטע פון די לעצטע אכט־ניין חדשים אירע, און קאָן דעם פאָדעם בשום אופן ניט אָנכאַפּן. און טאַקע מאָדנע האָט זיך עס אלץ אזוי בליצשנעל אויסגעוויקלט.

אט איז זי, ביילקע, איצט א פארמערקע, א באלעבאסטע פון א דריי־צימערדיקן, פון שטיינער אויפגעווארפענעם הייזל, מיט א פלאַכן דאַך, מיט ניט קיין גרויסע פענצטער. די ווענט, אינעווייניק — ווייס אויסגעקאַלכט און באַהאַנגען מיט פאמיליע־פאָרטרעטן. אין עס־צימער איז פאראן א טעלעפאן, א ראדיאָ־אפּאראַט, אַן אייביקער קאלענדאר. דאָס איינפּאכע, טונקעלע מעבל שלאָגט אפּ אנטקעגן די ווייסע ווענט און סופיט, ווי שווארצע טינט-פלעקן אויף ווייסן געוואנט. זי, ביילקע, האָט אויך א סך זאָרג און ארבעט אויפן פארם, אין דער ווירטשאַפט.

און אָקערשט, ממש מיט דער האַנט צו דערלאנגען, איז ביילקע דאָרט, אין דער היים אינעם ליטווישן שטעטל, געווען ווי א בת־יחידה. פון שטוב־ארבעט האָט זי ניט אָנגעהייבן צו וויסן. קאָכן, באקן, וואַשן, צירעווען, פארריכטן — אלץ האָבן שוין געטאָן פאר איר איר מוטער און איר עלטסטע שוועסטער. א בראַנד בריה אָט די דאָזיקע שוועסטער אירע. זי, ביילקע, האָט גאָר געלערנט אין דער שטעטלשער גימנאזיע, געהאָדעוועט די נעגל און זיי צוגעפארבט. איר אידעאל איז געווען צו ווערן א לערערין. די געשיכטע האָט זיך אָבער פאר־צויגן. זי האָט שוין געהאַלטן ביי די עקזאמענס. האָט זיך געמאכט אזוי, אז ביים צווייטן עקזאמען איז זי קראַנק געווארן, מען האָט זי אפּערירט אויף דער בלינדער קישקע. דערווייל האָט זיך אונטערגערוקט איר דריי און צוואנציקסטע יאָר און דעם פאָטערס טויט. דער חשק צו באקומען א לערער־דיפּלאָם האָט ניט אָנגעהאלטן. האָט זי זיך גאָר אָנגעפרעגט ביי איר פעטער אין יאָהאנעס־בורג: „וואָס הערט זיך מכוח אפריקע?"

אויף דער שיף, אויפן מיטן ים, האָט צו איר דערגרייכט די בשורה וועגן

דעם נייעם אימיגראַציע־געזעץ: טוריסטן — ווילקאָמען, אָבער בלייבן אויף שטענדיק — ניין! דאָס האָט פּאַסירט צוויי טעג ערב איר אָנקומען קיין קייפּטאַון. א וואַלקן, פינצטער ווי די נאַכט וואָס ליגט איצט אַרום איר, האָט פאַרוויקלט איר געמיט.

---

ביילקע רוקט צו איר שטול נאָענטער צום פּאַרענטש פון דער וועראַנדע. זי שפּאַרט אונטער דעם קאָפּ מיט ביידע הענט — די עלנבויגנס אויפן פּאַ־רענטש. אירע בליקן זוכן אַריינצודרינגען אין דער שטילער פינצטערניש אַרום, די אויערן גאַרן אויפצונעמען כאָטש א קלאַנג, א שאָרך — אומזיסט! קיין ווינטל אפילו. אָט איז די שטאָל אַנטקעגן, זעט זיך עס אָן אין ביילקעס אויגן ווי א פינצטערער, ריזיקער קבר.

ס׳איז אויך שטיל אין הויז פון אינעווייניק. איר מאַן איז איינגעשלאָפן, לייענענדיק די נעכטיקע אָוונט־צייטונג, ער איז מיד. איז א ביסל שווער־גופיק. שטייט אויף באַגינען: אַרבעט, סעזאָן איצט. א גאַנצן לאַנגן טאָג אויף די פיס, פאַלט ער דערנאָך אַנידער, ווי א סנאָפּ. אַזוי יעדן אָוונט. אָבער זי קאָן עס ניט, ניט אַכט אין אָוונט. זי זיצט, ליבערשט, אייניניקע אַליין און קוקט אַריין אין דעם חושך. זי האָט עס שוין גאָר ליב געקראָגן, ניטאָ מער די מורא פון דער ערש־טער צייט. די ערשטע פּאָר חדשים נאָך דער חתונה מיטן מאַן אירן, דעם פאַר־מער, האָט זי דאָ געלעבט אין הוילער שרעק: פאַר די שוואַרצע, פאַר די גרויס־האָרנדיקע אָקסן, פאַר די צעווילדעוועטע קעלבלעך, פאַר שלאַנגען, וואָס לוי־ערן, האָט מען איר געזאָגט, צווישן שטיינער, צווישן שפּאַלטן פון דער ערד. היינט די נעכט! אָדער טיף־שטילע, מעלאַנכאָליש־פינצטערע; אָדער גאָר ווילד־שטורעמדיקע; אָדער ווידער צאַרט־לבנהדיקע, סודותפולע, אָנגעפּילטע מיט פאַרבאָרגענע שדימלעך, רוחות — צעזעצט אויף די ביימער־שפּיצן, אויס־באַהאַלטן אונטער דעכער, לעבעדיק אין יעדן שאָרך, אין יעדן סקריפּ, אין יעדן בלעטער־פאַל. דער מאַן אירער האָט געלאַכט. שכנים, געסט, האָבן געלאַכט. יאָ, היינט לאַכן זיי שוין ניט מער פון איר. היינט לאַכט זי—פון זיך אַליין. נייך, ניט פון דער היינטיקער, נאָר פון יענער ביילקען, דער נאָענט־ווייטער, וועלכע האָט באַזוכט די שטעטלשע גימנאַזיע, געכאָוועט די נעגל, זיי צוגעפּאַרבט, גע־גאָרט צו ווערן א לערערין און איז גאָר געקומען אויף א פאַרם, פינף מייל פון דער נאָענטסטער באַן־סטאַנציע, צוויי מייל פון דעם נאָענטסטן פאַרמער־שכן, און האָט זיך דאָ אַזוי געשראָקן העכער צוויי חדשים צייט. פון יענער ביילקען לאַכט זי היינט. זי אַליין, די היינטיקע ביילקע, איז שוין היינט א פאַרמערקע: זי גיט אַכטונג אויף די הינער, באַזאָרגט זייערע נעסטן מיט פרישן גראָז, קלייבט אויף די אייער, זעצט הינער בריען און ציילט די הינדעלעך, ווען זיי זיינען אויסגעבריט, יעדן אָוונט: טאָמער האָט א קאַץ, א שלאַנג צי א רויב־פויגל אוועקגענומען א פּאָר. אויב יאָ, האָט זי פאַרדרוס. זי פאַרשטייט שוין אויך ווי צו אַרבעטן מיט א סעפּעראַטאָר. קיין פיל מילך איז ניטאָ — שיקן זיי, ליבערשט, סמעטענע אין שטאָט און מיט דעם געשמאַנטן מילך פּאָיען

זיי די קעלבער. פעטע קעלבער האַלטן א מקח. זי דערקענט שוין אויך די אָקסן לויט זייערע נעמען. די שווארצע האָבן שוין אויך אין אירע אויגן באקומען יעדערער א באזונדערע פיזאָנאָמיע. זי געדענקט שוין אויך זייערע נעמען. זי פארשטייט שוין איניקע אפריקאאנס ווערטער.

ווי עס האָט זיך געענדערט פאר אזא קורצער צייט! גלייך ווי זי איז אָנגעקומען קיין אפריקע, האָט זי רק געהערט פון אלע זייטן: „צו וואס זאָלסטו ארבעטן אליין, אז פאַר א פאַר פונט א חודש קריגסטו א שחורדיקן, וואָס יועט אָפּטאָן פאר דיר אלע ארבעטן". נאָך דער חתונה האָט זי געהערט דאָס אייגענע, נאָר מיט מער באַטאָנונג, פון איר מאן: „פאר צען שילינג א חודש, מיט א טעלער זופּ און א שטיקל ברויט א „פאסעלע" וועלן די ווייבער, די טעכטער און די „פיקענינס" פון די פאַרם־ארבעטער אפּטאָן אלע ארבעטן פאר דיר". שטאַרק זיך דינגעז צוליב דעם האָט ביילקען זיך ניט געגלוסט. זי האָט דאָך געוווסט, אז קיין גרויסער מאדים אויף שטוב־ארבעט איז זי ניט. האָט זי עס תחילת אלץ נאָכגעגעבן. שפּעטער אָבער האָט זי געגומען איינזען, אז צו די „פיקענינס" און צו די „שחורדיקע" מוז מען אליין אויך ארבעטן, אליין זארגן און טראכטן וועגן אלץ, אויב מען וויל, אז די באלעבאטישקייט זאָל זיין אין אָרדענונג.

---

„ביילקע!" — דערהערט זי פלוצלונג דעם מאַנס באַסאָווע שטימע פון אינעווייניק — „ביילקע־קרוין, ווען קומסטו שלאָפן?"

זי שמייכלט אין זיך: ביילקע! מאָדנע: אלע, אייגענע און פרעמדע, האָבן זי שטענדיק גערופן ביילקע. זאָל דאָס זיין מחמת זי איז דין, נידעריק, בלאנד — א יונג מיידעלע, וואס מען קען ניט רופן: פריילין רייז? איר יאָהאנעסבורגער אָנקל, ווען ער האָט זי דערזען צום ערשטן מאָל, האָט געמיינט, אז זיין שוועסטער האָט אים צוגעשיקט ניט דאָס ריכטיקע קינד. ער האָט ניט געקאָנט שלום מאכן מיטן געדאנק, אז דאָס איז די פיר־און־צוואנציק־יאריקע ביילקע. פלעגט ער זי פארשטעלן פאר פרעמדע: „ביילקע... ע... ע... פריילין רייז". דער פרעמדער, נאָך עטלעכע מינוטן ארומפּלאנטערן מיט דער צונג, פלעגט צום סוף אריבערגיין אויף „ביילקע". ס'איז געווען נאַטירלעכער. מערניט ער, דער מאַן אירער, האָט אויסגעמידט זי צו רופן „ביילקע", ביז זי האָט ניט געזאגט: „יאָ".

די ערשטע דריי, וואס האָבן געזאלט זיין חתנים... מאָדנע: פיר — (דער מאן אירער איז געווען דער פערטער) אין איין חודש צייט! ס'איז געווען דרינגענדיק: חתונה האָבן אָדער פארן צוריק! אזוי האָט געפּאָדערט פון איר דאס געזעץ. אלע האָבן זיך געמיט פאר איר: די מומע האָט איינגעאָרדענט אפטע „פּארטיס" אין הויז, האָט זי מיטגענומען אומעטום. האָט אין דער שטיל אונטערגעשיקט בחורים. דער פעטער האָט זיך געזען מיט שדכנים, איז געגאנגען דאווענען אפּטער, ווי געוויינלעך, געגאנגען אָפטער אין קינאָ; האָט זי אפילו מיטגענומען א

פאַר מאָל אויף „רייסעס". קיין שלל בחורים האָט עס אָבער ניט געבראַכט. דער ערשטער פּרעטענדענט האָט געזאָגט קלאָר: ער פאַרמאָגט א קליינע „גראָסערי-שאָפּקע". ער וויל געלט. עטלעכע הונדערט פונט. דער צווייטער האָט דעם גאַנצן אָוונט געשוויגן. ער איז געווען אָנגעטאָן איינפאַך, ריין, נאָר די נעגל זיינען ביי אים געווען שוואַרצע — ער איז געווען א בלעכער. פאַרן אוועקגיין האָט ער זיך פאַרטרויט פאַרן פעטער: ער וויל ניט חתונה האָבן מיט קיין קינד... דער דריטער — א שאָטן. זי געדענקט ניט אפילו זיין געשטאַלט.

דערנאָך זיינען געקומען שטילע, דראָענדיקע טעג. באַגינען פלעגט דער נייער טאָג, שטיל און פאַרזיכטיק, אָנקלאַפּן ביי איר אין פענצטער: אַזויפיל און אַזויפיל טעג זיינען געבליבן הינטער דיר: חתונה האָבן אָדער פאָרן צוריק, חתונה האָבן אָדער פאָרן צוריק... די פליגן אין חדר האָבן עס אויפגעכאַפּט און געזשומעט: חתונה האָבן אָדער פאָרן צוריק... און די טראַמווייען, און דער שטאָט־זייגער, און דער מומעס שוויגן, און דעם פעטערס רויכערן איין ציגאַר נאָכן אַנדערן — חתונה האָבן אָדער פאָרן צוריק...

דעם פערטן, איר מאַן, האָט דער פעטער געבראַכט מיט זיך איינמאָל צו אָוונטברויט: ער האָט אים געפּאַקט ערגעץ אין שטאָט. א באַקענטער פון יאָרן. ער האָט אים פאַרגעשטעלט: „ביילקע... ע... ע... מיס רייז — מיסטער בוים". מיסטער בוים — פון דער זון פאַרברוינט, האָריק, לייביק, שווער, זאַפּראַן־וואָנצעס, בלאָ־וואָסערדיקע אויגן, אין די פערציקער — האָט געשמייכלט פאַרשעמט. דערנאָך האָט ער זיך פאַרגעסן און געגעסן מיט גרויסן אַפּעטיט, געשוויצט אָן אויפהער און געלאַכט אויפן קול פון דער קלענסטער הלצלה, בעת מעשה א גאָס טוענדיק זיינע וואַסערדיקע אויגן אויף איר: „אָדער דו האָסט חתונה מיט מיר, אָדער דו פאָרסט צוריק..." גערעדט האָט ער ווייניק. איינמאָל נאָר האָט ער געוואָלט פון איר וויסן: „מיס ב... מיס רייז, ווי אַלט זייט איר געווען, ווען ס'האָט אויסגעבראָכן דער גרויסער קריג?..."

---

שטיל. פינצטער. ס'פאַלט א דינער רעגן. דער מאַן אירער שלאָפט שוין ווידער. ער איז מיד. ער איז כסדר מיד. זיין גאַנצער אינטערעס — דער פאַרם. ער איז גוט, ערלעך, אומוויסנדיק, ניט אינטערעסאַנט. ער ליובעט זי ניט צופיל. גוט אַזוי. זי איז זיין ווייב — און דאָס גאָר. זי איז נאָך אַלץ ביילקע. אָבער ניט יענע ביילקע פון פאַר דער חתונה. יענע האָט, נעבעך, ניט געקאָנט אויסהאַלטן דאָס כסדרדיקע האַמערן: חתונה האָבן אָדער פאָרן צוריק, חתונה האָבן, אָדער פאָרן צוריק... יענע איז אויסגעגאַנגען, פאַרשוווּנדן פון דער וועלט. זי, די ביילקע, וואָס זיצט דאָ איינינקע אליין אין א פינצטערער, רעגנדיקער נאַכט, פינף מייל פון דער נאָענטסטער באַן־סטאַנציע, צוויי מייל פון דעם נאָענטסטן פאַרמער־שכן — אָט די ביילקע איז א ווייבל א בראַנדז מאָרגן, גאַנץ פרי, וועט זי אויסשיטן קערנער פאַר די הינער, אויסרייניקן זייערע נעסטן, אַרבעטן מיטן סעפּעראַטאָר, העלפן אָנפּאָיען די קעלבער, זען ס'זאָל זיין ריין, דאָס עסן זאָל

זיין גרייט. דאָס איז, איצט, איר וועלט, איר גאַנצער אינטערעס. אַן ענגלישע צייטונג לייענען קאָן זי נאָך ניט גוט, קיין אַנדערע באַקומט זי ניט. און אויב די סמנים זיינען ריכטיקע וועט זי שפּעטער־צו, טוליען צו זיך א לעבעדיק נפשל...

פונדעסטוועגן קאָן ביילקע בשום אופן ניט באַשליסן, אויב דאָס נייע אימיגראַציע־געזעץ, וואָס איז אַריין אין קראַפט צוויי טעג פאַר איר אָנקומען קיין קייפּטאַון, איז געווען פאַר איר טובה־וועגן, אָדער ניט. ווער ווייסט?...

1937

# שותפים

לייזער איז יענעם טאָג, ווי שטענדיק, אויפגעשטאַנען פיר דעם זייגער באַגינען. אין דער פינצטער האָט ער אויפגעזוכט זיין מאַנטל אויפן אָגלען פון שטול נעבן זיין בעט, האָט אַריינגעשטעקט די באָרוועסע פיס אין די שווערע פאַרמער־שיך און איז אַרויסגעגאַנגען פון שטוב. ס׳איז געווען פינצטער, קיל און שטיל. ביימער זיינען געשטאַנען, ווי פאַרגליווערטע שאָטנס, און די פעלדער, אַרום און ווייטער פון הויז, האָבן אויסגעזען שוואַרץ, ווי נאָך א פעלדפייער. דער הימל איז געווען טונקל־בלוילעך, אָנגעפּיקעוועט מיט שטערן. לייזערס געניט אויג האָט באַמערקט די סילועטן פון די בהמות, וואָס זיינען געלעגן אויף א דערבייאיקן פעלד, די הינער, וואָס זיינען געשלאָפן אויף פלויטן און אַקעראַייזנס, און די ערד־און־ליים־הייזלעך פון די שוואַרצע פאַרם־אַרבעטער, אונטן, אין טאָל.

פון די טיפע קעשענעס פון זיין מאַנטל האָט ער אַרויסגענומען זיין פייפקע, טאַבאַק און שוועבעלעך, און האָט פאַררויכערט. ער האָט געצויגן דעם רויך און מיט א שטילן פאַרדראָס געטראַכט: אין א פּאָר וואָכן אַרום וועלן זיי דאָ שוין ניט זיין — זיי האָבן פאַרקויפט דעם פאַרם. ביידע, ער און זיין שותף, גדליה, וואָס שלאָפט נאָך דאָרטן אינעווייניק, זיינען שוין צו אַלט אָנצופירן מיט דער פאַרם־אַרבעט: ער איז שוין זיבעציק, און גדליה איז נאָך מיט א פּאָר יאָר עלטער. ביי אים טרייסלען זיך שוין די הענט און די ראיה איז אויך שוואַכער; גדליה ווידער קלאָגט זיך די לעצטע צייט אויף עפּעס א שטעכעניש אַרום הארצן. אָבער דאָס וואָלט זיי ניט געשטערט. דער עיקר, זיי זיינען שוין מיד — אַלט און מיד — דרייסיק יאָר אויפן פאַרם! ס׳איז גענוג! קיין מיליאָנערן זיינען זיי ניט, אָבער פאַר די פּאָר יאָר, וואָס עס איז זיי נאָך פאַרבליבן צו לעבן, וועט דאָס געלט זיי זיין גענוג. זיי האָבן שוין באַשטעלט א צימער אין א שטאָטישן האָטעל: זיי האָבן געאַרבעט צוזאַמען און וועלן איצט רוען צוזאַמען.

ער איז אַריין צוריק אין הויז. ביים שוועל פון זייער שלאָפצימער האָט ער געזאָגט :—„גדליה, היינטיקס יאָר וועט זיין אַ נאַסער, ס׳פילט זיך דאָס אין דער לופט״. ניט באַקומענדיק קיין ענטפער, איז ער אַריין אינעווייניק. אויפן טישל, וואָס איז געשטאַנען צווישן זייערע בעטן, האָט ער געפונען א ליכט און האָט עס אָנגעצונדן. גדליה איז געלעגן מיטן פּנים צו דער וואַנט, די קאָלדרע אַרויפגעצויגן ביז איבער די אויערן. ס׳איז לייזערן געווען א חידוש: פאַרוואָס

שלאָפט גדליה אזוי לאנג? שטענדיק שטייט ער אויף דער ערשטער. א פּנים, ער איז ניט געזונט. מיטן ליכט אין האַנט האָט ער זיך אָנגעבויגן איבער אים:
— גדליה! גדליה!

ער האָט זיך צוגעהערט: גדליה האָט ניט געאָטעמט. לייזער האָט זיך אויס־געגלייכט און איז געבליבן שטיין, ווי געליימט. א קאַלטער שווייס האָט באַ־גאָסן זיין לייב. ער האָט געאָטעמט שווער און זיינע הענט האָבן זיך געטרייסלט. דאָס ליכט איז אים ארויסגעפאלן פון האנט. איצט האָט לייזער זיך אָפּגעריסן פון אָרט און איז ארויסגעלאפן פון הויז, איז געלאָפן אין דער ריכטונג פון די ארבעטער־הייזקעס. ער איז צוגעפאלן צו דער נידעריקער טיר פון דעם ערשטן הייזל, געהאמערט אין איר מיט ביידע פויסטן און געראָפן מיט אן אפּ־געהאקטן אָטעם: „יערעמיא! יערעמיא! קום! גיך! אן אומגליק! אן אומגליק האָט פּאסירט!"

יערעמיא, א הויכער, א געזונטער, איז ארויסגעפאלן פונעם הייזל א צע־שראָקענער, אינגאנצן א נאקעטער: „באַאָס, וואָס איז געשען, באַאָס?"

„יערעמיא, באָס גאדיל איז געשטאָרבן. לויף, זאָטל אָן דעם געלן פערד און רייט אָנזאָגן דעם באאס הארריי, באַאָס סימאָן און באאס יאקאָב. שנעל! שנעל! אוי, אן אומגליק, אן אומגליק!"

יערעמיא איז פארשוואונדן אין הייזל, און איז באלד ווידער ארויסגעקומען, שוין אָנגעטאָן אין העמד און הויזן. אין האנט האָט ער געהאלטן א קאלאבאס*) מיט וואסער. ער האָט עס אונטערגעטראגן לייזערן: „באַאָס איז צעשראקן; זאָל דער באאס טרינקען א ביסל וואסער". לייזער איז געשטאַנען אָנגעשפּארט אָן וואנט פונעם הייזל. ער האָט גענומען די כלי און געטאָן א פּאָר זופּן. זיינע הענט האָבן זיך שטארק געטרייסלט און א טייל וואסער האָט זיך אויסגעגאָסן אויף זיין מאנטל: „אך, באַאָס", האָט דער שווארצער אויסגעדריקט זיין מיטגעפיל. „ווען איז באַאָס גאדיל געשטאָרבן?"

ביינאכט, יערעמיא, אין שלאָף. די לעצטע צייט האָט ער כסדר זיך גע־קלאָגט אויף א שטעכעניש ארום הארצן. ניט געגאנגען צו א דאָקטער. קיינמאָל קראַנק ניט געווען. נו, איך מוז שוין גיין — באאס גאַדיל איז דארטן אליין".

צוריק איז לייזער שוין געגאנגען לאנגזאם. ער האָט זיך געפילט מיד און ס'איז בארג ארויף. אין דער קורצער צייט איז ער עלטער געוואָרן, דאכט זיך, מיט צען יאָר. ווער האָט זיך עס געקאָנט ריכטן אויף אזא פּלוצלונגען טויט.

אין הויז איז געווען שטיל און פינצטער. לייזער האָט אויפגעהויבן דאָס ליכט פון דער ערד, האָט עס אָנגעצונדן און אוועקגעשטעלט אויף דעם טישל. פארזיכטיק האט ער אראפּגענומען די קאלדרע פון גדליהן און האט אים אינ־גאנצן איבערגעדעקט מיטן ליילעך. ער איז געשטאַנען איניקע מינוטן גע־קוקט אויף זיין געוועזענעם שותף און מיטן ארבל פון זיין לינקער האַנט האָט ער אוועקגעווישט א פּאָר טרערן. נאָכדעם, האלטנדיק דאָס ליכט אין האַנט, איז ער אריין אין דעם צווייטן צימער. דאָ איז געשטאַנען א טיש, א צווויי־דריי

*) א כלי צום טרינקען, אויסגעהוילט פון האָלץ.

שטולן, א קאַנאַפּע, אַן אַלמערל מיט געפעס, אַן אַלטער גראַמאַפאָן. אויף איינעם פון די ווייס־געקאַלכטע ווענט זיינען געהאַנגען די בילדער פון אַן אַלט פּאָר פאַלק — א מאַן און א פרוי. לייזער האָט אַוועקגעשטעלט דאָס ליכט אויפן טיש און זיך פאַרטראַכט, קוקנדיק אויף די אַלטע פּאָר — גדליהס עלטערן. דער זייגער אויפן וואַנט האָט אויסגעשלאָגן די האַלבע שעה — ערשט א האַלבע שעה, זינט עס האָט געטראָפן דער אומגליק! ביז עמיצער פון די יידישע פאַרמערס וועט קומען וועט נאָך דויערן. וועט ער דערווייל זיך אָפּרוען א ביסל.

ער האָט זיך אויסגעצויגן אויף דעם דיוואַן, פאַרשפּילעט דעם מאַנטל אויף אַלע קנעפּ, פאַרשטעקט די הענט אין די ברייטע אַרבל און האָט פאַרמאַכט די אויגן. א פּאָר מינוטן איז ער געלעגן און זיך צוגעהערט צום ווייטן בילן פון הינט און צו דעם יאָמער פון קעץ ערגעץ נאָענט. דאָס האָט אים דערמאָנט די ליבשאַפט און רחמנות, וואָס גדליה האָט אַרויסגעוויזן צו די דאָזיקע שטומע באַשעפענישן. א מאָדנער מענטש געווען גדליה. ער האָט אים געקאָנט אַזויפיל יאָרן און דאָך... ער דערמאָנט זיך: טאַקע דעם חודש איז געוואָרן פינף און פערציק יאָר זינט ער האָט זיך געטראָפן מיט גדליהן צום ערשטן מאָל. דאָס איז געווען אויף דער שיף, וואָס האָט זיי ביידן, מיט נאָך א פּאָר הונדערט מענטשן, געפירט קיין אַפריקע. ס'איז געווען א לאַנגע און א שווערע נסיעה. דער ים איז כסדר געווען בייז, אומרויק. ריזיקע כוואַליעס האָבן די שיף געוואָרפן, געהויבן, זי געדראָט צו זינקען. אינעווייניק, אין די קאַיוטעס, זיינען מענטשן געלעגן בלאַסע און קראַנקע, האָבן געקרעכצט, זיך געשראָקן: אָט־אָט און די שיף וועט זינקען. נאָר אויף איינעם האָט דער שטורעם אפנים קיין רושם ניט געמאַכט. דאָס איז געווען א הויכער, ברייט־פּלייציקער בחור, מיט רויטע האָר און בלאָע, שטענדיק לאַכנדיקע אויגן. ער איז ניט געווען קראַנק. ער איז אַרומגעגאַנגען און האָט אַלעמען באַדינט, זיי באַזאָרגט מיט א סך נייטיקייטן. א ספּעציעל אויג האָט ער געהאַלטן אויף אים, אויף לייזערן. ער, לייזער, איז דעם גאַנצן וועג געווען שטאַרק קראַנק. האָט דער רויטער בחור רק זיך געדרייט אַרום אים, אים געפּאָיעט מיט מעדיצין, וואָס דער שיף־דאָקטאָר האָט פאַרשריבן און אים באַפוילן זיך א מענטש, זיך ניט אָפּלאָזן. דער דאָזיקער רויטער בחור איז געווען גדליה.

וואָס האָט אים, לייזערן, דעם געוועזענעם ישיבה־בחור און תלמודיסט, אָנגעקניפּט צו גדליהן ווייסט ער ניט. גדליה איז געווען א פּשוטער מענטש, קוים געקאָנט אָנשרייבן א יידיש בריוול. עס האָט אים מסתמא געצויגן גדליהס גוט־ברודערשאַפט, זיין ערלעכע אָרענטלעכקייט.

זיי זיינען ביידע פאַרפאָרן אין דערזעלבער אַכסניה. נאָכדעם האָבן זיי, בשותפות, זיך אַרומגעשלעפּט איבער קייפּטאַונער גאַסן זוכן אַרבעט. אין יענע אַרבעטלאָזע טעג איז גדליה געווען דרייסטער און מוטיקער פון אים, פון לייזערן. ער, לייזער, איז אָפט אַריינגעפאַלן אין א מרה שחורה. געטראַכט: אַן עק פון דער וועלט! גדליה האָט געלאַכט. „דו ביסט דאָך א לערנער", האָט ער געזאָגט. „טאָר מען דען אָנווערן דעם בטחון? ס'וועט רעכט ווערן!" און ס'איז רעכט געוואָרן: זיי האָבן געאַרבעט ביים האַפן, ביי נייע געביידעס, אַרומגע־

פעדלט מיט בייגל, מיט פרוכט — בשותפות... שפּעטער האָבן זיי זיך דער־שלאָגן צו אַן אייגן שטיקל געשעפט — א סאַדע־וואסער־קרעמל. דאָס דאָזיקע געוועלבל האָט זיי געשטעלט אויף די פיס: ס׳איז אָנגעקומען די ענגליש־בורי־שע מלחמה. קייפּטאַן איז געווארן דער מקום מקלט פאַר א גרויסער צאָל מל־חמה-פליטים און זעלנער — האָט זיך געפּדיונט געשמאַק.

ס׳האָט געטאָגט. העכער האָבן געקרייט און הינער זיינען געשפּרונגען פון זייערע געלעגערס. די פייגל אויף דיביימער האָבן געצוויטשערט. אין דרויסן, ביים הויז, זיינען געזעסן די שווארצע פארם־ארבעטער מיט זייערע ווייבער און גערעדט שטיל צווישן זיך. לייזער האָט געעפנט די אויגן. דורכן פענצטער האָט ארייגעקוקט א גרויער מאָרגן. אויפן מזרח־האָריזאָנט האָבן זיך שוין צעלייגט העלע פּאַסן ליכט. לייזער האָט עס קוים באַמערקט. ער האָט געטראַכט: ווען זיי וואָלטן פארבליבן אין קייפּטאַן, וואָלט זייער לעבן אָנגענומען אַן אַנדער ווענדונג. אָבער נאָך דעם קריג איז מסחר געווארן שוואַכער און קלאַנגען האָבן זיך ארומגעטראָגן, אז מענטשן ווערן נתעשר פון „טאָכן״*) אין טראַנסוואַל. זיינען זיי געקומען קיין טראַנסוואַל. האָבן זיך באַזאָרגט מיט פערד און וואָגן און מיט א פארשיידענעם אסארטימענט סחורה, און זיינען ארויסגעפאָרן „טאָכן״. אָבער אים, לייזערן, איז דאָס ארומשלעפּן זיך פון פאַרם צו פאַרם ניט געווען צום הארצן.

„ס׳א מיאוסער נע־ונד לעבן״, האָט ער זיך געקלאָגט פאַר גדליהן. „מ׳ווערט פארגרעבט, רוי, ווי א שטיק ניט־צעאַקערט פעלד — פארוואקסן מיט גראָז״.

„נו״, האָט גדליה געזאָגט, „נעם מיט א ספר, א חומש צו א גמרא, און ביינאַכט, ליגנדיק אויפן פעלד אונטערן וואָגן, אדער ביים בור אין א הינטער צימער — זיץ און לערן״. אזאַ איינער איז געווען גדליה. אָבער נאָך דריי יאָר ארומוואַנדערן איבער דער לענג און דער ברייט פון טראַנסוואַל איז אויך גדליה מיד געווארן. „מיר וועלן זיך אומקערן אין שטאָט״, האָט גדליה געזאָגט. „מיר וועלן עפענען א ביזנעס און לעבן, ווי מענטשן״.

די האָפענונג אויף א נייעם, אויף אַן אנדער ארט לעבן, איז געוואקסן. אָבער א באַגעגעניש מיט א יידישן פארמער האָט אפּגעהתמעט זייער גורל אויף אייביק. דער דאָזיקער פאַרמער האָט געלעבט ערגעצוו אין א פאַר־וואָרפן ווינקל פון דער מדינה. זיין פרוי א בורישע און די קינדער האָבן גע־רעדט אפריקאַאַנס. ער האָט זיך שטאַרק דערפרייט מיט זיי און האָט זיי באַ־האַנדלט, ווי ברידער, וואָס האָבן זיך אפּגעזוכט נאָך לאַנגע יאָרן. ער האָט אויס־געהערט זייער פלאַן צו ווערן קרעמער און געשאָקלט מיטן קאָפּ. „שוין צייט״, האָט ער געזאָגט, „יידן זאָלן וואָרפן קרעמעריי. יידן דארפן אָנהייבן זיך איינ־

*) טאָכן — פון דעם אפריקאַאַנס וואָרט „טאָך״ — ארומפאָרן, ארומרייזן. „טאָכער״ — אַן ארומפאָרער, אין דעם פאַל — לאַנדקרעמער. דער בור רופט אזא איינעם „שמויז״ — פּעדלער.

וואָרצלען אין דעם אפריקאַנער באָדן און ציען זייער יניקה פון דער ערד, וויביימער און בלומען״.

דריי־פיר חדשים שפּעטער האָבן זיי געקויפט די נחלה אויף וועלכער זיי האָבן געלעבט דרייסיק יאָר. דער נאָענטסטער שכן האָט זיך געפונען צוועלף מייל ווייט און די נאָענטסטע באַן־סטאַנציע — צען מייל. די דאָזיקע איזאָ־לירטקייט האָט אים, לייזערן, געשראָקן. „גדליה״, האָט ער געטענהט, „מיר וועלן דאָך דאָ אויסגיין פון עלנט און איינזאַמקייט — אויב די שוואַרצע וועלן אונדז ניט הרגענען״.

גדליה איז געוואָרן אומגעדולדיק. „לייזער, דו רעדסט נאַרישקייטן!״ האָט ער געזאָגט. קיינמאָל ביסטו ניט צופרידן. כ׳בין א בעלן צו וויסן, אויף וואָס דו דאַרפסט דעם שטויב און דעם טומל פון שטאָט און מיט וואָס דו וואָלסט דאָרט געווען צופרידן״.

דאָס הויז, ווי אַלע פאַרם־הייזער פון יענער צייט, איז געווען א קליינע — צוויי צימערן מיט א קיך. זיי האָבן עס עטוואָס רעמאָנטירט; האָבן געפלאַנצט ביימער, געגראָבן א ברונעם, געבויט א שטאַל, אַרומגעצאַמט די נחלה. די ערשטע פּאָר יאָר זיינען געווען שווערע; צו פיל אָדער צו ווייניק רעגן, ווערעם און היישעריקן, בהמות זיינען געפאַלן פון פאַרשיידענע קראַנקייטן, אַרבעטער האָבן זיך ניט געהאַלטן, כסדר זיך געביטן. זיי האָבן געצאָלט „רבי־געלט״. שפּעטער זיינען שוין געקומען בעסערע יאָרן. אָבער ס׳איז געווען א שטיל און איינזאַם לעבן. אין די אָוונטן, נאָכן עסן, פלעגן זיי נאָך זיצן א שעה אַנדער־האַלבן, אַרומריידן די אָפּגעטאָנענע און די קומענדיקע אַרבעט, שרייבן בריוו אַהיים און דיסקוטירן די נייעס, וואָס האָט צו זיי דערגרייכט דורכן טאָג, אָדער וואָך, און גיין שלאָפן. קיין צייטונגען האָבן זיי ניט געקראָגן און קיין ביכער האָבן זיי ניט געהאַט. ביי אים, ביי לייזערן, האָט זיך ערגעץ פאַרוואַלגערט א תנכ״ל, אָבער ער האָט, זעלטן ווען, אַריינגעקוקט אין אים. און ער האָט דאָך, אין זיינע ישיבה־יאָרן, אַזוי ליב געהאַט צו לערנען!

א מאָל, א זונטאָג, פלעגן זיי פאָרן אויף א באַזוך צו א נאָענטן פאַרמער, אָדער עמעצער פלעגט קומען צו זיי. יידישע „טאָכערס״ האָבן אָפט איבערגע־שלאָפן ביי זיי. איז יענער טאָג אָדער אָוונט געווען פריילעכער. א פּאָר מאָל דורכן חודש פלעגן זיי צופאָרן אין שטעטל איינקויפן עפּעס פאַר דעם איי־גענעם געברויך, לאָזן פאַרריכטן א מאַשין, שמידן א פערד. פאַר דעם אייגענעם באַדאַרף האָבן זיי קיין סך ניט נייטיק געהאַט: מילך, אייער, פּוטער און פליש האָבן זיי געהאַט געגנוג פון די אייגענע קי און הינער; ברויט האָט פאַר זיי געבאַקן די פרוי פון דעם בור, וואָס האָט געהאַלטן ביי זיי אין אַרענדע א שטיקל ערד. זי האָט אויך געוואַשן זייערע וועש, געצירעוועט זייערע זאָקן, און בכלל געהאַלטן דאָס הויז אין אָרדענונג. פאַר איר אַרבעט האָט זי באַ־קומען צוויי פונט א חודש, א האַלבן זעקל צוקער, א פּאָר עמער בולבעס און אַן אָפּגעטראָגענעם בגד פאַר איר מאַן; „קריסמעס״ (ווייַנאַכטן) — מתנות פאַר אירע קינדער. דער בור גופא האָט די ערשטע צייט זיי אַרויסגעהאָלפן

מיט דער ארבעט. ביים סוף פון דעם פינפטן יאָר איז ער אריבער צו אן אנ־דער פּארמער: ער האָט זיי באשולדיקט אין צוזינדיקן מיט זיין ווייב.

פארוואס האָט קיין איינער פון זיי ניט חתונה געהאט? פריער מחמת ניט קיין געזיכערטער מאטעריעלער לאגע און שפּעטער, ווייל קיין איין יידיש מיידל האָט ניט געוואלט קומען לעבן אין דעם דאזיקן מדבר. עס האָט שוין איינמאָל געהאלטן, אז גדליה זאָל ווערן א חתן — דאָס איז נאָך געווען אין די יאָרן, ווען זיי האָבן „געטאָכט". ער האָט געהאַט א באקענטע מיידל אין יאָ־האנעסבורג. ס'האָט שוין געהאַלטן ביים שרייבן תנאים. ווען גדליה איז צום לעצטן מאָל געקומען צו דער מיידל אין הויז, האָט איר פאָטער אים געוויזן די טיר. א צייט שפּעטער איז מען דערגאנגען די סיבה: עמעצער האָט אויס־געטראָכט, אז גדליה האָט א ווייב מיט קינדער אין דער אלטער היים. גדליה איז נאָכדעם א לאנגע צייט ארומגעגאנגען שטיל, פארביטערט אויף דער וועלט.

דערנאָך האָט אויף א קורצער צייט ביי ביידן אויפגעלעבט די האָפענונג חתונה צו האָבן: ביי דעם יידישן מילנער אין שטעטל איז געקומען זיינע א שוועסטער פון יאָהאַנעסבורג. זי איז געווען א שיינע, א פינף און דרייסיק יאָריקע אלמנה. זי, ווי די גאנצע פאמיליע, האָבן זיי אויפגענומען שטארק פריינטלעך און פארבעטן צו קומען אפטער. ער, לייזער, און גדליה, זיינען ביי זיך געווען איבערצייגט, אז זי באגערט איינעם פון זיי. גדליה האָט געזאגט: „לייזער, מיר וועלן זיך ניט קריגן און זיך ניט פונאנדערגיין צוליב דער אלמנה. ווער ס'וועט איר געפעלן, דער וועט מיט איר חתונה האָבן — און זאָל זייך מיט גליקן!"

עטלעכע חדשים שפּעטער האָט זי חתונה געהאַט מיט הארריך, איצט זייער נאָענטסטער שכן. גדליה, און ער, האָבן מער ניט געטראכט וועגן חתונה האָבן.

---

דער שווארצער הויז־דינער איז אריינגעקומען. ער האָט אוועקגעשטעלט א קריגעלע קאַווע אויפן טיש און געזאגט: „באַאַס, אָט איז הייסע קאַווע; זאָל דער באַאס טרינקען איידער ס'ווערט קאַלט".

לייזער האָט זיך אויפגעזעצט. ער האָט א קוק געטאָן אויף דער פאר־מאכטער טיר פון זייער שלאָפצימער, ווי ס'וואלט אים געוווּנדערט פארוואס גדליה קומט ניט ארויס. ער האָט טיף אפגעזיפצט און פארטראכט געזופּט די קאַווע. די ערשטע שטראַלן פון דער אויפגייענדיקער זון האָבן ארומגעטאַנצט אויף דער פּאָדלאָגע, פארקראָכן אויפן טיש נעבן לייזערן, און זיך געשפּילט אין די פאטאגראַפיעס פון אלטן פאר־פאלק אויפן וואַנט. לייזער איז ארויס אין דרויסן. די שווארצע ארבעטער האבן זיך אויפגעשטעלט, אים ארומגע־רינגלט, זיך אויסגעפרעגט וואָס און ווי אזוי האָט עס פּאסירט מיט גדליהן און שטארק באדויערט. עופות זיינען אָנגעלאָפן און געבליבן שטיין איבער־ראשטע; ווו זיינען די קערנער, וואס לייזער שיט אויס פאר זיי יעדן פרי־מאָרגן? לייזער איז אוועק צום שטאל און איז באלד ארויסגעקומען מיט א

שופל מיליס. ער האָט גערופן: קיפּ! קיפּ! די עופות, מיט אויסגעצויגענע העלדזער און אויסגעשפּרייטע פליגל, זיינען צוגעפאלן עסן מיט א מאָדנער זשעדנע־קייט, און געיאָגט די שוואכערע פון זיך. פּייגעלעך זיינען ארומגעשפּרונגען דערביי, אָבער האָבן זיך געשראָקן כאַפּן א קערנדל.

לייזער איז געשטאנען און געקוקט אין דער ריכטונג פון דעם ווייס־זאמדיקן וועג, וואָס איז געלעגן צווישן די פעלדער. באלד האָט זיך באוויזן א שנעל אָנקומענדיקער אויטאָמאָביל. האָט שוין לייזער געוווּסט, אז דאָס קומט זיין נאָענטסטער שכן הארריִ, דער איינציקער, וואָס פארמאָגט אן אויטאָ אין דער געגנט. מיט אים איז מיטגעקומען די שיינע פרוי זיינע — איצט שוין אין די פופציקער, עטוואס גרוי, און א מאמע פון דריי קינדער. אָבער איר פּנים האָט נאָך געהאט דעם חן פון מיט יאָרן צוריק. זיי זיינען אריין אינעווייניק. עטלעכע מינוטן זיינען זיי געשטאַנען שטיל ביי גדליהס בעט. הארריס פרוי האָט געלאָזט פאלן עטלעכע טרערן. נאָכדעם האָבן זיי באשלאָסן אז לייזער און ראַ־כעל, הארריס פרוי, זאָלן פאָרן אין שטעטל, אראנזשירן די חברה קדישא און ברענגען א דאָקטער. די קבורה מוז פארקומען נאָך דעם זעלבן טאָג. ער, הארריִ, וועט דאָ בלייבן ווארטן אויף די איבעריקע פארמערס.

זיי האָבן זיך געזעצט אין אויטאָ. ראכעל האָט א דריק געטאָן א קנעפּל. די מאשין האָט א פּאָר מאָל א בורטשע געטאָן, האָט זיך אפּגעטרייסלט און האָט זיך אפּגעריסן פון אָרט. גיך און שטיל איז עס געלאָפן איבער דעם ווייס־זאמדיקן וועג, פארביי פלאנטאציעס, איבער בריקן, אונטער וועלכע ס׳איז רויק געפלאָסן א קלאָר טייכל, פארביי פעלדער, ווו ס׳האָבן זיך געפּאשעט בהמות און מאשינעס האָבן געדראָשן מיליס. זיי האָבן ווייניק גערעדט צווישן זיך. ראכעל האָט צום צווייטן מאָל איבערגעפרעגט ווי דאָס אומגליק האָט פּאַ־סירט. לייזער האָט געקוקט אויף דער פרוי, וואָס איז געזעסן נעבן אים. ער האָט געטראכט: די דאָזיקע פרוי האָט דאָך געקאָנט ווערן זיין פרוי און אירע קינדער — זיינע קינדער. דאָס לעבן וואָלט דאַן געהאט אן אנדער פּנים און טעם. איצט...

---

דאָס גאנצע שכנותדיקע שטעטל יידן זיינען געקומען צו דער לוויה. דער טאָג, ווי אלע טראנסוואלער ווינטער טעג, איז געווען א זוניקער, אָבער א שטאַרקער ווינט האָט געבלאָזן און גערוישט איבער דיביימער, וואָס ארום דעם בית עולם. לייזערן האָט עס דערמאָנט דעם ים־שטורעם, וואָס האָט געבושעוועט ארום דער שיף, מיט וועלכער ער און גדליה זיינען געפאָרן קיין אפריקע מיט פינף און פערציק יאָר צוריק. זאָגנדיק קדיש, האָט ער גע־טראכט: אייגנטלעך זאָגט ער דאָך קדיש נאָך צווייען — נאָך גדליהן און נאָך זיך אליין אויך, נאָך זיין אייגענעם זיבעציק יאָריקן לעבן, וואָס איז פארביי אזוי איינזאם און שטיל. ער האָט פארענדיקט דעם קדיש האלב וויינענדיק...

1943

# ליפּע האָלץ

.1

ליפּע האָלץ איז געקומען צו זיך אַהיים פון מיטינג בײַז און אויפגערעגט. געווען איז ער, דער דאָזיקער ליפּע, לאַנג, דין און ביינערדיק. כדי זײַן מאָגער און אויסגעצויגן פּנים זאָל האָבן מער אָנזען, האָט ער געהאָדעוועט א בּרויך, קורץ געשאָרן בערדל און א פּאָר געלבלעכע וואָנצעס. איבער זיי האָט זיך דערהויבן א לענגלעך־הויקערדיקע נאָז מיט א קליינער בראָדעווקע אויפן דעכל פון דער לינקער נאָזלאָך. אויגן האָט ער געהאַט בלאָע, אומרואיקע, און זײַנע העל־ברוינע האָר אויף זײַן לענגלעכן קאָפּ זײַנען געווען שיטער און דורכגעזילבערט. ער איז געווען דער הויפּט־ און איינציקער דירעקטאָר פון דער „הימאַלאַיען־קליידער־פאַבריק", דער אייגנטימער פון א צוויי־גאָרנדיקן מויער ערגעץ אין א שטילער, צעביימערטער יאָהאַנעסבורגער פאַרשטאָט, פון א „קרייסלער"־אויטאָמאָביל און פון א טונקעלער, כמעט הויכער, באַלייבטער פרוי, וואָס ער האָט חתונה געהאַט מיט איר, ווען ער איז שוין געווען אַרום די פערציקער. חוצדעם, איז ער געווען דער פאָטער פון א דריי־יאָריקער, ניט גאָר שיינער מיידעלע, און דער גבאי פון דעם „לאַנדסמאַנשאַפט־בית־המדרש"
דער דאָזיקער בית המדרש איז געווען ניט גרויס און ניט שיין, נאָר אַזוי ווי ער האָט זיך געפונען אין צענטער פון יידישער קאָנצענטראַציע אין יאָהאַנעסבורג, האָט ליפּע געקענט זיך גרויסן: „מײַן בית המדרש איז שטענדיק פול מיט דאַווענערס; „מײַן" קאָנגרעגיישן האָט די גרעסטע צאָל מעמבערס; „מײַן" בית־המדרש איז ניט בלויז פריי פון חובות, נאָר האָט נאָך געלט אין באַנק."

דער קאָמיטעט, וואָס ליפּע האָט איבער אים געוועלטיקט, איז באַשטאַנען פון דזשענטללייט: זיי האָבן קיינמאָל ניט געפרעגט קיין קשיות און ניט גע־שטעלט קיין פאָדערונגען. איינמאָל דורכן יאָר, בעת די וואַלן, פלעגט דער ערן־סעקרעטאַר פאָרלייענען א געדרוקטן ראַפּאָרט, דער ערן־קאַסיר פלעגט צו־שטעלן א געדרוקטן פינאַנס־באַריכט, באַשטעטיקט דורך צוויי ערן־רעוויזיאָרן, און די קאָמיטעט־לייט — מחמת ס'איז געווען געלט אין באַנק — פלעגן עס אַלע אָננעמען און באַשטעטיקן מיט אויפגעלויכטענע פּנימער און מיט גרויסן בײַפאַל: דערנאָך פלעגן די וואַלן שוין דורכגיין שטיל און רויק, דזשענטעל־מעניש: אויסגעווילט דעם גבאי (גרויס בײַפאַל), דעם זעלביקן ערן־סעקרעטאַר (בײַפאַל) און כמעט דעם גאַנצן אַלטן קאָמיטעט. טאָמער האָט א נייער מעמבער

זיך דערלויבט שטעלן א פראגע, מאכן א פארשלאג, אן אנווענדונג, פלעגט דער גאנצער קאָמיטעט, אין דער פערזאָן פון דעם גבאי, אים אויסלאכן: „סטייטשו! א מענטש מיט שכל דארף זיך גאָר שעמען.... אז ס׳איז דאָך „פליין", אָט ווי... ס׳פעלט דען געלט אין באנק?..." פלעגט שוין יענער שווייגן: טאקע, וואָס באַלבעט ער — ס׳איז דאָך פאראן געלט אין באנק, היינט וואס?...

אָט אזוי — יארן. אָבער אויפן היינטיקן מיטינג איז מיטאמאָל אויפגע־שטאנען איינער, עפּעס א פנים חדשות, אינגאנצן עטלעכע חדשים א מעמבער, און האָט אויפגעהויבן קעגן דעם גבאי א בונט, א רעוואָלוציע: „צו וועלכע צוועקן קלייבט מען עס געלט אין באנק?" האָט ער געטענהט. „איר וועט עס אפשר אויסלייען אויף פּראָצענט? און דער בית המדרש", האָט ער געשריען, „האָט א פּנים, להבדיל, טויזנט להבדילס, ווי א חזיר־שטאָל, ווי א הקדש, עס איז א חרפּה אריינצוגיין אהער". און ער האָט געסטראשעט: „אויב מען וועט באַלד ניט פארנוצן דאָס אנגעזאמלטע געלט אויף צו בויען א נייעם בית־המדרש, וועט ער אליין בויען אזא, אין אפּאָזיציע!" געהערט א חוצפּה! און מער פון אלץ האָט ליפען געקרענקט, וואס פיל פון די קאָמיטעט־דזשענטעל־לייט, וואָס האָבן קיינמאָל ניט געפרעגט קיין קשיות און ניט געשטעלט קיין פאַ־דערונגען, האָבן מיטאמאָל באַקומען לשון און האָבן זיך געשטעלט אויף דער זייט פון דעם קעגנער. דאָס איז שוין געווען צופיל פאר ליפע האָלצן. מיט א פּאָר היפּשע באַוועגונגען פון זיינע לאנגע, דינע פיס איז ער באַלד געווען אין דרויסן און האָט געיאגט זיין „קרייסלער" מיט אן אימפּעט פון איינעם, וואס אנטלויפט פון גזלנים.

זיין טונקעלע, באַלייבטע ווייב האָט אים געזען אַנקומענדיק איבער דעם געדרייטן, מיט ווייסע, דינע שטיינדלעך אנגעשאָטענעם וועג, וואס פירט צו זייער הויז, און זי האָט גלייך פארשטאַנען, אז איר מאן איז אין א שלעכטער שטימונג: סיידן ווען ער איז אויפגערעגט, פאָרט ער אזוי אומפארזיכטיק. זי האָט אים אפּגעוואַרט ביים אריינגאנג.

„וואס האָט שוין געטראָפן?" האָט זי מער געפאָדערט, ווי געפרעגט, אין א קאלטן, האלב־באַפעלערישן טאָן. ליפע איז געוווינט געווען צו אָט דעם טאָן אירן. מען האָט אפילו געשמועסט, אז ער האָט שטארק מורא פאר איר. ליפע האָט זיך באַמיט אונטערצודריקן זיין אויפרעגונג.

„און אז יענער זאגט, טוט ער שוין דאָס באַלד?" האָט דאָס ווייב גענומען באַרויקן ליפען, נאָכדעם ווי זי האָט זיך דערוווסט פון אים די סיבה פון זיין אויפרעגונג. „אָט באַלד מאָרגן שטעלט ער זיך בויען א בית־המדרש, וואס קלערסטו! דערווייל האָסטו זיך אויפגערעגט און ס׳קאָסט דיר געזונט. קום אָקערשט צו דער וואַג".

אויף דער הינטערשטער ארומגעבויטער וועראנדע, צווישן טעפּ מיט בלומען, וואזאָנעס און קינדער־שפּילצייג, איז אויך געשטאַנען א ווייסע, ניט גאָר קיין גרויסע וואג. ליפע האָט זיך געהאָרכזאם ארויפגעשטעלט אויף דער וואָג, מיט א מינע פון איינעם, וואס טוט א גוואַלדיק פאראנטוואָרטלעכע אר־בעט. זיין ווייב האָט לאנג ארומגערוקט דאָס געוויכט איבער דעם מעשענעם

שטענגל„ ביז דאָס קורצע צינגעלע האָט באַלאַנסירט. זי האָט זיך גוט איינ־געקוקט אין דעם אָנגעוויזענעם ציפער און אויפהייבנדיק דעם קאָפּ, האָט זי דערקלערט מיט א טאָן, וואס האָט געקלונגען אי פאַראיבלדיק, אי נצחונדיק: „איך האָב געזאגט, דיר וועט עס קאָסטן געזונט! פון אינדערפרי פעלט דיר אַן אכטל פונט! טראכסט דען עפּעס, אפּנים, וועגן זיך?"

ליפע האָט אויף דעם גאָרנישט געענטפערט. ער האָט געוואוסט, אז דאָס ווייב איז גערעכט. שוין יאָרן, אז ער באמיט זיך ארויפצוקריגן א ביסל מער פליש אויף זיין קנאָכיקן און דינעם גוף. ער וויל עס האָבן, ניט מחמת ער איז, חס ושלום, קראַנק. פאַרקערט: ער איז אין זיין גאנצן לעבן קיין איין מאָל ערנסט קראנק ניט געווען. נאָר וואס דען? א ביסל א פליישיקער גוף מאכט א מענטשן אויסזען לייטישער, עס גיט אים צו מאיעסטעטישקייט. ער איז זיכער, אז דער בית־המדרש וואָלט געהאט פאר אים מער דרך ארץ, ווען זיינע ביי־נערדיקע פּלייצעס וואָלטן געווען אויסגעפּילט מיט פליש. היינט אָבער זעט ער סך־הכל אויס, ווי א לאנגע־נון מיט א צעשפּאָלטענער ענד. חוצדעם — וויל זי עס. גלייך נאָך דער חתונה האָט זי זיך א נעם געטאָן צו פארוואנדלען איר מאַנס מאָגערן קערפּער אין אן אטלעטישער פיגור. זי האָט אים ארומגעפירט צו דאָקטוירים, אויסגעפּרוווט זאבאָבאָנעס, רפואות — ביז ער האָט ענדלעך אָנגעהויבן צונעמען אין געוויכט. ניט קיין סך מיט אמאָל — צוויי־דריי לויט א וואָך. אָבער זי האָט צוגענומען. די שמחה איז געווען גרויס. דאָס צוגעקומענע האָט זיך נאָך ניט אָנגעזען און אויך ניט געלאזט זיך אָנטאָפּן. אָבער די קליינע, ווייסע וואָג אויף דער הינטערשטער ווערענדע איז ניט געווען געווינט צו פעלשן. און אזוי האָט זיך איינגעשטעלט, אז יעדן פרימאָרגן, באלד נאָך פרישטיק, לאָזן זיך מאן און ווייב, אָפּט אין דער באגלייטונג פון דער „נוירס" מיטן קינד, אין א ריי, ווי מוראשקעס, צו דער הינטערשטער ווערענדע. און אויב די וואָג ווייזט א פּאָר לויט מער, ווי נעכטן און אייערנעכטן, שטייט די מאַדאַם האָלץ גלייך ביים טעלעפאָן: „מא, מאמע! דאָס ביסטו, מאמע? ליפע וועגט שוין היינט מיט צוויי לויט — כמעט צוויי מיט א פערטל לויט — מער, ווי נעכטן..." און שפּעטער אינעם טאָג, שפּילנדיק „ראמי" מיט איניקע באקענטע פרויען, הערט זי ניט אויף צו ריידן וועגן דער דאָזיקער אויסטער־לישקייט... עפּעס א קלייניקייט וואָסערע מאכלים ער פּאקט אריין אין זיך... היינט ביר, „סטאָוט..."

ליפע אליין פילט זיך אין אזא, מיט צוויי־און־א־פערטל לויט צוגעקומענעם טאָג, אויך אויפגעלייגטער, צופרידן מיט זיך און מיט דער וועלט. ער פאַרט לאנגזאם און גייט ארויף די טרעפּ פון זיין פאבריק טרעפּ ביי טרעפּ, ניט געע־אילט. דאָס איז איינס פון דעם דאָקטערס געבאָטן: ניט איילן, ניט יאָגן, ניט אויפרעגן זיך. אינעווייניק, אין דער פאבריק, גייט ער דורך די רייען מיידלעך, וואָס זיצן ביי די מאַשינעס, באקוקט דאָס פאַרטיקע און צוגעגרייטע, שמייכלט צו דער, צו יענער, און פאַרטיפט זיך דערנאָך אין א שמועס מיט זיין בוכ־האלטער, קוקט דורך חשבונות, שרייבט טשעקס. פונקט צען דרייסיק פאַר־מיטאָג זעצט ער זיך אריין אין זיין „קרייסלער" און פאַרט צו צו דער קאַפע,

וואָס איז אין ווינקל פון דער צווייטער גאַס, טרינקען אַ קריגעלע קאַווע מיט שמאַנט און פאַרבייסן מיט אַ פּאָר „פּייסטריס“. צופּוס גייט ער ניט. גיין— מאָגערט אויס אַ מענטשן, האָט מען אים געזאָגט. און ער גלויבט דערין. ער איז כמעט ווי איבערצייגט, אַז ער איז דאַר און דין נאָר דערפאַר, וואָס אַמאָל, אין די „גרינע“ יאָרן, פלעגט ער גיין פון און צו דער אַרבעט, ווייל ער האָט געוואָלט שפּאָרן געלט. אָבער ער וועט דעם פעלער פאַרריכטן. היינט קען ער עס באַהויפּטן. און אין דער צוקונפט וועט ער טאַקע זען אויסמיידן אויפ־רעגונג. ווייל יענער בויען אַ בית־המדרש — זאָל ערז ער, ליפּע, בויט נאָך דער־ווייל ניט. ער וועט עס זאָגן דעם קאָמיטעט, רויק און געלאַסן וועט ער אים, דעם קאָמיטעט, זאָגן: „דערווייל בוי איך נאָך ניט קיין בית־המדרש!“ פאַר־וואָס? — ניטאָ קיין פאַרוואָס. אויב זיי געטרויען אים ניט קאָנען זיי זיך באַזאָרגן מיט אַן אַנדער גבאי. ער וועט זיך מער ניט אויפרעגן.

2

איצט איז שוין דער „לאַנדסמאַנשאַפט בית־המדרש“ געוועזן געשפּאָלטן אויף העלפט. יעדן טאָג, פאַר און נאָכן דאַווענען, אינדערפרי און פאַרנאַכט, אינע־ווייניק און אין דרויסן, זיינען געשטאַנען קופּקעלעך יידן, האָבן זשעסטיקו־לירט, גערעדט, געטומלט און זיך געקריגט: ווער ס'איז געווען פאַר און ווער קעגן אַ נייעם בית המדרש, ווער ס'איז געשטאַנען פעסט מיט דעם גבאי, ליפּע האָלץ, און ווער ס'איז געגאַנגען מיט משה צימערמאַן, וואָס האָט מיט עטלעכע וואָכן צוריק אויפגעהויבן די רעוואָלוציע קעגן ליפּעס אָנפירונג. ליפּע האָט דאָס אַלץ געזען, געהערט און — געשוויגן. טיף אין האַרצן האָט ער זיך גע־שראָקן פאַר דער דאָזיקער מרידה. ער האָט אויך זיך געשראָקן פאַר משה צי־מערמאַן. דאָן, ביי צימערמאַנס ערשטן אַרויסטריט קעגן אים, האָט ליפּע נאָך ניט געהאַט קיין גענויע אינפאָרמאַציע וועגן משהן. אָבער איצט ווייסט ער שוין, אַז דער דאָזיקער צימערמאַן איז דער הויפּט דירעקטער פון דער פירמע „צימערמאַן, זון און קאָמפּאַניע“, געהילך־סוחרים און מעבל־פאַבריקאַנטן. אַ רייכע פירמע. זיך אַריבערגעקליבן אהערצו פון ראַדיזיע. אַזאַ פירמע קען אויפטאָן, ווען זי אונטערנעמט זיך אויף עפּעס. צימערמאַן גופא איז, קענטיק, אַ ייד אַ ידען. האָט, אפנים, געלערנט אין דער יוגנט, וואָס אויף אים, אויף ליפּען, קאָן מען עס ניט זאָגן. ער האָט געהערט צימערמאַנען דאַווענען פאַרן עמוד — געהאַט יאָרצייט — האָבן די ווערטער געפּערלט אין זיין מויל. צי־מערמאַנס מפטיר לייענען האָט שוין אַ נאָמען צווישן די יידן פון שטאָט. מען האָט דרך־ארץ פאַר צימערמאַנען: אַ ייד אַ גביר און פירט זיך אַליין אויף עכט יידישלעך. ווייל ער, ליפּע, מיט אַזאַ איינעם זיך ניט אַריינלאָזן אין קיין וויכו־חים. ער איז איצט איבערהויפּט ניט געשטימט צו פירן וויכוחים — מיט קיינעם ניט. ער איז איצט אויפגעלייגט, גוט געשטימט איטלעך טאָג: ער וואַקסט! זיין ברוסט ווערט ברייטער! וואָרעם צו דער וואָג איז איצט צוגעקומען אויף די מאָס. אַזוי האָט באַפוילן דער דאָקטער: מעסטן די עקספּאַנסיע פון זיין ברוסט. שטייט זי, דאָס טונקל־באַליבטע ווייב זיינע, די האָר פול מיט קרויזן, אַ טונקל-

רויטע, מיט בלומען און פייגלען באצירטע, מאָרגן־פעניואר איבער די ראזע פידזשאַמעס, מעסט און פארשרייבט אין ביכעלע: דינסטאג, דעם 15־טן: ברוסט 36 מיט א האלבער צאָל; מיטוואך, דעם זעכצנטן: 36 מיט עפעס מער, ווי א האלבע צאָל. אפגעפארטיקט דאָס וועגן און מעסטן, פילט זיך ליפע, ווי איינער, וואס האָט דערפאלגרייך דורכגעמאכט אן עקזאמען. ער גרייט זיך צו פאָרן אין פאַבריק: ער נעמט דאָס קינד אויף דער האנט און קושט די ווייב אין שטערן. אזוי איז שוין געווען איינגעשטעלט פון דער חתונה־אָן: איר קושן אין שטערן. זי באגלייט אים דערנאָך ביז צו דער טיר. „נאָר זיך ניט אויפרעגן", זאָגט זי אים אָן.

האט ליפע טאַקע באַשלאסן ניט אויפרעגן זיך. אבער געשראקן האט ער זיך יאָ. און נאָך מער האָט ער מורא געהאט, אז די דאזיקע שרעק זיינע זאל זיך, חס וחלילה, ניט אפרופן שלעכט אויף זיין געזונט. אויף דער וואג און מאָס פון זיין קערפער. האָט ער זיך געשראקן אויך פאר דער דאזיקער שרעק.

וואס האָט אָבער ליפע געקאָנט טאָן, אז צימערמאן האָט ניט גערוט. פלוצלונג האָבן זיך באוויזן ארטיקלען און בריוו אין די יידישע צייטונגען וועגן דער נויטווענדיקייט איבערצובויען דעם „לאנדסמאנשאפט־בית־המדרש" און פאָדערונגען, מען זאל עפעס טאָן מיט דעם אפגעשפאָרטן געלט. שפעטער אביסל זיינען געקומען מודעות וועגן מיטינגען און וועגן קאָמיטעטן, וואס וועלן זיך פארנעמען מיטן אויסארבעטן פלענער פאר א נייעם, א שיינעם, א מאָ־דערנעם בית־המדרש, וווהין ס׳וועט זיין א פארגעניגן צו קומען דאווענען. אזוי האָט מען אים, ליפען, דערציילט, וואָרעם ער אליין לייענט ניט קיין יידישע צייטונגען. דערנאָך האָבן פאָרלעך יידן אָנגעהייבן ארומגיין מיט ביכעלעך בילעטן — צוויי מיט א האלבן שילינג א בילעט — ציגל פאר דעם נייעם בית המדרש! און קאָנצערטן האָט מען אָנגעהייבן איינצואָרדענען, און הויז־פארטיעס, ווו מען האָט געשפילט קאָרטן ביזן טאָג אריין, און פילמען האָט מען געוויזן — אלץ פאר דעם נייעם בית־המדרש!

האָט שוין ליפע קיין ברירה ניט געהאט. ער האָט געמוזט אוועקלייגן אָן אַ זייט די שרעק זיינע און ער האָט זיך אויף גענומען צו דער ארבעט. ער האָט געמאָלדן דורך די זעלבע צייטונגען, אז דער גאנצער ענין איז פאררּאט קעגן דעם „לאנדסמאנשאפט בית־המדרש"; אז קיינער האָט קיינעם ניט באַ־פולמעכטיקט. און ממילא האָט קיינער ניט קיין רעכט צו קלייבן אין נאָמען פון אזוינס, וואָס עקסיסטירט גארניט, אז דער גאנצער אויפטו איז געקומען פון עמיצן, וואס איז פאראינטערעסירט צו פארקויפן געהילץ, אז די יידישע באפעלקערונג פון דער פארשטאָט איז ניט גרויס־גענוג צו קאָנען אויסהאלטן דריי בתי־מדרשים און אז פאר מיילן ארום זיינען ניטאָ קיין לײדיקע בוי־פלעצער — טאָ ווו וועט זיך געפינען דער נייער בית־המדרש? סיידן אין דער קריסטלעך־באפעלקערטער געגנט.

דאָס אלץ איז ליפען אָנגעקומען ניט אָן פארדרוס, מי און אפילו אויפרע־גונג. ער האָט כסדר אפגעהאלטן מיטינגען, בעראטונגען, געשיקט מענטשן אויספארשן דאָ, אויסגעפינען דאָרטן, האָט זיך דורכגעשמועסט מיט די רע־

דאָקטאָרן פון די צייטונגען מכוח ספּעציעלע אַרטיקלען צום גונסטן פון זיין צד. זיין ווייב, און ער אַליין אויך, האָבן זיך געשראָקן, אַז אָט די דאָזיקע היי־ליקע אַרבעט וועט מאַכן צונישט אַלע ביז־איצטיקע באַמיאונגען, אַז ער, ליפע, וועט אָנהייבן פאַרלירן געוויכט און מאָס. אָבער פון ליקווידירן דעם קאַמף האָט קיין רייד ניט געקענט זיין: ער, ליפע, וועט גיכער פאַלן אין קאַמף, איי־דער זיך אָפּזאָגן דערפון. וואָרעם אָפּזאָגן זיך מיינט ווערן אויס גבאי, טאָ וואָס איז ער דאָן? היינט איז ער באַקענט ווי דער גבאי פון דער רייכסטער קאָנגרע־גיישן. מען האָט דרך־ארץ פאַר דעם גבאי. מען קומט צום גבאי פרעגן אַן עצה, מען וואַרפט צו דעם גבאי אַ חניפהלע — דעם גבאי, ניט אים פערזענלעך. ער אַליין — ווייסט ער — איז אָן דער גבאות אַ נול, אַ פּראָסטער, אַ ניט גע־שולטער מענטש, וועמען ס'האָט אָפּגעגליקט אין די מלחמה־יאָרן צונויפצוזאַמ־לען אַ היפּשן פאַרמעגן. אָבער מיט זיין גאַנצן פאַרמעגן איז ער ניט מער ווי אַ קליינער פאַבריקאַנט. וואָס שפּילט אַ קנאַפּע ראָלע אין דער פינאַנציעלער וועלט. ווערט ער אויס גבאי, ווערט ער באַלד אויך איינער פון די פיל טויזנ־טער מענטשן, וואָס גייען דורך דאָס לעבן אומבאַמערקט. אויך זיין ווייב איז אין דעם פּרט מיט אים איינס. האָרעוועט זי דאָך אַ לעבן לאַנג, איר ליפע זאָל ווערן פּיזיש „פּרעזענטאַבל" און זאָל דערמיט געווינען די אַנערקענונג פון מענטשן. טרוימט זי דאָך שטענדיק, מענטשן זאָלן פאַרבייגייענדיק זיך אָפּ־שטעלן קוקן אויף ליפען: „באַטראַכט נאָר די אַטלעטישע פיגור פון דעם דאָ־זיקן מאַן!" „ווער איז ער דאָס, אָט יענער ריזיקער מענטש?" „אָ, דאָס איז דאָך ליפע האָלץ, דער גבאי פון דעם „לאַנדסמאַנשאַפט־בית־המדרש". ניין, דעם קאַמף וועט ליפע ניט אויפגעבן. ווען די צייט וועט קומען, וועט ער בויען אַ נייעם בית־המדרש. אָבער אַפריער וויל ער וויסן געווי, וואָס יענער גייט טאָן. אויב יענער מיינט טאַקע ערנסט צו בויען אַ נייעם בית־המדרש, וויל ער, ליפע, פריער וויסן, וואָס פאַר אַ מין געביידע דאָס וועט זיין. דערנאָך וועט ער שטעלן אַ בית־המדרש — איינעם אין דרום אַפריקע! ליפע האָלץ וועט זיך ניט לאָזן שפּייען אין דער קאַשע. מעג יענער זיין ווער ווייסט ווי רייך. בפרט נאָך, אַז עס שאַדט אים גאָרנישט צו זיין געזונט. פאַרקערט: די לעצטע וואָכן ציט די וואָג אַלץ שווערער און די מאָס ווערט ברייטער מיט יעדן טאָג. אַפילו דאָס נאַקעטע אויג כאַפּט שוין אויך אויף די אָפּגערונדיקטע ערטער פון זיין גוף. יידן אין בית־המדרש, דער בוכהאַלטער און פאַרוואַלטער אין דער פאַבריק און באַ־קענטע אין גאַס, אָדער ווען זיי קומען צו אים אהיים, באַמערקן זיין אויסגעפּילטן קערפּער: „איר זעט, קיין עין הרע, אויס גוט"...

3.

אין ליפעס לעבן איז אַריינגעקומען אַ שטיקל נייעס: אַ שאָפער צו זיין „קרייסלער". ליפע האָט תמיד אָנגעטריבן זיין אויטאָמאָביל אַליין. „האַלטן אַ שאָפער, ווען מען קען אַליין אָנטרייבן", האָט ער שטענדיק געזאָגט, „איז שוין איבערטריבענע גדלות". אָבער די לעצטע צייט איז ער געווען געצוווּנגען דער־צו. דער דערפאַלג פון ווייבס מי צו מאַכן דעם מאַן אירן דיקער איז געווען

אזוי גרויס, אז זיינע אָנצוגן האָבן אָנגעהויבן ווערן ענג אויף אים, די העמדער צו קליין און די שיך מיט די זאקן האָבן זיך ניט געלאָזן ארויפשלעפּן. איז עס געווארן א ביסל אויפפאלנדיק. דערצו נאָך האָט ליפּע אָנגעהייבן זיך קלאָגן, אז עס אָטעמט זיך אים שווער. האָט מען גערופן א דאָקטער. נאָך דער אונטער־זוכונג האָט דער דאָקטער ארויסגעזאגט די השערה, אז דער „פעטס־דריז" איז „משוגע" געוואָרן, ער ארבעט „אָווער־טיים". דאָס טויג ניט, לחלוטין גארניט. מען וועט אפּצאפּן אביסל פעטס. דערנאָך וועט מען דארפן דעם פריערדיקן פּראָצעס איבערדרייען מיטן קאָפּ אראָפּ: עסן ווייניק, און דאס אויך נאָר געקליי־בענע מאכלים, טרינקען וואסער, זיך באוועגן א סך. ער וועט אויך מוזן אָפּגעבן דאָס אָנטרייבן דעם אויטאָמאָביל אליין. ס'איז אן אנשטרענגונג, וואס דאָס הארץ, פארפּאקט מיט שמאלץ, וועט עס אפשר ניט דולדן. איז שוין ניט צו מאכן: פאָרט ליפּע דעריבער מיט א שאָפער. ער פאָרט שוין בכלל ווייניקער. ער לאָזט זיך בלויז ברענגען אין שטאָט. דערנאָך שיקט ער אָפּ דעם אויטאָ־מאָביל צוריק און באשטימט דעם שאָפער צייט, ווען ער זאָל קומען אים פירן אהיים, און דעם גאנצן טאָג איז ליפּע איצט אויף די פיס. ער לויפט ארום פון פאבריק צום בית־המדרש, פון קליענטן צו דער קאַפע און צוריק צום בית־המדרש.

דער בית־המדרש נעמט איצט אוועק ביי ליפּען כמעט דעם גאנצן טאָג זיינעם. אין דער דריטער גאס האָט די ניי־געגרינדעטע „ברודער־קאָנגרעגיישן" אָפּגעקויפט א צוויי דריי הייזלעך און מען לייגט שוין דעם פונדאמענט פאר דער נייער שול. א שול, ניט קיין בית־המדרש. אזוי האָט געוואָלט משה צימער־מאן. דער פּלאן פון דער נייער שול און אַ פאָטאָגראפיע פון דער קומענדיקער געביידע איז דערשינען אין די יידישע און ניט־יידישע צייטונגען. האָט ליפּע נאָך די זעלבע וואָך גערופן אן אסיפה ביי זיך אין דער היים און ס'איז בא־שלאָסן געוואָרן: בויען א נייעם „לאנדסמאנשאַפט-בית־המדרש". א בית־המדרש, ניט קיין שול. אזוי האָט געפאָדערט ליפּע האָלץ. און נאָך האָט ער גע־פאָדערט: דער בית־המדרש מוז זיין פארטיק ביז די ימים נוראים. דאס וועט קאָסטן א ביסל מער געלט, מחמת דער בוי־קאָנטראקטאָר וועט דארפן ארבעטן טאָג און נאכט, כדי דאָס צו האָבן פארטיק אין עפּעס מער ווי פיר חדשים. עס וועט זיך אָבער לוינען, עס וועט זיך באצאָלן: מען וועט אראָפּברענגען דעם בעסטן חזן פון אייראָפּע אָדער פון אמעריקע,–וועגן דעם מוז מען שוין אָנהייבן פירן אונטערהאנדלונגען — דורך טעלעגראמעס, אויב ס'וועט זיין נייטיק, אָבער דאָס מוז שוין זיין איינמאָל א חזן! ער, ליפּע, וועט דער „ברודער־קאָנג־רעגיישן" לערנען דרך־ארץ! „זיין" בית המדרש און „זיין" חזן וועלן זיין די שענסטע און די בעסטע אין דרום אפריקע. „אויף וואס, מיינט איר, האָב איך געזאמלט דאָס געלט?" האָט ער געסאָפּעט און געפרייכט, ווי א לאָקאָמאָטיוו בארג־ארויף.

...און איצט איז געקומען דער גליקלעכסטער טאָג אין ליפּעס לעבן: מען גייט לייגן דעם ווינקל־שטיין פון „זיין" נייעם בית־המדרש. ליפּע האָט זיך אין דעם טאָג געפעדערט גאנץ פרי און ער האָט באפוילן דעם שאָפער זיינעם

צו „באזאַרגן״ דעם „קרייסלער״; דאָס האָט געמיינט: עס זאל בלאנקען און בליצן. געקומען צום בוי־אַרט האָט ליפע שוין געפונען אויפן שטיין אויסגע־האמערט, אין העברעיש און אין ענגליש, די ווערטער: „דער דאָזיקער שטיין איז געלייגט דורך דעם גביר, נדבן, כלל־טוער, גבאי פון דעם „לאנדסמאַנשאַפט־בית־המדרש״, מיסטער ליפע האלץ״. דערנאָך איז געקומען דער נאָמען פון דער שטאָט, דער טאָג און דאָס יאָר. ליפע האָלץ, אין סטאָן־ראָק און הויכן שיינענ־דיקן צילינדער-הוט, האָט מיט גרויס ווערדע, ווי א קעניג עמפאנגט זיין קרוין, גענומען די ליים־לאָפּעטע און כלומרשט, געפירט דערמיט, ווי ער וואלט טאַ־קע שמירן ליים. ער האָט געקוקט אויפן שטיין, וואס די ארבעטער האָבן לאנג־זאם און פארזיכטיק אראָפּגעלאזט און אוועקגעלייגט אויף זיין אָרט, ווי אויף דעם טייערסטן פריינד אין לעבן. דערנאָך האָט ער זיך אליין דערהערט, ריידנ־דיק פאר די פארזאמלטע. ער האָט פאר זיי איבערגעזאגט א „ספּיטש״, וואס עמעצער האָט אויסגעשריבן פאר אים און וואָס ער האָט קוים געדענקט אויף אויסווייניק. מען האָט שטארק אפּלאָדירט. ביים פונאנדערגיין זיך האָט איינער דעם אנדערן איבערגעגעבן: „ער האט דאך צוגעזאגט טויזנט „גיניס״ פארן נייעם בית־המדרש!״

אויפן וועג אהיים איז ליפע געווען שטיל. זיין פּנים האָט אים געפלאַמט פון אינעווייניקסטער, איינגעהאלטענער אויפרעגונג און זיינע פולע, פעטע הענט האָבן זיך אביסל געטרייסלט. יעדע עטלעכע מינוט פלעגט ער ארויסנעמען זיין ווייס זיידן טאַשנטיכל און זיך ווישן דעם שווייס פון זיין שטערן. א פּאָר מאל האָט ער אויך געצופּט זיין קראַגן, ווי ס׳וואלט אים ענג געווען. ערשט ניט ווייט פון זייער הויז האָט ער פּלוצלונג א זאָג געטאָן, ווי פארזעצנדיק א שמועס, וואס איז איבערגעריסן געווארן פאר א רגע: „...און דאס וועט אזוי בלייבן שטיין הונדערטער יארן. אונדזערע אור־אור־אור אייניקלעך וועלן ליי־ענען: „דער דאָזיקער שטיין...״ זיין ווייב ניט ווויסנדיק, וואס זי דארף דערויף ענטפערן, האָט געשמייכלט א ביסל אין פארלעגנהייט.

דעם גאנצן טאָג. דערנאָך, איז ליפע געווען אי אויפגעראמט, אי צערו־דערט. עפּעס האָט זיך אים געגלוסט ערגעץ גיין, ריידן, לאכן. ער האָט זיך צוגעזעצט צו דער ווייב און איר דערמאָנט, אז איבעראכטאָג וועט ווערן זיבן יאָר נאָך זייער חתונה. ער וועט איר קויפן א מתנה, וואס וועט אפילו זי אויך איבערראשן. אָבער אין מיטן ריידן איז ער מיטאמאָל שטיל געבליבן. ער האָט זיך ווי צוגעהערט צו עפּעס: פּלאַטערט דאָס אזוי ארום זיין הארץ, אָדער דאָס יאָגט זיך ארום זיין אויפגערעגט בלוט אין זיינע אָדערן? ער איז געווארן בלאס און זיך גענומען גליטשן פון זיין שטול.

---

ערשט אויף דער דריטער וואך האָט דער דאָקטער דערלויבט אים צו ווי־זיטירן. ער האָט אויך איינגעוויליקט מען זאל וויזן ליפען די אויסשניטן פון די צייטונגען, ווו עס זיינען געווען געדרוקט באריכטן פון דער צערעמאָניע, ביל־דער פון דעם ווינקלשטיין, די אויסגעקריצטע בולטע שורות: „דער דאָזיקער

שטיין...״ און אויסצוגן פון זיין „ספּיטש״ מיט זיין בילד. זיינע אויגן האָבן אויפגעלויכטן און די הענט האָבן, האַלטנדיק די אויסשניטן, געציטערט. דער־נאָך זיינען די אויסשניטן געלעגן נעבן אים אויף א שטול. ווען א פרעמדער, ניט פון זיין קאָנגרעגיישן, פלעגט קומען אים געוואר ווערן, פלעגט ער, ווי עפּעס גאָר צופעליק, א ווייז טאָן: „דאָס האָט איר געזען?״ און באלד צוגעבן אין א שטי־לן טאָן, מיט האלב פארמאכטע, פארטונקלטע אויגן: „וואונדערבאר! הונדערטער יארן שפּעטער... אונדזערע אור־אור־אור אייניקלעך...״

ער האָט נאָכגעפאלגט מיט גרויס אינטערעס דעם פּראָגרעס פון „זיין״ בית־המדרש און ער איז געווען זיכער—דער דאָקטער האָט אויך אזוי געהאָפט— אז נאָך פאר ראש־השנה וועט ער שוין ווידער זיין אויף די פיס, אפשר זיין איַנגאנצן געזונט און קענען שטיין אויף זיין „שטאָט״ אין דעם נייעם „לאנדס־מאנשאפט בית־המדרש״.

דערווייל האָבן די צייטונגען געדרוקט גרויסע מודעות: „די ברודער־שול״, וואָס איז שוין כמעט פארטיק, ברענגט אראָפּ צו ראש־השנה דעם וועלט־בארימטן חזן, וואס זיין נגינה איז געגליכן צו דעם זינגען פון די שרפים, דעם נאכטיגאל און דעם ווילנער באלעבעסל צוזאמען. אזוינס האָט איר נאָך ניט געהערט! באזאָרגט זיך מיט פלעצער באצייטנס״.

און ליפּעס בית־המדרש האָט געמאָלדן:

„דער חזן פון אלע חזנים אין אייראָפּע און אמעריקע, וואס קארוזא, שא־ליאפּין און דער אניקשטער חזן צוזאמענגענומען זינגען ארויס פון זיין האלדז — וועט דאווגען אין דעם נייעם „לאנדסמאנשאפט בית־המדרש״. מען כאפּט „שטעט״, ווי מצה־וואסער. בלייבט ניט אין דרויסן״.

ערב די ערשטע סליחות, ווען יידן האָבן זיך געגרייט צו גיין הערן, ווי „די וועלט־בארימטע״ חזנים זאגן סליחות מיט זייערע כארן, האט ליפּע האלץ שווער אפּגעזיפצט און פארמאכט זיינע אויגן אויף שטענדיק.

---

די, וואס האָבן געהאט דעם כבוד צו טראגן עטלעכע טריט דעם ארון מיט ליפּעס גוף, האָבן דערנאָך זיך געוואונדערט: „הערט א מעשה — ער איז דאָך געווען גרינג, ווי א פעדער...״

.1938

# דער נייער בעל־קריאה

אין קלויז „שומרי שבת" פון יאָהאַנעסבורג האָט אין איינעם א שבת פּאַסירט אַן אומגליק: דער בעל-קריאה, א הויכער, שווערער מענטש, אין די זעכציקער, האָט אין מיטן לייענען זיך אפּגעשטעלט, זיך געכאַפּט מיטביידע הענט ביים הארצן און האָט זיך אראָפּגעלאָזט אויפן באָדן פון דער בימה. ווען דער מת איז שוין געלעגן אינעם הינטער־שטיבל און דער טומל און אויפרעג פון די מתפּללים האָט זיך איינגעשטילט, האָט דער שמש אָנגעקלאַפּט אויף דעם בימה־טיש און געפרעגט:

— אפשר געפינט זיך דאָ א בעל־קריאה?

ס'איז געוועזן שטיל. מענטשן האָבן זיך איבערגעקוקט און געשוויגן. דער רוב מתפּללים אין קלויז זיינען געווען פּשוטע, האָרעפּאַשנע יידן, וואָס אַרבעטן שווער פאַר א שטיקל ברויט. אמת, ס'וואַרפן זיך אויך דורך עטלעכע פאַרמעגלעכע באַלעבאַטים, „אַלראַיטניקעס", וואָס ציען זייער חיונה פון דירה־געלט, פון אַקציעס, פון ספּעקולאַציעס. די דאָזיקע זיינען עס טאַקע די גבאים, די רעדל־דרייער. אָבער אין פּרט פון די „קליינע אותיות" זיינען זיי אַלע גלייך. האָט מען זיך איבערגעקוקט און געשוויגן. אָבער דער שמש איז געוואָרן אומגעדולדיק: ס'איז שבת און מען מוז ענדיקן לייענען און דאַוונען. האָט ער א צווייטן מאָל אָנגעקלאַפּט און שוין, ברוגזלעך, געפרעגט:

— געפינט זיך דאָ עמעצער, וואָס קען לייענען אין דער תורה?

פון הינטער דער בימה האָט זיך איינער אָפּגערופן:

— א ייד דאָ זאָגט, אַז ער קאָן.

נאָכן דאַוונען האָט מען אַרומגערינגלט דעם נייעם בעל־קריאה, אים אָפּגעגעבן שלום עליכם: אַזאַ מין לייענען האָבן זיי ביז איצט ניט געהערט! ער האָט געלייענט מיט מתיקות, מיט התלהבות, מיט א שיינער טענאָר־שטימע. דער גבאי האָט געוואָלט וויסן, צי ער איז א יאָהאַנעסבורגער תושב. וואָלט ער אפשר אָננעמען די שטעלע פון בעל־קריאה אין זייער קלויז? שבת רעדט מען ניט קיין ביזנעס — זאָל ער אים טרעפן מאָרגן פרי דאָ אין קלויז.

דער נייער בעל־קריאה איז געווען פון מיטעלן וווּקס, אין די פופציקער, א טונקעלער, א צעשויבערטער; די שיך פאַרשטויבט, די קליידער אַלט, אָפּגעטראָגן, דער טלית געל פון יאָרן. קענטיק, האָבן מענטשן שפּעטער גערעדט צווישן זיך — א ייד אַן אביון.

דער נייער בעל־קריאה האָט דערנאָך שטיל און אונטערטעניק זיך ארויס־געשאַרט פון קלויז. דאָס פּנים האָט אים געברענט און ער האָט געפיבערט פון אינעווייניקסטער אויפרעגונג. אָבער אין דערזעלבער צייט האָט א שטילע שמחה אָנגעפילט זיין וועזן: אן אידעאַל, מיט וועלכן ער האָט זיך ארומגע־טראָגן א לעבן לאַנג, איז איצט פארווירקלעכט געווארן — ער איז אנערקענט אלס בעל־קריאה!

פונוואנעט ביי אים האָט זיך גענומען דער חשק דערצו, ווייסט ער ניט. אין זיין פאמיליע איז דער דאָזיקער מין ניט געווען; אין חדר האָט מען אים געשטערט און באשטראפט פארן „ציקלען" זיך, ווי דער מלמד האָט עס אָנגערופן. אָבער אים האָט דאָס „ציקלען" פארשאפט א נחת־רוח. האָט ער אויסגענוצט יעדע געלעגנהייט זיך צו פארפולקומען אין דעם. לערנען האָט ער טאקע ניט געוואלט, אָבער מעביר זיין די סדרה, מיטן טראָפּ און מיט א ניגון — דערצו האָט ער געהאט גרויס חשק. ער איז ביי זיך געווען זיכער, אז צו בר־מצווה וועט מען אים געבן „מפטיר", וועט ער דאן אלעמען ווייזן, וואס שמעון דעם בעדערס יינגל קען! אָבער „מפטיר" האָט מען אים ניט געגעבן און ער האָט שוין מער ניט געקריגן די געלעגנהייט ארויסצווייזן זיין קענטשאפט.

אויך דאָ, אין אפריקע, האָט ער, ביז דעם טאָג, ניט געהאט די געלעגנהייט, ניט נאָר צו ווערן א שטענדיקער בעל־קריאה, נאָר אפילו אן איינמאָליקע געלעגנהייט אויך ניט: כמעט אלע יארן, וואס ער געפינט זיך אין אפריקע, האָט ער געלעבט אין דער פּראָווינץ, אויף איזאלירטע פארמס, אין זייטיקע באַן־סטאנציעס, וווּ יידן זיינען ניט געווען, אָבער „סדרהוועזן" — ווי זיין טאטע האָט גערופן דאס מעביר־קריאה זיין — האָט ער ניט אויפגעגעבן אויך דאָ: צווישן די גרינע בערג אין זולולאנד, אין דער טרוקענער „קאַרו", צווישן די ווייך־ און קאָרן־פעלדער פון דער קאַאַפּ־קאלאניע—אומעטום האט ער גע־סדרהוועט. אין זיין אָפּט שטילן און איינזאמען לעבן, האָט עס שטענדיק גע־וועקט א פריידיק בענקען נאָך עפּעס... ער פלעגט דערנאָך זאגן זיין ווייב: נאָך אלעמען איז דאס לעבן ניט אזוי שווער און ביטער, ווי זי דענקט...

די גאנצע וואָך נאָכדעם איז דער נייער בעל־קריאה ארומגעגאנגען אין א געהויבענער שטימונג, פול דערוואַרטונג. קומענדיקער שבת — איז שבת־שירה. וועט ער אוועקלייגן אן „אז ישיר", וואס וועט מאַכן אן איינדרוק. און ער האט זיך גענומען גרייטן: ער האָט זיך געלאָזט ארומשערן די האָר און ארומפּוצן דאָס בערדל, וואס זהאָט זיך שוין געזילבערט; ער האָט זיך באזאָרגט מיט א נייעם אנצוג, מיט שיך, מיט א נייעם הוט; אפילו א נייעם טלית האָט ער גע־קויפט. נישקשה, ער מעג זיך דאס דערלויבן: אין משך פון די וואגל־ און וואַנ־דער־יארן איבער די שטעט און דערפער פון אפריקע האט זיך אים אפּגעשטעלט אַ דריי־פיר בנינים, וואס טראָגן אים אריין א פיינע סומע דירה־געלט א חודש.

אייגנטלעך וואָלט ער שוין געקאָנט זיצן און עסן פון גרייטן. קיין פאמיליע האָט ער ניט. זיין ווייב איז אים געשטאָרבן מיט א דריי יאר צוריק. זיין איינציקער זון, אן אדוואָקאט, איז גאנץ פארמעגלעך. ער דאַרף ניט זיין טאטנס געלט

— און דעם טאטן אויך ניט. זיין זון איז ברוגז פארוואס ער, זיין טאַטע, האנדלט מיט חזירים; די שנור לאָזט אים ניט ארויף אויפן שוועל פון איר הויז — ווי א מצורע. אָבער זיצן און גארנישט ניט טאָן קאן ער ניט. דאס גאנצע לעבן געארבעט, און מיטאמאָל זעץ זיך אוועק און קוק אויפן הימל. אוממעגלעך! ער איז נאָך געזונט און שטארק. ער באגרייפט ניט, פארוואס האנדלען מיט חזירים איז ערגער, ווי האנדלען מיט פערד און אָקסן.

אָבער איצט, אננעמענדיק די שטעלע אלס דער בעל־קריאה אין קלויז „שומרי־שבת״, פאסט זיך טאקע ניט צו האנדלען מיט חזירים — וועט ער טאַקע זוכן אן אנדער באשעפטיקונג. ער וועט אויך בייטן זיין דירה: זינט זיין פרוי איז געשטאָרבן, איז ער געוואָרן אפגעלאָזט — וואָס איז די נפקא־מינה? אז ער איז אליין אין דער וועלט, אָן פריינד, אָן באקאנטע. אָבער איצט האָט די לאגע זיך געביטן. איצט איז ער שוין ניט סתם א מענטש — איינער צווישן מיליאנען, וואָס קומען און גייען אומבאמערקט. איצט איז ער א פערזענלעכ־קייט: דער בעל־קריאה אין קלויז „שומרי שבת״! מוז ער איינאָרדענען זיין לעבן לויט זיין פאזיציע. אויך זיין זונס באציאונג צו אים וועט זיך בייטן ווען ער וועט אויסגעפינען, אז ער האָט געביטן זיך לעבנס־שטייגער.

שבת פרי, פריער, ווי שטענדיק, איז ער אוועק אויפן מארק, באזארגט דעם טראנספּאָרט חזירים, וואָס איז אָנגעקומען איבער נאכט, און איז אוועק אהיים. קצבים האָבן זיך געוואונדערט: וואָס יאָגט ער אזוי היינט? און ער לאָזט זיך דינגען!

ביי זיך אין צימער האָט ער זיך ארומגעוואשן, זיך אָנגעטאָן די נייע בגדים און איז אוועק דאווענען.

אין קלויז, האָט זיך אויסגעדוכט, איז געווען א פולערער עולם ווי פאַ־ריקן שבת, אפנים מען איז געקומען הערן, ווי ער לייענט די תורה.

ער האָט זיך געשטעלט אויף זיין אָרט הינטער דער בימה, האָט אָנגעטאָן דעם נייעם טלית און געדאוונט מיט כוונה. ער האָט באמערקט, אז מען קוקט אויף אים פון אלע זייטן. מען חידושט זיך געוויס אויף זיינע נייע בגדים.

נאָך שמונה עשרה איז דער גבאי צוגעקומען און אים ארויסגערופן אין פאָדער־שטיבל. א פּאָר מינוטן זיינען זיי געשטאַנען שטיל. ס׳איז געווען קענטיק, אז דער גבאי זוכט ווערטער, מיט וועלכע אָנצוהייבן.

— ס׳טוט מיך לייד, אָבער דער קאָמיטעט האָט באשלאָסן, מחמת איר אַר־בעט אום שבת און האַנדלט מיט חזירים, קאָנט איר דערפאַר ניט זיין אונדזער בעל־קריאה. מיר האָבן ניט קיין טענות צו אייך — מען מעג האַנדלען מיט חזירים אויך, אָבער פאר א בעל־קריאה אין קלויז „שומרי שבת״... איר פאַרשטייט דאָך...

אז דער גבאי איז אוועק, איז דער נייער בעל־קריאה געשטאַנען נאָך עט־לעכע מינוטן אויף דעם זעלבן אָרט. א דינער נעפּל האָט זיך געוויקלט פאר זיינע אויגן, און א צעבראָכענער אידעאַל, א חרובע וועלט — א וועלט, וואָס ער האָט

געהאַפּט אויפצובויען פאַר זיך אין דער צוקונפט — איז געלעגן ביי זיינע פיס.

פון אינעווייניק האָט אים דערגרייכט א הויך־גרילצנדיקע שטים — די שטים פון דעם, וואָס האָט פאַרנומען זיין אָרט. א רגע האָט ער זיך צוגעהערט. נאָכדעם האָט ער לאַנגזאַם אראָפּגעצויגן דעם טלית פון זיך, האָט עס אריינגעשטופּט, ניט צוזאַמענגעלייגט, אין דעם טלית־זאַק און שטיל, זיך שאַרנדיק ביי דער וואַנט, איז ער אוועק אהיים.

גייענדיק האָט ער באַשלאָסן צו בלייבן אויך אויף ווייטער אין זיין איצטיקער דירה און ביי זיין איצטיקער פּרנסה...

1943

# דער רויטער

איצט, ווען דער רויטער איז געלעגן קראנק, האָבן א סך מענטשן זיך פאראינטערעסירט מיט אים: „מיט וואס באשעפטיקט ער זיך? ווו און ווי אזוי לעבט ער? האָט ער א פאמיליע?" אזוי האָבן געפרעגט פרעמדע, זייטיקע מענטשן. נאָר אפילו זיינע לאנדסלייט, וואס האָבן אים נאָך געקענט פון דער־היים, האָבן געוווּסט, אז דאָרטן איז ער געווען אן ארעמער קאראבעלניק, אז זיין פאמיליע לעבט נאָך אלץ אין דעם אייגענעם שטעטל, ווו ער האָט זי גע־לאָזן מיט פופצן יאָר צוריק — אפילו די־אָ מענטשן האָבן נאָר געוווּסט, אז דער רויטער גייט ארום איבערן שטאָט אויפקויפן אלטע קליידער, שיך, אויך אלטע מעבל, ווען ס'מאכט זיך. וויפיל ער קויפט צונויף, ווען ער פארקויפט עס, ווו און ווי ער פארברענגט זיין פרייע צייט — דאָס האָבן אפילו זיינע לאנדס־לייט ניט געוווּסט. זיי פלעגן זעלטן זיך טרעפן מיט אים און זיי האָבן קיינמאָל אים ניט פארבעטן צו זיך אהיים: זיין ארעמער, אפגעלאָזענער הילוך, זיין פאר־ביסן שווייגן, זיין מוטווייליק אויסמיידן צו קומען מיט זיי אין בארירונג, האָבן אים דערווייטערט און אפגעפרעמדט פון זיי.

מסתמא, מחמת די אייגענע סיבות, איז ער אויך געבליבן ווייט פון די יידן פון דעם כשר־רעסטאָראן, ווו ער פלעגט קומען יעדן אָוונט, עסן, הגם די אָוונטן האָבן זיך פארוואנדלט אין יאָרן. יעדן אָוונט, פונקט זיבן אזייגער, פלעגט ער זיך באווייזן אין דער טיר פונעם רעסטאָראן: זיין דארע כמעט הויכע פיגור, עט־וואס געבויגן, זיין צימערינג־קאָלירט בערדל — וואס איז געווען פאראייניקט מיט די וואָנצעס פון דער זעלביקער פארב — צעשויבערט, און זיינע צעקרימ־טע שיך, זיינע איינגעפלעקטע, מיט שווייס אנגעזאפטע, קליידער, זיין געל, מאַט פנים — אויף אלץ האָט געערוט דער שטויב פון דער גאַס. זיך ניט אומקוקנדיק, פלעגט ער דורכגיין דורך דער גאנצער לענג פון דעם רעסטאָראן און פאר־שווינדן ערגעץ אין הויף — טאָן זיינע באדערפענישן. געזעסן איז ער שטענדיק אויף איין און דעמזעלביקן אָרט, ביי איין און דעמזעלביקן טיש און אלעמאָל געגעסן איין און דיזעלביקע געריכטן: צוערשט האָט ער געמוזט אויסטרינקען א גלאָז קאלט וואסער. דאן איז געקומען א פּאָרציע פיש, געהאקטע לעבער, אָדער הערינג — די קעלנערס האָבן שוין געקענט די פיש־לעבער־און הערינג־טעג זיינע; דערנאָך — א טעלער קאלטע ראָסל-זופּ, רויטע, מיט א ווייסן שמאַנט־אינדזעלע אין דער מיט, און אין א באזונדערן טעלערל — א פּאָר

גרויסע, הייסע קארטאָפּליעס; א פּאָר פליייש קאָטלעטן, א פּאָר שעפּסענע ריפּלעך, א טעלער הינער־זופּ, טייגעכץ און געקאָכטע פּרוכטן. צו דעם אַלעם פלעגט ער אריינשלינגען א סך ברויט, כריין, זענעפט, טאָמאטן, סאלאט — לויט דעם ווי ס'האָט געפאָדערט דער מאכל — און פארענדיקן מיט א הייסער גלאָז טיי מיט ציטראָן. ניט קיין גוואלדיקער עסער — פלעגן יידן אין דעם רעסטאָראן זאגן. וואָרעם אנדערע פלעגן באשטעלן דריי־פיר פארשיידענע מי־נים פליישן, בעטן נאָך א פּאָרציע טייגעכץ, נאָך א ביסעלע געקאָכטע פּרוכטן, און אריינגיסן אין זיך א דריי־פיר גלעזער טיי מיט ציטראָן. אָבער דער רויטער האָט זיך געהאלטן ביי זיין מעניו. אדרבא, ער פלעגט נאָך אראפּנעמען א שטיקל פליייש אָדער א שטיקל פיש פון זיין פּארציע, עס איינוויקלען אין א פּאפּיר־סערוועטקע און עס פארשטעקן ערגעץ אין א קעשענע. ס'האָט געהייסן: פאר דער קאץ. אין דעם רעסטאָראן האָט מען אפילו געשמועסט, אז דאָס גרייט ער זיך צו עסן אויף מאָרגן צום פרישטיק, אָדער צו מיטאָג. אָבער באשטימט האָט קיינער ניט געקאָנט זאגן, וואָרעם זייער ווייניק האָבן געוווּסט ווו ס'איז זיין דירה און צו האָט ער טאַקע א קאץ ביי זיך. אגב, נעמט ער דאך דאָס אראָפּ פון זיין אייגענעם חלק — קאָן ער דאָך טאָן דערמיט, וואס ער וויל. איז עס געוואָרן א רגילות, וואס מען האָט אויפגעהערט אפילו צו באמערקן.

נאָכן עסן פלעגט דער רויטער בלייבן זיצן לאנג אויף זיין אָרט — פול, מיד, צעפארעט. לאנגזאם פלעגט ער אויפהויבן זיין אָוואל־פאָרמיקן קאָפּ מיט די רויט־צעשויבערטע און צעזילבערטע לאנגע האָר און לאָזן די בליקן פון זיינע גראָע, טיף אין קאָפּ אריינגעזעצטע אויגן, אומוואנדלען איבער דעם רעס־טאראן, איבער די פנימער פון די עסערס. טאָמער האָט אים עמעצער שארף אָנגעקוקט האָט ער האסטיק אפּגעווענדט זיין בליק אויף אן אנדער זייט. קיינער האָט אים קיינמאָל ניט געזען שמייכלען, אָדער זיך אויפרעגן. אין די וויכוחים, וואס האָבן זיך שטענדיק געפירט אין דעם רעסטאָראן, פלעגט ער זיך ניט באטייליקן, כאָטש ס'איז געווען קענטיק, אז זיי אינטערעסירן אים.

בלויז איין מאָל האָט ער זיך אריינגעמישט אין א שמועס. ס'איז געווען קורץ נאָך דער מלחמה. עמעצער אין דעם רעסטאָראן איז געקומען מיט דער בשורה, אז ס'איז פאראַן אַן ארגאניזאציע, דורך וועלכער מען קאָן אויסגעפינען אינפאָרמאציע וועגן די ארויסגעשיקטע פאמיליעס. דער רויטער האָט זיך גע־טאָן א הייב פון זיין ארט, ווי אָפּגעבריט, זיין מאט־געל פנים איז געוואָרן בלאס, די גראָע אויגן האָבן זיך אָנגעפילט מיט עפּעס א געהיימען פייערל: „קענט איר מיר אפשר געבן דעם אדרעס?" האָט ער זיך צוגעשטעלט צו דעם בשורה־ברענגער און אים געבעטן אין אן אויפגערעגטן טאָן. מיט ציטעריקע הענט האָט ער פארצייכנט דעם אדרעס, ארויפגעזצט זיין צעפּעכטע היטל אויף זיינע געדיכטע האר און איז כמעט ווי ארויסגעלאָפן פון רעסטאָראן. „אַפּנים, ער האָט אויך א פאמיליע ערגעץ", איז עמעצן איינגעפאלן צו באמערקן מיט אַ טאָן פון איבערראשונג. און מען האָט עס פארגעסן. קיינער האָט אים דערנאָך ניט געפרעגט, צי ער האָט טאַקע א פאמיליע, צי ער האָט געשריבן צו דער ארגאניזאציע, צו זיין פאמיליע האָט זיך אפּגעזוכט. ער איז געקומען עסן יעדן

אָונט און, ווי שטענדיק, געשוויגן. וואָלט ער אין אָוונט ניט געקומען, וואלט מען עס תיכּף באמערקט: דאָס אָרט, וואָס ער האָט פארנומען שוין איניקע יארן, וואָלט געבליבן ליידיק. איינס האָט מען יאָ באמערקט: אין איינעם אַן אָוונט, עט־לעכע וואכן נאָכדעם, ווי ער האָט באקומען דעם אדרעס פון דער אָרגאניזא-ציע, איז ער געקומען אָנגעטאָן אין א נייעם, ריינעם אָנצוג, מיט נייע שיך, די לאנגע האָר א ביסל ארומגעשאָרן, כאָטש דאָס בערדל איז געבליבן צעשויבערט, ווי ביז דעמאָלט. אלע האָבן אים באַטראכט, האָבן אים כמעט ניט דערקענט, און דער אייגנטימער פון דעם רעסטאָראַן, מיט א ברייטן שמייכל, האָט גע־וואלט וויסן:

„וואס עפּעס? רייך געווארן?‟

„אָט, קליידער ווערן אפּגעטראגן‟, האָט ער געענטפערט אין דער שטיל.

דערנאָך האָבן זיך ארומגעטראגן קלאנגען אין דעם רעסטאָראַן: אין א פּעקל קליידער, וואס דער רויטער האָט אפּגעקויפט אין א רייך הויז, האָט ער געפונען א טייערן דימענט, צו א שטיק געליטערט גאָלד, צו גאָר א פּעקל אסיגנאציעס — הוילע הונדערטער! דער רויטער פלעגט זיך צוהערן צו די דאָזיקע רייד און — גאָרנישט, ווי ס׳וואלט זיך געהאנדלט וועגן עמעצן א פרעמדן. אויף א דירעקטער פראגע פון זיינעם א טיש־שכן האָט ער געענטפערט מיט א קאָטלעט־פולן מויל: „אומהו...‟

איצט איז דער רויטער געלעגן ערגעץ אין א קליין פארלאָזענעם חדרל קראנק אויף א שטאַרקער לונגען-אָנצינדונג, און לאנדסלייט, מיט זייערע ווייַ־בער, און סתם ווילטעטיקע מענער און פרויען, זיינען געווען באשעפטיקט מיט איינאָרדענען עפּעס אן אונטערנעמונג—אָן דעם קראנקנס וויסן, פארשטייט זיך — לטובת דעם קראנקן און זיין אָרעמער פאמיליע. א גאנצן אָוונט האָט מען דיסקוטירט אויף א זיצונג, וואס איינער פון די לאנדסלייט האָט גערופן ביי זיך אין הויז, אין וואס פאר א פאָרם זאָל די הילף זיין. איניקע זיינען געווען ביי דער מיינונג, אז מען זאָל פשוט ארומגיין צו לאנדסלייט, צו באקענטע, מיט א טיכל, און צוזאמענקלייבן עטלעכע פונט. אנדערע האָבן פארגעלייגט איינאָר־דענען א טאַנץ. צום סוף איז אָנגענומען געווארן דער פארשלאג, מען זאָל דורכ־פירן א קאָרטן־פארטיע: אי ס׳וועט תיכּף זיין געלט, אי ס׳וועט ארייַנברענגען א גרעסערע סומע, ווי די, וואס מען וועט שאפן קלייבנדיק, אי ס׳וועט ניט זיין פארבונדן מיט אזוי פיל ארבעט, ווי א טאַנץ. דערנאָך האָט מען זיך א לאנגע צייט געדונגען ביי וועמען אין הויז די פארטיע זאָל זיין: דעמס הויז איז צו קליין, יענעמס — ניט באקוועם; די ווילן יענעם אָוונט ניט זיין אינדערהיים און די אנדערע דארפן אויפשטיין פרי, קענען זיי ניט זיצן ביי נאכט און שפּילן, אָדער אכטונג געבן אויף די שפּילערס.

שפּעט אין אָוונט איז מען ענדלעך געקומען צו א פעסטן באשלוס וועגן דער צייט און דעם אָרט פון דער קאָרטן־פארטיע און מען איז זיך פונאנדער־געגאנגען מיט גרינגע געמיטער.

אויף מאָרגן, נאָך דער דערמאָנטער אסיפה, איז דער רויטער געשטאָרבן.

נאָך דער לוויה האָט מען געגומען דורכקוקן זיינע זאכן און עפּענען קעסטלעך, וואָס האָבן זיך געפונען אין דעם חדרל, האָט מען זיך אָנגעשלאָגן אויף א שפּאָר־קאסע־ביכל מיט א פארמעגן פון דריי הונדערט פונט, קויף־פּאפּירן פון אן אפּגעצאָלטן הויז, וואס טראגט אריין ארום פופצן פונט א חודש, און א צוואה, וואָס לאָזט אלצדינג איבער פאר זיין ווייב און צוויי קינדער, א חוץ צען פונט, וואָס מען דארף איבערגעבן דער חברה „צער בעלי חיים״...

1939

# יאָשע

ווען זיין באַקענטע ווייבל, א יונגע אלמנה, ביי וועלכער ער פלעגט פאַר־ברענגען א פּאָר אָוונטן אין וואָך, איז אוועק צו אירער א שוועסטער אין קייפּטאַון האָט דאָרטן חתונה געהאַט, איז יאָשען געוואָרן אומעטיק, ווי זיין אייגן ווייב וואָלט אים פּלוצלונג פאַרלאָזט. עס האָט אריינגעבראַכט אומאָרדענונג אין זיין גוט־רעגולירטן לעבן. מיט וואָס זאָל ער איצט אָנפילן די צוויי פרייע אָוונטן? פריער האָט ער געהאַט אזא סדר: צוויי אָוונטן אין וואָך גייט ער ער־געצוווּ שפּילן ברידזש; צוויי מאָל דורכן וואָך — אין א קינאָ, און צוויי אָוונטן האָט ער וויזיטירט דאָס דערמאָנטע ווייבל. דעם זיבעטן אָוונט זיצט ער ביי זיך אין צימער און לייענט זיינע יידיש־אַמעריקאַנער צייטונגען, ריכטיקער, די לאַנ־גע ראָמאַנען, וואָס דרוקן זיך דאָרטן חדשים אָן אָפּשטעל: ער פלעגט זייער איינ־האַלט איבערדערציילן פאַר זיינע פיר געזעלן. דאָס איז איינע פון יאָשעס שוואַכ־קייטן: דערצ־ילן און איבערדערציילן מעשיות, וואָס ער הערט אין גאַס און וואָס ער לייענט אין די צייטונגען.

דעם טאָג, ווען די צייטונגען קומען אָן, שלייכט זיך יאָשע אריבער צו דער יידישער בוכהאַנדלונג, וואָס אויפן ווינקל פון גאַס, קלייבט אויס „זיינע" צייטונגען, באַצאָלט, און קערט זיך אום א צופרידענער צו זיין שניידער־שאָפּ. זיינע פיר ארבעטער, פון וועלכע איינער איז א ליטווינער, וואַרטן שוין אומ־געדולדיק. זיי זיינען שוין געערן צו וויסן, וואָס עס האָט פּאַסירט מיטן מיידל נאָכדעם, אַז די באַנדיטן האָבן זי פאַריקע וואָך אַפּגעשלאָסן אין א קעלער... דער אומגעדולדיקסטער איז דער ליטווינער, וואָס רעדט יידיש, ער וויל וויסן פאַרוואָס די סוואָלאָטשעס, דאָרטן, אין דער צייטונג, שניידן אָפּ די געשיכטע דווקא ביים סאַמע אינטערעסאַנטסטן מאָמענט. ער דערלאַנגט א העפטיקן שפּיי אונטער דעם טיש, ביי וועלכן ער ארבעט און דרייט נערוועז דאָס רעדל פונעם מאַשין אַלץ שנעלער.

ווען יאָשע זעצט זיך אוועק אויף דעם גרויסן טיש און פאַרלייגט די פיס אונטער זיך, ווייסן שוין זיינע ארבעטער, אַז יאָשע גרייט זיך צו דערציילן זיינע מעשיות. יאָשע באַקוקט דעם בגד, וואָס ער האַלט אין נייען, דערלאַנגט א פּאָר שטעך און פרעגט: „איז ווו, הייסט עס, זיינען מיר געבליבן פאַריקע

וואָך?״ ער וואַרט ניט אויף קיין ענטפער. ער גיט איבער אין קורצן דעם סוף פון דער פריערדיקער פאַרזעצונג און גייט אָן מיט דער דערציילונג. ער דער־ציילט מיט זיין אייגענער שפּראַך — ער דערלייגט און נעמט אַראָפּ, ווי זיין פאַנטאַזיע דיקטירט אים. בעת מעשה שטראַלן זיינע טונקל־ברוינע אויגן און זיין עטוואָס רונד־פולער פּנים באַקומט פאַרב. דאָס איבערדערציילן פאַרשאַפט אים אַ גייסטיקן נחת־רוח. ער פילט זיך דערהייבן: דאָ, אינעם שניידער־שאָפּ, צווישן זיינע אַרבעטער, איז ער אַ יש, דאָ באַקומט זיין לעבן אַ תיקון. מחוץ דער שאָפּ, שפּילט יאָשע קיין ראָליע. ער איז יאָשע, דער שניידער, דאָס גאַר. מען שמועסט: ער איז אַ גוטער שניידער. איז יאָשע פאַרוואָרפן מיט אַרבעט. ער געהערט ניט צו קיין חברות, קאָנגרעגיישנס, אָדער פּאָליטישע פּאַרטייען. „מיין פּאָליטיק״, זאָגט ער, „איז די מאַשין״. קומט מען נאָך אַ נדבה גיט ער. זיין מיינונג: „אַז מען קלייבט מסתמא נייטיקט זיך דאָך עמעצער אין דעם״. פאַראַן אַ דעה: יאָשע איז אַ לינקער. אַ באַווייז: ווען די ציטונגען האָבן גע־בראַכט די ידיעה, אַז לענין איז געשטאָרבן, האָט יאָשע אין דעם טאָג ניט געעפנט זיין שאָפּ.

די זונטאָגס פאַרברענגט יאָשע אָדער אין דעם זאָאָלאָגישן גאָרטן, אָדער ביי זיין איינציקער שוועסטער, וואָס וווינט ערגעץ אין אַ פאַרשטאָט. די דאָזי־קע שוועסטער זיינע איז שטענדיק אין כעס, אויפגערעגט. זי האָט אַרום זיך אַ כאַליאַסטרע קינדער און אַ מאַן אַ שוואַכער פאַרדינער. אָבער דעם טאָג ווען יאָשע קומט, לאָזט נאָך איר כעס: ביים אַוועקגיין גיט יאָשע איר אַ פּאָר פונט, פאַר די קינדער... יאָשע האָט ליב די דאָזיקע פּלימעניקלעך זיינע. ער זאַמלט זיי צונויף אַרום זיך שלעפּט פון די קעשענעס שפּילצייג און נאַשערייען, און דערציילט זיי מעשיות — קינדער מעשיות פון אַמאָל, וואָס אים האָבן דער־ציילט זיין מאַמע און באָבע, אָדער, וואָס ער האָט צופעליק געלייענט אין אַ ציי־טונג. ער דערציילט אין אַ געבראָכענעם ענגליש, געמישט מיט יידישע ווערטער. די קינדער שטויסן זיך שוין אָן, וואָס די יידישע ווערטער מיינען, און זיינען צופרידן. די עלטערע קינדער זאָגן איבער אַ פּאָר יידישע ווערטער, און אַלע לאַכן.

יאָשעס שוועסטער זעצט זיך אָפּט צו נעבן אים: „יאָשע, וואָס וועט זיין? וואָס איז דער תכלית?״

יאָשע שמייכלט. ער פאַרשטייט די כוונה פון די דאָזיקע ווערטער. ער פרעגט: „מוז מען חתונה האָבן? פאַרוואָס אַרויפנעמען אַ יאָך אויף זיך?״ ער איז געזונט, פאַרמעגלעך, „אָט״, זאָגט ער, „האָסטו חתונה געהאַט, נו?״ תיכף האָט ער חרטה. עס טוט זי וויי, אַז מען דערמאָנט זי איר לאַגע. ער זעט: עס קלייבן זיך שוין טרערן אין אירע אויגן. באַרויקט ער זי: „נו, גוט, איך וועל זיך אַרומקוקן״. און ער פאַרגעסט וועגן דעם.

אָבער איצט, זינט זיין באַקענט ווייבל האָט אים פאַרלאָזט, האָבן זיינע געדאַנקען זיך גענומען הויבן אין דער ריכטונג פון חתונה האָבן. ער האָט דערזען קנייטשן אויפן פּנים, וואָס פריער האָט ער עס גאָר ניט באַמערקט.

און איין טאָג, ביים פריזירער, האָט יענער באמערקט: „יאָשע, איר ווערט שוין גראָ".

„גראָ!" האָט יאָשע זיך דערשראָקן.

דער פריזירער האָט אים געוויזן די ווייסע האָר צווישן א בונט אפגעשאָ־רענע. ביי זיך אין צימער האָט יאשע זיך געשטעלט אנטקעגן שפיגל, מיט בײדע הענט צעשריגנט זיינע געדיכטע האָר. יאָ, פאראן א סך גראָע. „און איך בין ערשט פערציק יאר!" האָט ער געהאט א טענה צו די האָר. באלד האָט ער זיך געכאפט: פערציק יאָר! מיינט עס דאָך, אז ער איז שוין א מהלך אויף יענער זייט גרענעץ פון זיין האלבן לעבן! זיינען דאָך טאקע געערכט זיין שוועסטער, און דער שדכן, וואָס האָט לעצטנס זיך אָנגעזעצט אויף אים: וואס איז דער תכ־לית? האָבנדיק צוויי פרייע אָוונטן האָט ער אָנגעהייבן גיין שפאצירן איבער דער גאַס, ווו ס׳האָט געוווינט דער שדכן. יענער האָט אים באמערקט. „יאָשע, וואס טוט איר ביי אונדז אין גאס?"

„אָט, סתם אזוי. שוין א צייט ניט געווען אין דער געגנט. כ׳האָב דאָ אמאָל געוווינט. ס׳האָט זיך פארבויט, ע? א סך נייע הייזער".

„איר קלייבט זיך קויפן א הויז?"

„כ׳ווייס, אז עס וואלט זיך מאכן עפעס רעכטס".

„ס׳וועט זיך מאכן", האָט דער שדכן געזאגט מיט א ווונק. ער האָט אים פארבעטן צו זיך אין הויז.

דריי חדשים שפעטער האָט יאשע חתונה געהאט.

איצט, א פּאָר חדשים נאָך דער חתונה, אין א שטילן אָוונט, זיצט יאשע, קוקט אויף זיין בלאָנדע, ענגליש ריידנדיקע, מיט פופצן יאר פון אים יינגערע ווייב, און קלערט: איז זי טאָקע פאר אים די אנטשפּרעכנדיקע ווייב? ניט מחמת זי איז א שלעכטע. פארקערט: זי איז דווקא א גוט־האַרציקע. נישט מער, איז א האַסטיקע, פלאקערט אויף, ווי פון ווינט אן אויפגעבלאָזן פייער, באשטייט אויף איר רצון, און דולדעט ניט, אז מען מישט זיך אין אירע עסקים. זי רעדט ניט קיין סך, נאָר איר פנים צינדט זיך אָן און די אויגן שפריצן פייער. ער האָט עס באמערקט ביים איינקויפן די מעבל, און אנדערע הויז־קלייניקייטן. ער האָט פּרובירט איינוווענדן קעגן דעם אויסקלייב פון געוויסע ארטיקלען. האָט גאַר דאָס בלוט א שפּאר געטאָן איר אין פנים, און זי האָט אים אָנגעקוקט מיט אזא רציחה, אז ער האָט זיך פראסט דערשראָקן. דאסגלייכן ביים איינשטעלן די מעבל, ביים אויפהענגען די בילדער, און אראנזשירן די קלייניקייטן. זי האָט אלעמענס מיינונג איבערגעמאכט פון דער האנט. „איך וועל דאָך וווינען אין דעם הויז", האָט זי געזאגט מיט צעכעסטן פנים און מיט א מאָדנעם שמייכל.

פאר אָט דעם טעמפּעראמענט אירן האָט יאשע מורא. ער וויל אויסמיידן אַ וועלכן איבעררייד צווישן זיי; ער וויל, אז זיין פארהייראַט לעבן זאל זיין שטיל און רויק. לאָזט ער זי גיין אין איר וועג. ער שטעלט ניט קיין פאָדערונגען און מאכט ניט קיין אפּוועַנדן. אָבער צו אן אויספיר אויב זי איז פאסיק פאר אים איז ער ניט געקומען. מיטאמאָל רופט ער זיך אָן: „מרים, איך טראכט, אפשר דארף מען פארבעטן מיינע ארבעטער ביי אונדז אויף א וועטשערע, אָדער אזוי

אויף אַן אָוונט״. ער האָט געערדט שטיל, ווייך, מיט א שמייכל. דערנאָך האָט ער זיך גענומען אויסרימען פאר זיין ווייב, אז צווישן אים און זיינע ארבעטער זיינען קיינמאָל ניט פארגעקומען קיין רייבונגען. דאָס אנטאַגאָניסטיש געפיל פון ארבעטער און באַלעבאָס, די דאָזיקע מאָדנע מחיצה, עקזיסטירט ניט ביי אים. ווען אן ארבעטער האָט חתונה, ווארט ער ניט ביז יענער וועט צו אים קומען בעטן העכערן דעם לוין. ער, יאשע, העכערט זיין לוין תיכף. ער ווייסט דאָך: א חתונה־געהאטער מענטש קאן ניט לעבן מיט דעם געהאלט פון א בחור.

דערוואַרעמט פון זיינע אייגענע רייד, און זעענדיק, אז זיין ווייב שווייגט, האָט ער גענומען אויסלויבן זיינע ארבעטער, איטלעכן באַזונדער. אמת, דער ליטווינער האָט א שוואכקייט: א פּאָר מאָל דורכן חודש שיכורט ער זיך אָן. אפּנים, אז ער האָט א ווייב אין דער ווייטער היים, מחמת ווען ער איז שיכור, וויינט ער און שווערט זיך: זאָל גאָט אים טויטן אויף אן אָרט אויב ער וועט ניט תיכף אויף מאָרגן שיקן געלט און ברענגען זיין ווייב אהער. שוין פינף יאָר, אז ער שווערט זיך אזוי.

יאָשע האָט געלאכט מיט אן איינגעהאלטענעם געלעכטער. אָבער טראָץ דעם, האָט ער געזאגט, איז דער ליטווינער א גוטער ארבעטער, געטריי און איבערגעגעבן זיין מלאכה. איז לייגט ער דעריבער פאָר, אז מען זאל זיי פארבעטן אויף אן אוונט. זי, מרים, וועט שפּילן פּיאַנאָ, מען וועט שמועסן, מ׳עט שפּילן א „ברידזש״. ער האָט אויך גרייט א שפּאָגל־נייע מעשה פון א ראָמאַן, וואָס האָט זיך אנגעהייבן דרוקן אין איינער פון זיינע צייטונגען. אָט וועלן זיי זיין איבערראשט צו הערן דעם אָנהייב פון א נייער דערציילונג.

מרים, זיין ווייב, איז געזעסן און געהעקלט. איר עטוואס לענגלעך־פּנים איז געווען ערנסט, פארטראכט, אירע דינע, צוגעפּארבטע ליפּן — פעסט געשלאָסן. זי האָט כמעט ניט געהערט אלץ, וואס יאָשע האָט געזאגט. זי האָט געטראכט: ווען איר פאָטער וואָלט ניט אָנגעווארן זיין גאנצן פארמעגן אויף דער בירזשע, וואס האָט אים געטריבן צו באגיין זעלבסטמאָרד, איבערלאָזנדיק זיין פאמיליע, די מוטער מיט צוויי יונגע קינדער, אין דער גרעסטער נויט, וואלט זי ניט באדארפט גיין ארבעטן—צען לאנגע יאר!—אין א שוך־געשעפט, אן ארבעט וועלכע זי האָט ניט ליב געהאט. זי האָט ניט געקאָנט זיך צוגעוווינען צו דעם ריח פון לעדער און שווייסיקע פרויען־פיס. די מיידלעך, וועלכע האָבן געארבעט מיט איר צוזאמען האָבן איר איגנאָרירט, אין דער שטיל, להכעיס, אפּגעטאָן שפּיצלעך. א באנדע אומפריינדשאפטלעכע, רכילות־ריידנדיקע מיידלעך! זי האסט זיי! זי האסט אלע ארבעטער! צען יאָר! צום סוף האָט זי חתונה געהאט — ניט מיט איינעם פון אירע אויסגעטרוימטע העלדן — נאָר מיט יאשען!...

אָבער דאס שיינע הויז, וואס יאשע האָט איבערגעשריבן אויף איר נאָמען, האָט א סך פארגיטיקט. עס האָט איר אויך הנאה געטאָן, וואס די מיידלעך זיינען איר מקנא. דער גרעסטער טייל פון זיי זוכט נאָך ארום חתנים. וויל זי די דאָזיקע צען יאר ארויסרייסן פון איר זכרון, וויל פארגעסן, אז זי איז געווען אן ארבעטער־מיידל: תיכף נאָך דער חתונה האָט זי אָנגעהויבן זיך איינקויפן אין דער געזעלשאפט: זי האָט געגעבן צדקה מיט א ברייטער האנט, האָט זיך

פאַרשריבן אין דער „לײדיס־סאָסײעטי“, האָט זיך אָנגעבאָטן צו טאָן געזעל־שאַפטלעכע אַרבעט, און האָט שוין באַוויזן אײנצואָרדענען אַ פּאָר „עט האומס“. אין דער שטיל האָט זי זיך אַרומגעטראָגן מיט דעם געדאַנק צו פאַרוואַנדלען יאָשען אין אַ פאַבריקאַנט — ס'איז חשובער, ווי אַ שנײַדער.

זי האָט אָוועקגעלײגט דאָס געהעקלטע אויפן טיש, האָט פאַרקרײצט די הענט אויפן האַרצן, און, ניט קוקנדיק אויף יאָשען, האָט זי געזאָגט: „דײַנע אַר־בעטער אינטערעסירן מיך ניט“.

„ס'הײסט?“ האָט יאָשע זיך געוווּנדערט.

זי האָט אים אָנגעקוקט.

„ס'הײסט, אַז איך וויל ניט פאַרבעטן דײַנע אַרבעטער בײַ מיר אין הויז. איך האָב פּײַנט אַרבעטער. זײ זײַנען וווּלגאַר, אָן מאַנירן. איך האָס זײ“.

„ווי קאָן מען האַסן מענטשן מיט וועלכע מען איז קײנמאָל ניט געקומען אין באַריר? מײַנע אַרבעטער, ווי איך האָב דיר געזאָגט...“

„און איך האָב שוין אויך געזאָגט“, האָט זי אים איבערגעשלאָגן, „אַז איך וויל זײ ניט האָבן בײַ מיר אין הויז!“

יאָשע האָט געזען, אַז איר פּנים פלאַמט שוין, האָט ער אָפּגעקערט דעם קאָפּ: ער האָט ניט געהאַט קײן חשק זיך צו טרעפן מיט איר בליק.

אין צימער איז געוואָרן אומבאַקוועם שטיל. אויפן וואַנט האָט אַ זײגער געטיק־טאַקט שווער און מאָנאָטאָן. אַ גרויסע, שוואַרצע קאַץ איז אַרויסגעקו־מען פון אונטער אַ שטול, האָט זיך אויסגעהויקערט און האָט זיך געזעצט בײַ יאָשעס פיס. אַ וואָרעם ווינטל האָט שטיל געשאָקלט די געהעקלטע גאַרדי־נען. אין גאַס איז געווען טומלדיק: טריט, געלעכטער, דאָס טרובל פון אויטאָס.

מרים האָט זיך ווידער גענומען צו איר אַרבעט. יאָשע האָט געקוקט אויף איר פון אַ ווינקל־אויג. איר פּנים איז געווען רויק, שוין באַקומען די נאַטירלעכע פאַרב. ניט אָוועקנעמענדיק אירע אויגן פון דער אַרבעט, האָט זי געזאָגט: „וואָס איך וויל וויסן איז אָט וואָס: וואָלסטו לאָזן דײַנס אַ קינד ווערן אַן אַר־בעטער — אַ שנײַדער, למשל?

יאָשע האָט זי אָנגעקוקט. זײַן פּנים האָט אויפגעלויכטן. ער האָט זיך אָנ־געבויגן אויפן טיש און געפּאַרשט זײַן ווײַבס געזיכט. זי רעדט וועגן קינדער. מסתמא שוואַנגערט זי שוין. פאַרוואָס האַלט זי עס בסוד פון אים? זײַן פאַנטאַזיע האָט דערוואַכט, געאַרבעט שנעל, לעבעדיק. נאָך פאַר דער חתונה האָט ער שוין געהאַט אַ פּאַרטיקן פּלאַן, ווי צו דערציִען זײַן ײנגל. (ער איז געווען זיכער, אַז דאָס ערשטע קינד וועט זײַן אַ ײנגל). די דערציונג פון קינד וועט ער נעמען אין זײַנע הענט. מרים וועט געוויס גאָרנישט־ניט זײַן קעגן. ער וועט רײדן מיט אים ייִדיש, זי — ענגליש, וועט ער קאָנען בײדע שפּראַכן פליסיק. ווען דאָס קינד וועט אונטערוואַקסן, וועט ער, יאָשע, גײן מיט אים אין פּאַרק, זײ וועלן זיך אויסציִען אויפן גראָז, און ער, יאָשע, וועט אים דערצײלן מעשהלעך. ער וועט אים אויך דערצײלן ווי אַזוי ער, יאָשע, ווען ער איז געווען אַ קלײן ײנגל, האָט זיך געשליטלט, געמאַכט „מענטשן“ פון שנײ — ווינטער, און זומער, די הויזן פאַרקאַשערט ביז איבער די קני, געבראָדזשעט אין לוזשעס און טײַכלעך,

זיך ארייַנגעכאַפּט, מיט נאָך קינדער אין ארבעס־פעלדער, און אנגעשטאָפּט פולע קעשענעס מיט שייטן. און ער וועט אים דערציילן פון פּאָגראָמען, ווי אזוי מען האָט זיין, דעם ייִנגלס באָבען און זיידן אומגעבראַכט, און ער, יאָשע, האָט זיך געראַטעוועט, און איז אנטלאָפן קיין אפריקע. אלצדינג וועט ער אים פאַר ציילן און אויפקלערן. ער מוז וויסן, וואָס פאַר א שלעכטע וועלט עס איז די, אין וועלכע מיר לעבן. ער וועט זיין זיין זונס א חבר.

ער האָט זיך געכאַפּט, אז זיין ווייב קוקט אויף אים מיט א שמייכל. זי וואַרט אויף אַן ענטפער. נו, גוט, ער וועט זיין ערלעך מיט איר און מיט זיך אליין אויך. ניין, זיין—זייערס אַ קינד וועט מוזן לערנען, שטודירן. ער זאגט עס ניט מחמת ער האָט עפּעס אויסצוזעצן קעגן ארבעט און ארבעטער. אדרבא, אר־בעט איז אַן ערלעכע פּראָפעסיע און ארבעטער זיינען ארענטלעכע מענטשן, זיי זיינען די זיילן אויף וועלכע אלע שפּאַרן זיך אָן. נישט מער, זיינס—זייערס אַ קינד, דאַרף שפּילן א גרעסערע ראָל אין לעבן, ווי ער, יאָשע, האָט געשפּילט. ווען ער, יאָשע, וועט אוועק פון דער וועלט, וועט ער, ווי יעדער ארבעטער, ווערן באַלד פארגעסן, פונקט ווי ער וואלט קיינמאל ניט עקזיסטירט. זיינס—זייערס אַ קינד דאַרף ווערן וועלט־באַרימט, דאַרף שפּילן א גרויסע ראָלע אין לעבן, דאַרף בלייבן פאַראייביקט אין דער געשיכטע.

זיין ווייב איז געזעסן שטיל. איר ארבעט איז געלעגן אין איר שויס. זי האָט געקוקט פאַר זיך. זי האָט געטראַכט פון דער אפּעראציע, וואָס זי האָט דורכגעמאַכט מיט א יאָר פינף צוריק. ס'איז געווען א ערנסטע, אינערלעכע אָפּעראַציע. ס'איז א סברא, האָט דער דאָקטער דאַן געזאָגט, אז עס וועט איר שטערן צו האָבן קינדער. זי האָט אפשר ניט געדאַרפט חתונה האָבן. אָבער די נאַטור איז, אפנים שטאַרקער פאַר דעם מענטשנס ווילן. זי האָט געדענקט: אַן עלטערער בחור, ווי יאָשע, וועט ניט מקפּיד זיין אויב עס וועלן ניט זיין קיין קינדער. אפנים זי האָט געמאַכט א טעות. יאָשע איז איר שוין חושד... ווי זיין פּנים האָט אויפגעלויכטן...

זי האָט זיך אויפגעהויבן ארויסצוגיין.

„מירן ריידן וועגן דעם ענין קינדער, ווען און אויב זיי וועלן זיין". זי האָט א לייכטן שמייכל געטאָן. זי איז געגאַנגען אין דער ריכטונג פון צווייטן צימער. יאָשע האָט איר נאָכגעקוקט מיט א שטאַרק פאַרחידושטן פּנים.

ביים טיר האָט זי האלב אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו אים:

„קאָנסט פארבעטן דיינע ארבעטער צו זיך אויף א וועטשערע".

1949

# דאָס ליד פון מאַשין

איין פריינד, אן אמת־אויפריכטיקן, האָט זי אין איר שטילן, איינזאמען לעבן: א ניי־מאשין. זיצט זי דעם גאנצן טאָג, און א טייל פונעם אָוונט, נייט קליידער פאר קונדן, און הערט זיך צו צום ליד, וואָס עס זינגט איר די מאשין. זשומענדיק, שטיל רוישנדיק און מעלאנכאָליש קלאפנדיק, זינגט זי פאר איר א ליד פון דער צייט ווען זי איז נאָך געווען א קליין מיידעלע און האָט זיך גע־שפּילט אין די גאסן פון איר געבורט-שטעטל; פון חדר, ווו זי האָט זיך געלערנט צוזאמען מיט אים: ביידע האָבן זיי פון איין חומש געלערנט און פון איין א פּירל נאָכגעשריבן; זיך געטיילט מיטן עסן. שפּעטער איז ער אוועק אין דער גרויסער וועלט, האָט ארומגעוואַנדערט איבער גרויסע שטעט. זיי האָבן זיך דורכגעשריבן.

ווען ער איז צוריקגעקומען איז ער געווען דין, בלאס, אָבער פול מיט חכמה און וויסן, מיט ווידערשפּעניקייט צו דער מלוכה, צו דער עקזיסטירנדי־קער אָרדנונג. די מלוכה האָט אים געפאנגען, די עקזיסטירנדיקע אָרדענונג האָט אים פארשיקט קיין סיביר אויף לאנגע יאָרן. ער איז אנטלאָפן קיין אפריקע. זי איז שפּעטער אויך געקומען און זיי האָבן חתונה געהאט.

א קליין, זויבערע ווױנונג, א נעסט. שפּעטער — א ייִנגעלע, מיט שוואר־צע האָר און אויגן — צוויי טראפּנס צום פאָטער.

די יאָרן אין סיביר האָבן אָבער געווירקט שעדלעך אויף זיין געזונט. ער האָט געצאנקט און געצאנקט ביז ער איז אויסגעגאנגען.

האָט זי זיך באזאָרגט מיט א מאשין, האָט אָנגענומען ארבעט און גע־האָדעוועט איר קינד.

זיצט זי דעם גאנצן טאָג און א טייל פונעם אָוונט ביים מאשין און הערט זיך איין צום ליד פון מאשין. און אמאָל דאכט זיך איר, אז די מאשין זינגט א ניי ליד, א צוקונפט־ליד, א ליד פון א פרייער וועלט, וואס איר קינד וועט העלפן בויען... הערט זי דאָס ליד, שמייכלט, גלעט דעם קינדס קעפּל, און הייבט אָן זינגען שטיל א פרייהייט־ליד, וואָס זי פלעגט זינגען צוזאמען מיט איר מאן, אין דער אלטער היים...

1911

# עלנט...

א.

אין מיין ענגען, קליינעם חדר
ברענט א לעמפּל קליין,
ביים צעבראכן טישל זיץ איך,
זיץ איך און איך וויין.

ווי דער פייער, שוואך און טונקל,
ברענט מיין לעבנס ליכט,
שוין פארשוואונדן איז די יוגנט,
בלאסער דאס געזיכט.

און דאס לעבן ווערט אלץ שווערער
ציִגט קיין האָפנונג־שיין,
און עס מאטערט א געדאנק מיך:
וואס דער סוף וועט זיין?...

ב.

אן אייזערנע בעטל
פארראָסט און צעבראכן,
א מאטראץ אן אלטער,
די האָר אויסגעקראכן,

פארשפרייט מיט א צודעק
אַלט און צעריסן,
ניט בעסער איז אויכעט
מיין איינציקער קישן.

און קויטיק און שמוציק,
פול שטויב אָנגעטראגן...
איך ליג אויפן בעטל
און ס'ווילט זיך מיר קלאָגן...

יאהאנעסבורג 1904.

# איך פרעג דיך:

צי האָסטו אמאָל דעם „גרינעם" דערבארעמט?
צי האָסטו אמאָל אין קעלט אים דערווארעמט?
צי האָסטו געהערט די זיפצן, די שטילע?
צי האָסטו געזען די טרערן די פילע,
וואס ער האָט פארגאסן אין צייטן פון נויט,
ווען געפעלט האָט אפילו טרוקענער ברויט?
ווען ס'האָט אים דאס הארץ געבלוטיקט פון וויי —
צי האָסטו געהערט דאן זיין ביטער געשריי?

צי האָסטו אמאָל שוין זיין דירה באטראכט
דאָס ארט וואו ער קומט זיך דאָרט רוען באנאכט?
א „רומקע" א קליינע, אָן לופט און אָן שיין...
(און ס'שלאָפן נאָך צוויי — עס זאל וועלוועלער זיין.)
די ווענט זיינען שווארץ און עס וואקסט שוין אויף זיי
אי מאָך און אי שוועמלעך און גראָז אלערליי...
די שויבן צעבראכן, פארקלעפּט מיט פאפּיר,
און לעכער און שפאלטן אין דיל און אין טיר...
צי האָסטו אמאָל שוין זיין דירה באטראכט,
דאָס אָרט וואו ער קומט זיך דאָרט רוען באנאכט?...

בראקפאן, 1905

# ווילסטו, ברודער...

ווילסטו ברודער צו מיר קומען
און מיט מיר א ביסל ריידן,
פון דעם לעבן אונדזער שווערן,
פון די ליידן און די פריידן —

טאָ מוזטו קומען זונטאָג נאָר,
ווען איך בין באפרייט,
דאן זעסטו מיך, דערקענסטו מיך,
כ׳גיב דיר דאן מיין צייט.

נאָר ניט קומען זאלסטו ברודער
אין דער מיט פון וואך,
כ׳האָב ניט דאן קיין פרייע צייט,
כ׳בין געשפאנט אין יאָך.

דו וועסט מיך ניט דערקאָנען דאן,
כ׳האָב קיין פרייען מוט,
מען איז אלץ פאריאגט אין ארבעט,
זעלטן, ווען מען רוט.

אַט דארף מען גיין צוקער וועגן,
מעל אָנשיטן אויך,
קאסטנס סחורה אויסצופאקן,
הויבן עס מיט כוח...

און אַט יאָגן אָן זיך קונים,
און פארלאנגען גיך:
דראָט און ביינדלעך, האָלץ און שטיינדלעך,
העמדער, זאקן, שיך...

און עס ברענט דער קאָפּ פון אויבן,
און עס רינט דער שווייס.
מען איז מיד... און עס זיינען נאס
די קליידער דורכאויס...

ווילסטו ברודער צו מיר קומען —
זונטאָג קום אראָפּ:
דורכן וואך בין איך געשטאָרבן,
זונטאָג לעב איך אפּ...

בראקפאן, 1905

# אַ „גרינער"...

א פנים א בלאסער
צעשראקענע אויגן,
א גוף הוילע ביינער,
אין דרייען געבויגן.

די קליידער צעריסן,
פארבלייכט און צעקראכן,
די האָר ניט געקאַמט שוין
פון עטלעכע וואָכן.

דער שטערן פול קנייטשן,
דער מוח פול זארגן,
מיט היינטיקע דאגות,
מיט דאגות פון מאָרגן.

עס שרעקט אים דאָס פריי זיין
ר׳האָט מורא צו ריידן —
ס׳איז שווער אים מיט קנעכט־גייסט
אינגאנצן זיך שיידן . . .

בראקפאן, 1905

# גרינס אויף שבועות...

מיט מיר צוזאמען קום, מיין קינד,
גרינס אויף שבועות קלייבן.
נאָר ניט אין פעלד — אין יענער גאס
וואו די „גרינע“ בלייבן . . .

א חדר׳ל א קליינינקער
פון בלעך, וואס האַלט זיך קאָם,
און קומט א רעגן ווערט עס באלד
אין „רום“ א גאנצער ים . . .

אין זומער ברענט דער קאָפּ פון היץ
און ווינטער וואַרפט פון קעלט . . .
א יאָ, מיין קינד, א שיינע בלום
פון אפריקאנער וועלט? . . .

דעם גאנצן טאָג, פון פרי ביז שפּעט,
טרעפּסט אין גאס אים כסדר,
ער טראָגט אויף זיך א גרויסן פּאַק
פול מיט אלטע קליידער.

דאָס פּנים מיד, מאָגער און בלאס
די אויגן אויסגעלאָשן,
דער מוח ארבעט, זארגט און טראכט:
ניט געלייזט קיין גראָשן . . .

ער גייט ארום פון הויז צו הויז
און קלאפּט אין יעדער טיר,
און בעט זיך רחמים, שפּלדיק:
גיט וואס צו לייזן מיר . . .

ער קומט אהיים... עס איז דאָרט קאלט,
דער ווינט גייט דארט ארום...
ער צינדט א ליכט . . . דער ווינט פארלעשט . . .
א יאָ, א שיינע בלום? . . .

ער זיצט פארקלעמט, מיד און שוואך:
וויניק היינט געלייזט,
און פון דערהיים פארלאנגט מען געלט . . .
וואו נעמט מען עס. . . ווער ווייסט . . .

ער עסט א שטיקל ברויט מיט טיי,
און פארבייסט מיט טרערן . . .
ער האלט זיך אָפּ: ס׳איז שבועות היינט,
מ׳דארף ניט יום טוב שטערן . . .

בראָקפּאָן, 1905

# מיין גייסט

איך בין פארשפארט —
מיין גייסט איז פריי.
און שטענדיק נאָך
ער דינט מיר טריי.

און קוים ווער איך
פון דאָ באפרייט
קום איך צו אייך
די זעלבע צייט.

ער שוועבט ארום
אין הייזלעך קליין,
וואו דלות הערשט,
און שטיל געוויין.

און מיט מיין קראפט
מיט פעסטע הענט
צעוואַרף איך באלד
די טורמע ווענט

ער שוועבט ארום
אין תפיסות פעסט,
וואו יוגנט וועלקט
און לעבנס לעשט . . .

און איך צעברעך
די קייטן שטארק,
און וואַרף דעם יאָך
פון אייער קארק.

עס שוועבט מיין גייסט
ארום גאנץ ווייט,
און טראָגט א טרייסט:
עס קומט די צייט.

עס שוועבט מיין גייסט
צו אייך פון ווייט
און טראָגט א טרייסט:
ס׳איז נאָענט די צייט . . .

יאָהאנעסבורג 1905

# ווילסטו וויסן...

ווילסטו וויסן וואו געבליבן
זיינען מיינע אידעאַלן,
וועלכע האָבן אין מיין יוגנט
מיר געלויכטן, ווי די שטראַלן?

און די שיינע טרוימען מיינע,
און מיין ערלעכער געוויסן?
אלץ, וואָס איז געווען מיר טייער —
וואו געבליבן ווילסטו וויסן?

ביי דעם ראַנד פון ים פון גרויסן
האָב איך מיט זיי זיך דאָרט געשיידט,
זיי זיינען שטיל זיך צעגאַנגען —
איך האָב זיי מיט טרערן באגלייט .

זיי זיינען שטיל זיך צעגאַנגען,
געלאָזן מיך איינזאם דאָרט שטיין...
ס׳איז צו דעם לאַנד צו דעם נייעם
געקומען מיין שאָטן אליין . . .

פרעטאָריע, 1904

# פרייהייט

איך וויל א ליד א־יצט זינגען
פון פרייהייט און פון רעכט,
מיין ליד זאל מעכטיק קלינגען,
אז וועקן זאל רי קנעכט.

עס זאל זיי לערנען מאָנען,
און קעמפן ווי איין מאן
ניט דולדן קיין רעפּרעסיעס
ניט דולדן קיין טיראן . . .

יאָהאנעסבורג 1905

# קינדהייט און יוגנט

ס׳מאָנט פון מיר די קינדהייט מיינע:
זע וואו דו האָסט מיך געלאזן:
אין חדרים ענג, פארשטיקטע,
ניט אויף לאָנקעס, ניט אויף גראזן.

ניט אין וועלדער יונגע, גרינע,
ניט אין טייכן קלאָרע, ריינע,
ניט אין זומער שאָטנס קילע,
ניט אין זומער אָוונטס שיינע.

ס׳האָט א קינדער׳ש גליקלעך שמייכל
ניט געצירט וועך דיינע ליפּן —
האָסט געקאָרמעט מיך מיט טרערן,
האָסט געוואוסט נאָר וויינען, כליפּן . . .

ס׳ווינט פאר מיר די יוגנט מיינע:
זע וואו דו האָסט מיך געלאזן:
אין ישיבות ענג און פינצטער,
שווארץ די ווענט און אפגעלאָזן.

ניט אין רוישיק, קאָכיק לעבן,
ניט אין וועלטן גרויסע, פרייע,
ניט אין טענץ און ניט אויף בעלער,
ניט אין ליבעס הייסע, טרייע . . .

אך, מיין קינדהייט, אך, מיין יוגנט,
לאָזט, איך בעט אייך, מיר צופרידן:
ס׳איז אינגאנצן ניט מיין שולד גאָר —
כ׳בין געבאָרן ביי א יידן . . .

יאָהאנעסבורג 1907

# בענקונג

עס גרייזלט א ווינטל און קילט מיר דאָס פּנים,
און סודעט און טוליעט און גלעט,
און ס'דוכט מיר ס'איז מאמע וואס האלט מיך אין אָרעמס
און סודעט און בעט זיך און רעדט:

ווען שווער ווערט, מיין קינד, דיר דאָס לעבן ביי פרעמדע,
און טרערן עס פליסן געהיים,
און פילסט זיך שטארק עלנט, און פילסט זיך פארלאזן,
אָן ליבע, אָן פריינט, אָן א היים —

געדענק, אז אריבער די ימים, די גרויסע,
און מיילן און מיילן אָן שיער,
דאָרט קלאפט נאָך דאָס הארץ פון א מוטער א טרייע,
וואָס בענקט נאָר און בענקט נאָר נאָך דיר.

אין זיסע חלומות, אין צויבער חלומות,
זי פרייט זיך מיט דיר נאָך אלס קינד;
אין שווערע חלומות, אין טרויער חלומות,
זי בעט זיך: וואו ביסטו אצינד?

ווען ס'לייגט זיך אנידער א קנייטש אויף דיין שטערן,
און ס'בויגט דיר דער שטענדיקער יאך,
צאפּלט איר האַרץ דאן פון שרעק און פון ווייטאָג,
און טרערן זיי קומען דערנאָך . . .

געדענק, אז אריבער די ימים, די גרויסע,
און מיילן אויף מיילן אָן שיער,
דאָרט קלאַפּט נאָך דאָס הארץ פון א מוטער אן אלטע,
וואס בענקט נאָר און בענקט נאָר נאָך דיר . . .

---

דאָס ווינטל, וואס גרייזלט און קילט מיר דאָס פּנים
ס'איז ער נאָר, וואס סודעט אליין . . .
אים ווינקען פארטרוילעך די שטערן פון אויבן . . .
איך זיץ און איך בענק און איך וויין . . .

דעוואן, טראנסוואל, 1911

# דאָס לעבן איז אַן אַלבאָם

(אין רבקהס אלבאָם)

דאָס לעבן איז אַן אלבאָם, פריינד,
געשאָנקען פון די געטער,
די צייט זי האלט עס אין איר האנט
און מישט די יאָרן־בלעטער.
דער שיקזאל שרייבט דאָרט זייטן פול
מיט דראַמעס און קאָמעדיעס,
נאָר מער פון אַלץ פארשרייבט ער דאָרט
פיל גרויזאמע טראַגעדיעס.
דער שיקזאל שרייבט דאָרט בלאט נאָך בלאט —
און דו מוזט אַלץ דאָס לעזן . . .
דאָך, ווען דו קומסט צום סוף פון בוך —
איז פונקט ווי ניט געוועזן . . .

יאהאַנעסבורג, 1918

# קאַלט...

קאלטע הענט און קאלטע הערצער,
קאלטע לעבנס און געפילן;
ס'איז א פראַקטיק הויך דאָס ריידן,
און א שוואכער אייז דער ווילן . . .

און עס זיצן קאלטע מענטשן
ביי דעם פייער היץ צו פאנגען,
אָבער הערצער און געפילן
ווערן קיינמאָל ניט צעגאנגען . . .

וואַנדערפאָנטיין, טראנסוואל 1916

# מיין טרייסט...

זעסט דאס פעקעלע פאפירן,
וואס איך האָב אליין געשריבן,
איז פון אלע מיינע גליקן
מיין איינציק טרייסט מיר פארבליבן.

און עס בלייבט דאָס לעבן פוסט מיר
אָן א ציל און צוועק אין לעבן,
און איך האָב קיין איינציק פריינט ניט
ווער עס זאָל א טרייסט מיר געבן.

שוין פארשוואונדן איז מיין פרילינג
און די בעסטע יונגע יאָרן,
און די האָפענונגען מיינע
האָב איך אויך שוין אָנגעוואָרן.

נעם איך אָבער די פאפירן
און הייב אָן פונסניי צו לעזן,
פארשווינדן באלד אלע זארגן
און כ'ווער צוריק וואס געוועזן.

און דער חשק און דער פייער,
וואס איך האָב אמאָל באזעסן
זיך צו לערנען, זיך צו בילדן,
האַלט שוין אויך זיך ביים פארלעשן.

און דער פייער אין מיין הארצן
פלאקערט פונדאָסניי אויף ווידער . . .
יונגער לעבן, פרישע כוחות
מיר צעגיסט זיך אין די גלידער . . .

בראקפאן, 1905

# ווינטער־מאָטיוון

א.

קאַלט די ערד און קאַלט דער הימל,
ביימער שטייען נאַקעט, הויל,
ס'איז דער זומער שוין פארשוואונדן,
און דער הארבסט יאָגט אָן א גרויל.

יונגע טעג און מילדע זונען,
און א שטענדיקער פייגל־כאָר,
כשוף נעכט און ליבעס מורמלען —
זיינען דאָס חלומות נאָר? . . .

לאָזט דער ווינטער גאָר ניט איבער,
וואָס דער פרילינג האָט געזייט?
איז די יוגנט שוין פארשוואונדן
און דערוואַרט אונדז נאָר דער טויט?

ב.

כ'האב געהאפט דעם וואלד צו טרעפן
רייך אין ביימער, רייך אין בלעטער,
און זיך קושנדיק מיט שטראַלן,
און זיך סודענדיק מיט געטער . . .

זיינע ביימער שטייען נאקעט,
זייערע בלעטער ליגן קאלט,
און קיין סימן פון א פויגל
און קיין נעסט אין גאנצן וואלד.

כ'האב געהאפט דעם וואלד צו טרעפן
א פארפוצטן, א פארקלײדטן,
און א שטאָט פון פייגל־נעסטן —
כ'האָב געטראפן אים א טויטן.

כ'האב געהאפט... א, האפנונג פאַלשע!
ניט מער זאלסטו מיין פריינד נאך זיין;
אָן דיין הילף איז שווער צו לעבן,
ס'איז שווערער נאך אנטוישט צו זיין...

ג.

ס'האָט א חורבן אין מיין גארטן
אָנגעמאכט דער פראָסט אינגאנצן:
האָט אַנטבלעטערט אלע ביימער,
און געהרגעט אלע פלאנצן,

און די זאט, וואס איך געפלאַנצט האב,
און געוואַרט די פרוכט צו עסן —
ליגן קאלט איצט און געשטאָרבן,
און פארלאזן און פארגעסן . . .

וואס געפלאַנצט האב איך אין פרילינג,
אין די טעג פון פרייד־געזאנגען,
ווען עס איז א יונגער הימל
איבער וואלד און פעלד געהאַנגען,

און די יונגע טעג פון פרילינג
שוין פארגאנגען, שוין פארשוואונדן.
אָ, חלומות, אידעאלן,
ר'זייט בשאָפן נאָר צו וואונדן . . .

דעוואן, טראנסוואל 1912

# ס'האָט דאָס לעבן מיך גערופן

ס'האָט דאָס לעבן מיך גערופן,
האָט געפאָדערט וואָרט און ליד:
ס'איז דאָך לעבן אָן געזאַנגען —
גראָע טורמע, און געשמידט.

ס'האָט די גאַס מיך נאָכגעשריען:
דיכטער, דיכטער, זינג, באַשייד:
וואָס איז גליק און וואָס איז אומגליק
וואָס איז טרויער, וואָס איז פרייד?

ס'האָט די פאָרם געהאָט א טענה:
קינד דערצויגן אויף מיין ברוסט —
ווו איז ליד פון בלום און פויגל,
ווו איז ליד פון בוים און קוסט?

און אין שטילע נעכט צעבענקטע,
אין לבנה־שיין און ליכט,
זיינען לידער מיך באַפאַלן
און געפאָדערט: דיכטער, דיכט!

נאָר געווען איז דיכטער הילפלאָז,
ווי א פויגל אין געפאַנג,
ניט געהאַט האָט ער טריבונע
ווו צו זינגען זיין געזאַנג.

וואָס איז דיכטער אָן אַ צייטשריפט,
ווו צו דרוקן וואָרט און ליד? —
אָדלער מיט געשאָרן פליגלען,
פרעמדער אויף דעם וועלט יאַריד.

האָט דער דיכטער שטיל געליטן,
און געטריקנט האָט זיין פען:
איידער שטאַרבן ביים געבאָרן
זאָל גאָר ליד די שיין ניט זען...

---

איצטער איז שוין דאָ טריבונע —
רייסן לידער זיך אַרויס,
איצטער זינגט דער דיכטער פריילעך,
איצטער ציט אים שוין „פאָרויס“...*)

איצטער שוועבט זיין גייסט אין ווייטן,
רוט אין הייזלעך אָרעם, קליין,
ער פאַרנעמט דאָס ליד פון דלות,
און פון טרערן און געוויין.

ער פאַרנעמט דאָס ליד פון לעבן,
און פון טרויער און פון פרייד...
פעלדער טאַנצן אים אנטקעגן
אָנגעטאָן אין גרינעם קלייד...

פעלדער שמייכלען אים אנטקעגן,
און די ליליע און די רויז...
איצטער זינגט דער דיכטער פריילעך,
איצטער ציט אים שוין „פאָרויס“...

יאָהאַנעסבורג 1938

*) א חודש זשורנאַל דערשינען אין יאָהאַנעסבורג 1937/39.

# אויף טראַנסוואַלער ערד

.1

איינגעהילט אין שווארצע נעפּלען
שלאָפן מענטש און רינד און עוף,
הימל, ווי א דאַך א גראָער,
שפּרייט זיך איבער פעלד אָן סוף.

שטילקייט הערשט מיט פעסטן ווילן -
ניט קיין ריר און ניט קיין פּיפּס;
ביימער שטייען, ווי פארגליווערט,
אויסגעהאמערט, ווי פון גיפּס.

פלוצלונג קומט א מזרח ווינטל:

הייבן כמארעס אָן זיך שפּאלטן,
קרייט שוין אויפן פּלויט א האָן.

וועקן ביימער זיך פון חלום,
טרייסלען נאכט פון זיך אראָפּ;
רויז דערוואכט מיט רויטן פּנים,
און יורגיניע הייבט דעם קאָפּ.

פייגל ריידן אין די נעסטן,
וועקן פארמער פונעם שלאָף,
גראָער מאָרגן קלאַפּט אין פענצטער:
„אויפשטיין, אויפשטיין! טאָג קומט אָן! „ס׳ווארטן פעלד און קנעכט און שאָף“.

.2

ס׳האָט עמעץ אין מזרח א פייער פארלייגט,
געצונדן די הימלישע ציילן —
האָט מזרח צעפלאמט זיך אין גאָלד און אין רויט,
אין ראָז און אין פּורפּור, אויף מיילן.

האָט גאָלדענע לאַוואַ געשטראמט צו דער ערד,
געפלייצט איבער פעלדער פון מיליס,
געפינקלט אין וואסער, אויף דאך און אויף שויב,
אויף טויאיקע בלעטער פון ליליעס.

האָט וועלט זיך געטובלט אין גאָלד און אין גרין,
צעשטראַלט פון די וואונדער פון אירע,
האָט הימל צעבלויטער געגריסט זיך מיט ערד,
און פייגל געזאגט האָבן שירה.

.3

אקערס, בראָנעס, שטריק און קייט.
יאכן ליגן אָנגעגרייט.

קאפערס גרויסע מיט געשריי
שטעלן אָקסן אויס אין ריי.

אָקסן ראָב און אָקסן רויט.
— העי, דערלאנגט אהער די קייט!

— יאָג אָן „בלעס"(1) און יאָג אָן „קאָל".
— „יאקאלס" פעלט דאָך נאָך צום צאָל!

שרייט דער פארמער: „שפאנען! שפאנט!
רירט א פוס און הייבט א האנט!

ס'איז די זון שוין הויך ארויס —
שלאָפט איר קיינמאָל זיך ניט אויס?"

טומלען מענטשן, אָקסן, הינט.
שפאנען קאפערס גיך, געשווינד.

שטייען אָקסן שוין געשפאנט,
זעכצן אין א ריי באנאנד.

קנאקן בייטשן דין און לאנג,
קלינגען קייטן, קלינג און קלאנג.

טרעטן אָקסן לאנגזאם, שווער,
שאָקלען קעפ זיך הין און הער.

טראגט א שטויב זיך אין דער הויך,
וויקלט זיך, ווי ווייסער רויך.

פון דער הויך א מילדע זון
קוקט אראָפ און קוועלט דערפון.

(1) בלעס, קאָל, יאקאלס — נעמען פון אָקסן.

.4

עס איז הייס אויפן פאַרם און רויק, שטיל.
הינער באָדן זיך אין זאַמד, אין דער קיל
פון ווערבעס צעטרויערטע און שטום.
אין סאַזשעלקע דערנעבן דרעמלען גענדז,
און ענטלעך זוכן עפּעס אין די פרענדז
צעגרינטע, וואָס הענגען דאָרט אַרום.

עס יאָגן הייס־ווייסע כוואַליעס, ווי שוים
ביים ברעג ים, און בלעטער פון בלום און בוים
און גראָז, חלשן אַ טרונק וואַסער.
שטיל אַרום און פּוסט אויף אַלע וועגן,
אין איינזאַמער פויגל פלאַטערט מיד קעגן
הימל, פאַרטשאַדעטער און בלאַסער.

.5

א טומל, א געשריי,
ס'האָט אויסגעלייגט אן איי
א יונגע הון.
איז אויפגערעגט דער האָן,
און אינדיק בלאָזט זיך אָן,
ווערט רויט דערפון.

גריסט איר האָן
„לעג־האָרן"(2)
זוכט פאַר איר א קאָרן —
שוויַיג, נשמה!
דולדט עס ניט „ראָק־איילענד"
קומט „מינאָרקע" איילנד,
ווערט מלחמה . . .

.6

די לויטערע זון גייט אַרונטער
צום ראַנד פון דער גליענדער פאַרם,
און פאַלט דאָרט אַנידער א רויטע,
פאַרוויקלט אין פייער און פלאַם.

עס ציִען זיך פעלדער צעגרינטע
אין גאָלדיקע פאַרבן צעהעלט,
און ס'ראַנגלען זיך שאָטנס מיט שטראַלן —
עס זינגט און עס קלינגט און עס טרעלט.

(2) לעג־האָרן, ראָק־איילענד, מינאָרקע — מינים הינער.

עס זינגען און טרעלן די פײגל,
און ס'קלינגט פון קוקאווקעס די וועלט,
עס העלפן זײ הענער און גרילן
און פרעש אין דעם זומפיקן פעלד.

עס ברענגט שוין דער פאסטוך זײן סטאדע
און פײפלט אן אומעטיק ליד,
פון פעלד קומען אָקסן און מענטשן,
פארשטויבטע, פארברוינטע און מיד.

עס הענגען די ראנדן אין מערב
אין גרא און אין פורפור געפארבט,
עס קושט זיך די זון מיטן הימל,
און גוססט, און לעשט זיך, און שטארבט.

און ס'טונקלען זיך הימל און פעלדער,
עס שווארצט זיך די שטאָל און דער „שטרויז"(3),
עס צינדן זיך שטערן אין הימל,
און לאָמפן און ליכט אינעם הויז.

עס צערטלט א ווינטל די גראָזן,
און וויגט אין חלומות זײ אײַן,
און שטיפט דאָרט ארום מיט די בלומען,
און רוימט זײ פיל סודות ארײַן.

עס זינגען דאָרט קאפערשע מײדלעך
אין „שטרויזן", פארלאָזן און קלײַן,
און ס'ציען זיך הארציקע טענער,
ווי קינדערשער שטילער געוויין.

איך שטײ א פארטראַכטער אין שווײַגן,
געפאנגען אין נעץ פון דער נאכט,
פארוויקלט אין שאָטנס אויף שאָטנס,
אין שטילער און רויקער פראכט.

פארשוואונדן געבײדעס, געשטאלטן,
פארשוואונדן מײַן „איך" און מײַן „זיך",
בין שאָטן פון נאכטיקע שאָטנס,
פון שטערן פון ווײַטע די שײַן . . .

יאָהאנעסבורג, 1938

(3) קאפער־הײזלעך.

# פרייד

קום איך היינט צום פעלד צו גאסט —
נעמט מיך פעלד אויף, ווי עס פאסט:
שפרייט אויס בלומען ווייס און ראָז,
פערל טוי אויף גרינעם גראָז.
ביימער גריסן ווייך און שטיל,
ווינטל פאָכט מיט פעכער קיל.
גריסן פריינד מיך: זשוק און בין,
אילט מוראשקע, וועבט די שפין.
פייגל שפילן אויף מוזיק,
טענער פול מיט פרייד און גליק.
הימל קוקט מיט אויגן בלאָ,
קוועלט פון אלץ, וואס טוט זיך דאָ.

זאָגט מיר פעלד: דאָ ביסטו פריי,
לויף, געניס דיין לעבנס מיי!
יאָג איך זיך מיט בין ארום,
לויף און שפרינג פון בלום צו בלום.
שוועב מיט שמעטערלינג אין זון —
פלעכט מיר אויס א קראנץ דערפון.
לויפט א טייכל, מורמלט, רעדט,
לויף איך מיט אין א געוועט,
שפרינג א גראָבן, שפרינג א שטיין —
הימל, ערד און איך אליין!
זע איך — פייגל אין דער הויך
בויען נעסטן — בוי איך אויך,
טראג אָן שטרוי, און טראג אָן ליים,
האָבן פייגל שוין א היים!
טרילילא און טרילילי
זינגט דער „ער“ און זינגט די „זי“

טרילאלא און טרילילים
זינגען יונגע, זינג איך מיט,
זינגט דער בארג און זינגט דער טאָל,
זינגען אלע מיטאַמאָל.
נידערט פרייד אויף אלץ אראָפּ,
בענטשט מיט הענט אונדז אויפן קאָפּ . . .

גייט דער טאָג און ברענגט די נאכט,
שטעלט זיך אויף א פּאַלאַץ פּראכט!
ווענט געצייכנט ראָז און גרא,
אונטן זילבער אויבן בלאָ;
אין דער הויך מנורות פיל,
ווינקען, גריסן אין דער שטיל.
שטייט די וועלט פארכישופט, שטום,
דרעמלען בוים און גראָז און בלום,
שלאָפן בין און זשוק און גריל,
רוט שוין אויך דאָס ווינטל קיל.
בין איך שוין פון תענוג מיד,
זינגט מיר נאכט איר צויבער ליד:
אילע לולע לו . . .
פאַלן מיר די אויגן צו.
חלומט מיר: איך ליג אין בעט,
ס׳קושט די מאמע מיך און גלעט . . .

יאָהאנעסבורג, 1937

# אויסגעחלומט חלום מיינער . . .

אויסגעחלומט חלום מיינער,
ליכטיקער דו מיין.
אין א בלוטיק וועלט א בייזער
ווערט פארבלייכט דיין שיין.

אפגעשלאָסן אלע וועגן,
ענג געמאכט די גאס,
אָנגעפילט די לופט מיט גאזן,
הערצער פול מיט האס.

ליגט די פרייהייט אין די תפיסות,
צאפלט זיך אין פיין,
יאָגט זיך אום א ווילדע מורא
גאַסן אויס און איין.

ווארפט זיך אום די וועלט אין פיבער,
שווימט אין אייגן בלוט,
טויב פון רויש פון עראָפּלאנען,
בלינד פארשקלאַפּט צום קנוט.

* * *

אויסגעחלומט חלום מיינער,
ליכטיקער דו מיין.

אויף א גוסס וועלט, צעפוילטע,
פאלט דיין רויטער שיין.

צינדט זיך אָן די וועלט אין פלאמען
ווערט דאָס בייז פארצערט,
קומען מענטשן אָן געלייטערט —
רייניקן די ערד . . .

ווערט די ערד באדעקט מיט בלומען
הערצער פול מיט פרייד,
קומט די פרייהייט אָנגעריטן
אין א ווייסן קלייד . . .

קרוינען מענטשן איר פאר קעניג —
יובלען אויפן קול,
זינגען פייגל אין די נעסטן,
שאַלן באַרג און טאָל . . .

ליבע שוועבט אויף ווייסע פליגל
וועלטן אויס און איין . . .
אויסגעחלומט חלום מיינער,
ליכטיקער דו מיין . . .

יאָהאנעסבורג, 1937

# ס׳ציען זיך צוזאַמען . . .

ס׳ציען זיך צוזאמען די ווינקלען פון דער וועלט ארום מיר דעם שוואכסטן,
ווי דער שטריק ארום דעם האלדז פון א געפאנגענעם;
דער ערדקויל ווערט מיר ענג און קייקלט זיך אוועק פון אונטער מיינע פיס,
מידע, געקייטלטע, ווי ביי א געפאנגענעם

ס׳הילכן די קולות פון די געפייניקטע, ווי גלאָקן צו א שריפה,
און טויטע ליגן אָנגעהויפט אויף אלע וועגן;
הינטן יאָגט דער פחד פון רוינען און פון אויסגעצאפּטע לעבנס,
און פאָרנט, ווו איך גיי, קומט תליון מיר אנטקעגן.

ס׳ווערט דער מענטש געשענדט אויף אלע הויכן און געלעסטערט, ווי א זונה,
און היילקטימער פארשוועכט שאלקהאפטיק און אָפן;
רויב שפּאצירט ארום אין גאסן און מאָרד קוקט אראָפּ פון אלע דעכער —
און אויף מיר, ווי אויף שולדיקן, פאלן אלע שטראָפן.

ס׳ליגט מיין נשמה אויף ראגן פון גאסן, פאראומווירדיקט, ווי צואה,
און יאָמערט שטום אין זיך — די ווייטאָגן צו שטילן,
און איך, ווי גולם ליימענער, צעביילטער, מוז רייניקן קלאָזעטן,
איינגעהילט אין טלית און אָנגעטאָן אין תפילין.

כ׳לויף ארום דורך נעכט, פינצטערע, ווי היילן, משוגע פון קאָשמארן,
און ווײן און בעט דער טאָג זאל קומען מיך באפרייען,
און דורך טעג, געפייניקטע, מיט צעצונדענע געהירן, רוף איך נאכט,
כ׳זאָל קאנען צווישן ווענט די ווייטאָגן צעשרייען.

כ׳ליג געקוועלט ביי גרענעצן פארמאכטע, פאריאָגט, ווי חזיר קרעציקער,
און ס׳רייסט דער בלוטיק פיין מיין לייב, ווי טעמפע זעגן;
הינטן יאָגט דער פחד פון רוינען און פון אויסגעצאפטע לעבנס,
און פאָרנט, ווי געשפענסט, קומט תלין מיר אנטקעגן . . .

יאָהאנעסבורג, 1938

# אין פּארק

.1

אַך, א וועלט פון פראכט און צויבער!
אַך, א וועלט פון זון און בלומען!
ס׳ליגט א פרייד אויף יעדן בלעטל
און א גליק אין שטילן זשומען.

ס׳באָדט זיך זון אין שפּריץ־פאָנטאנען,
שמעלצט פון נחת זיך אינגאנצן.
פאלן שנורן גאלד און זילבער
רונד ארום אויף גראז און פלאנצן.

בלאָ צעבליטע דזשאקאַראַנדאַס
אין אלייען ביי די שטעגן,
ס׳הייבן הויך די קעפּ יורגינעס,
רויזן שמייכלען זיי אנטקעגן.

ס׳ליגט די סאזשעלקע פארחלומט
און עס זעגלען ווייסע שוואַנען,
ווערבעס וואַרפן ווייכע שאָטנס
אויף די פריש צעגרינטע לאנען.

הימל שפּרייט זיך, ווי א חופּה
און די זון גיסט גאָלד אין שטראָמען,
ווינטל שעפּטשעט שטיל א ברכה
און די פייגל זאָגן אמן . . .

.2

טאַטעס, מאַמעס, קינדער פולי!
קינדער פריי פון היים און שול.
ס׳רופן הוידעלקעס: אהער!
הינדא, הוידא — היין און הער!

קינדער יאגן זיך ארום,
לויפן, שפּרינגען, פאלן אום,
אויס מיט מורא, צוים און שטער —
הינדא, הוידא, היין און הער.

יוגנט רופט צו יוגנט צו,
בחור שמייכלט מיידל צו,
הערצער קלאפן מיט באגער —
הינדא, הוידא, הין און הער.

אויף א באַנק אן אלטער גוף
דרעמלט איין און כאפט זיך אוף,
קוקט דורך ברילן שטיל אפער —
הינדא, הוידא, הין און הער.

יוגנט באקט זיך אויף דער זון,
ווערט צעברוינט און שטארק דערפון,
עלטער ברוינט זיך שוין ניט מער —
איינס גייט הין און איינס גייט הער . . .

3.

ס׳האָט זיך שטאָט אהער פארקליבן —
קומען מאסן אָן געדיכט!
מישן דורות זיך צוזאמען,
מישט זיך שאָטן אויס מיט ליכט.

מישט זיך יוגנט אויס מיט עלטער,
קלינגען שטימען דין און דיק,
זע איך פרייד געמישט מיט טרויער,
אומרו רוט אין יעדנס בליק.

זע איך אין אלייען דאָרטן
קינדהייט יאָגט זיך הין און הער,
גיב איך אפטמאָל נאָר א שמייכל,
אָפטמאָל וויש איך אָפּ א טרער.

דען איך ווייס, וואס ס׳איז פארגאנגען,
זע די צוקונפט, וואס קומט אָן:
כ׳זע די וועלט באהערשט פון שטן,
רשעות קעניגט אויפן טראָן.

כ׳זע די מענטשהייט א פארשקלאפטע,
הער דאָס פייפן פונעם קנוט,
כ׳זע די יוגנט אין טראנשייען,
ערד געפאַרבן מיט איר בלוט.

כ׳הער דעם רויש פון עראָפּלאנען —
הייזער פליען אין דער הויך!
קינד און מוטער, מענטש און חיה —
א געמיש פון בלוט און רויך.

יאָגט זיך מענטשהייט אום משוגע
און פארניכט זיך שפּאַן אויף שפּאַן . . .
ביי דעם רויך פון האָלאָװעשקעס
שטייט און לאכט דאָרט א טיראן . . .

* * *

זע איך אין אלייען דאָרטן
קינדהייט יאָגט זיך הין און הער —
גיב איך אפטמאָל נאָר א שמייכל,
אָפטמאָל ווייש איך אָפּ א טרער . . .

יאָהאנעסבורג, 1938

# אין אָפיס און אין טראַמוויי . . .

אין אָפיס און אין טראַמוויי
ליגן מיינע טעג
צעברעקלטע, צעשטויבטע, —
זאמדן אויף א וועג . . . .

שפינט חלום זיך אין אפיס
בלייבט ער ניט דערשפינט,
מחשבות אינעם טראַמוויי —
בלעטער פארן ווינט.

אין אָפיס און אין טראַמוויי —
יאָר אזוי נאָך יאָר . . .
אין אָפיס און אין טראַמוויי
גראָען מיינע האָר.

* * *

אויף די פענצטער פון מיין אפיס
שטייען גראַטעס
און פארוויסטע שויבן.
פלאטערן ארום רעיונות,
און חלומות,
ווי א מחנה טויבן.

קלאמערן זיך אָן די גראַטעס
מיט די פליגלען —
אויף דער פריי, צו דער זון!
אָבער איך — דעם קאָפּ געבויגן —
חשבון, רעכן —
איך ווייס גאָרניט דערפון . . .

ערשט פארנאכט, ביים טיר פון אפיס,
דערמאָן איך זיך,
וויל אהיים זיי פירן,
זע איך — אומבאַקענטע, פרעמדע . . .
און זיי בלייבן
ביי פארמאַכטע טירן . . .

יאָהאַנעסבורג, 1938

# מען ברענט קאָנטאָ־ביכער . . .

קאָנטאָ ביכער, חשבונות, אָנגעהויפּט הויך.
עס רייסן זיך פלאמען, עס קנוילט זיך א רויך.

שטייט דער בוכהאלטער אין א ווינקל פאררוקט:
ער וויל דאָס ניט זען און דאָך שטייט ער און קוקט.

ער שטייט און ער קוקט, מיט פארבראכענע הענט,
ווי פייער צעשטערט און ווי פייער פארלענדט

די פראצע פון יארן. און ס׳דוכט אים ס׳איז ער,
וואס ליגט אויפן פייער און ברענט אזוי שווער.

ס׳איז יאָרן און יארן דאָרט אָנגעהויפּט הויך,
א לעבן א גאנצער פארשווינדט מיטן רויך . . .

און ס׳שטעקן אים פלאמען די צונגען ארויס,
און שורות און בלעטער זיי לאַכן אים אויס:

א לעבן געחשבונט דורך טעג און דורך נעכט,
געווען ביי די ביכער אַן אייביקער קנעכט.

וואס איז אים פארבליבן, וואָס האָט ער אצינד?
א רוקן געבויגן און אויגן האלב בלינד . . .

יאהאָנעסבורג 1939

# צייט-לידער

מיט שייטערהויפנס האָט רשעות ארומגערינגלט דעם ערדקויל,
באצירט אים מיט תליות;
בראָטן זיך מענטשן אין העלישע פלאַמען און ברענען — צום שאלן
פון „זיגרייכע" תקיעות.

ווייקט זיך דער ערדקויל אין בלוטיקע שטראמען פון העלדזער צעשניטן
און לעבנס צעמאָלן;
עס ברעכן זיך תליות פון אונטער דער משא פון געהאנגענע
אויף בערג און אין טאָלן.

ס'טראָגן זיך קולות פארשטיקטע פון מאמעס, צעשענדטע אין גאסן
און שוועסטערס אין סקווערן;
עופה'לעך נאַקעטע פארפראָרן אין שנייען, און אויף די בעקלעך
פארפראָרענע טרערן.

ליגט א פארבלוטיקטע מענטשהייט און ווארפט זיך אין ברענענדע פיינען,
און ס'יאָמערט נשמה;
ביילן זיך פויסטן צום הימל, דעם פוסטן, פון טאטעס און ברידער:
מיר'ן נעמען נקמה!

* * *

גרינע אויגן, וואס ברענען מיט שנאה
לויערן.
ליפן, פון צאָרן צעקראמפטע, מורמלען:
„דויערן?"
שלייכן זיך פלינקע שאָטנס אין שאָטן —
ווי אינדן.
קומען געשטאלטן צוזאמען, שעפטשען,
פארשווינדן.
קלעפן זיך צעטלעך אויף וואנט און אויף טויער —
א ווענדונג.
שפרינגט ווו א באָמבע אריין דורך א פענצטער —
פארלענדונג!

לויפט ערגעץ א באַן אראָפּ פון די רעלסן —
צעשאָסן.
פלאצן מאשינעס און קעסלען מיט אייל —
צעגאָסן.
פישט מען סאלדאַטן ארויס פונעם וואסער —
דערטרונקען?
ווערן פארשווונדן שיפלעך מיט שונאים —
געזונקען?
פאלן דאָרט גרופּעס מוטיקע קעמפער —
געזינדן!
ווארפט זיך דער שונא פארביטערט אויף שטעט —
פארשווינדן!
הייבן זיך הענט ארויס פון די חורבות:
מיר שווערן!
שאַרן אוּן זוכן ארום אין די אש דאָרט —
געווערן.
שלייכן זיך שאָטנס אלץ טיפער אין שאָטן —
מלחמה!
רופן זיך איבער־וועלטן מיט וועלטן:
נקמה!

* * *

צו לאנג האָט דאָס רשעות געוועלטיקט אין לעבן
מיט קנוט.
איצט ווערט עס צעשאָסןביים דאָן און ביי וואלגאַ —
איז גוט!
איצט גייען מיר אלע דאָס בייזע פארניכטן —
צעפוילט!
צעראמען די ווערעם, די האָריקע, גרינע —
צעקנוילט.
צו נעמען נקמה פאר לעבנס, געשענדטע
צו לאנג,
פון חורבות און קברים [illegible] אין [illegible]ייכן,
ווי שלאנג!
זיך קלעפּן, ווי פּיאווקעס, און [illegible]
[illegible]ז סוף,

פאר קינדער אין וויגן צעיתומט, געשאָכטן,
ווי שאָף.
פאר בלוטיקע ימים און זודיקע טרערן
צעשווענקט.
זיך שטעלן אין רייען און שווערן: נקמה!
געדענקט!
זיך שטעלן אין רייען, מיט העק און מיט האמערס,
מיט שווערד:
פארטיליקט זאָל ווערן נאציזם, פאשיזם
פון ערד!

* * *

פון די שטעפּעס ביי דער וואלגא,
פון די ברעגעס פונעם דאָן,
פון די הויכע בערג קאווקאזער
רופן שטימען: „קעמפן! טאָן!

רופן טויטע פון די קברים,
קעמפער אין דער שטאָט און פעלד:
„אויף די חורבות פון דעם אלטן
אויפגיין וועט א נייע וועלט!

אויסגעלייטערט אינעם פייער,
אויסגעטונקט אין בלוט און טויט,
אויסגעשווענקט אין קינדערס טרערן —
אויפגיין וועט דער מאָרגן רויט!

אויפגייך וועט א רויטער מאָרגן,
א צעשטראלטער, ליכטיק, העל!
ס'וועט די מענטשהייט זינגען שירה —
ווייס און שווארץ און ברוין און געל!"

יאהאַנעסבורג, 1942

# אין נעפּלען

.1

ס׳האָט זיך א נעפּל צעלייגט אויף נשמה,
און ס׳בלוטיקט דאָס הארץ, ווי געשאָכטענער עוף,
בלאָנדזשע איך ארום א פארווירטער אין פּיינען,
איך זע ניט דעם אָנהייב און כ׳זע ניט דעם סוף.

כ׳הער נאָר דעם יאָמער פון מענטש אויף זיין גורל,
כ׳פיל נאָר ווי עס זינקען אין בלוט מיינע פיס,
כ׳זע ארום מיר נאָר פאריתומטע מחנות,
וואָס רייסן דאָרט קריעה, א ריס נאָך א ריס.

ס׳איז טעמפּ שוין דער מוח, ס׳שטארבן פארלאנגען,
נאָר איינס מיר גאָך מאטערט, ווי בלוטיקער פיינד:
פאלן אויף קברים פון ברידער און שוועסטער
און וויינען אויף נעכטן און וויינען אויף היינט.

.2

...און אפשר איז אלץ נאָר א חלום,
א ווילדער קאָשמאר פון א קראנקן:
די טאַטעס, וואס הענגען אויף תליות,
די קינדער צעדריקטע פון טאנקען,

און טעכטער פארפּייניקט אין גאסן,
און זקנים צעשאָכטן, ווי רינדער,
און מענער, וואס גראָבן דאָרט קברים
פאר זיך און פאר ווייב און פאר קינדער.

און מאמעס משוגע פון פּיינען . . .
איז אפשר דאָס אַלץ נאָר א חלום
און איך וועל דערוואכן אין זונשיין,
אין וועלט פון דעם אייביקן שלום . . .

.3

איך וואנדער אויף וועגן צעשטויבטע,
איך שפרייז איבער לענדער צעצונדן,
פאַריאָגט פון די חרובע היימען
מיט אָפענע בלוטיקע ווונדן.

איך ברען אין דעם פלאקער פון וועלטן,
איך טרינק זיך אין בלוטיקע ימען,
איך וויין מיט געוויין פון מיליאָנען
און הענג דאָרט אויף תליות צוזאמען.

כ׳בין זקן פארפראָרן אין שנייען,
כ׳בין קינד דאָרט דערשטאָכן מיט מאמען,
כ׳בין העלד אין די רויטע ארמייען —
איך לייד און איך קעמף דאָרט צוזאמען.

.4

דורך די דיקע נעפּלען
ברעכט זיך רויטער שיין:
אין דעם רויטן מאָרגן
לייזט זיך אויף מיין פּיין.

ס׳קומט א נייער מאָרגן,
ס׳שיינט די זון אויפסניי:
צווישן פרייע פעלקער
בין איך אויך דאן פריי.

ס׳דוכט מיר כ׳הער געזאנגען —
ס׳רוישט דאָס גאולה ליד!
זינגען פרייע פעלקער
זינג איך מיט זיי מיט . . .

יאָהאַנעסבורג, 1943.

# אין שטילע פאַרנאַכטן

אין שטילע פארנאכטן,
אין טאָגס לעצטע שעה,
ווען פעלד איז נאָך גאָלדיק,
און הימל נאָך בלאָ;
און ס׳זינגען נאָך פייגל
אין בוים און אין גראז,
ווערט הארץ דאן פול בענקונג —
צי ווייסטו נאָך וואס?...

ווען פויגל, פארשפעטיקט,
זיך אילט צו איר קינד,
און שלעפערט און זינגט עס
פון זון און פון ווינט,

און ס׳לייגן זיך שאָטנס,
ווי שלייערן דין,
ציט ערגעץ דאָס הארץ דאן —
צי ווייסטו וווהין?...

ווען ווינטל קושט רויק
די אויגן מיר צו,
און נאכט וועבט די נעצן
פון חלום און רו,
און ס׳קומען געשטאַלטן
פון חרובער היים —
וואָס זאָגן די טרערן,
וואָס פליסן געהיים?...

יאָהאַנעסבורג 1947

# מיינע אוצרות...

כ׳האָב דורך יארן אָנגעזאמלט
מיינע אוצרות־אידעאלן —
האָבן זיי מיין וועג געלויכטן,
ווי די זון מיט אירע שטראלן.

איצטער וויל איך עס צעטיילן,
לאזן עמעצן ירושה,
נאָר ס׳וויל קיינער דאָס ניט נעמען...
פלאמט דאָס פנים מיר פאר בושה...

כ׳וויל די אָרעמע דאָס שענקען...
נאָר זיי דאנקען און זיי לאכן:
קאָן מען דיינע אוצרות עסן?
קאָן מען קליידער פון זיי מאכן?

און אין טעג פון קעלט און הונגער,
און אין נעכט פון צער און פיין —
וועלן דיינע אוצרות זעטן,
צי וועלן זיי דער גואל זיין?

* * *

און עס פרעגן מיר די רייכע,
מיט א שמייכל און פארטרויען:
וויפיל ריווח ברענגט אן אוצר?
קלעקט עס פאלאצן צו בויען?...

און אין טעג פון גרויסן מסחר,
און פון בירזשע ספעקולאציעס —
וועלן דיינע אוצרות שטארקען
די רווחים און די אקציעס?...

שטיי איך ביי די אוצרות מיינע,
וואָס קיין איינער וויל ניט נעמען,
און איך טראכט: געזאמלט אוצרות,
צוליב וואָס און צוליב וועמען?...

יאָהאַנעסבורג, 1945

# נאַכט ליגט איינגעהילט אין שאָטנס

נאַכט ליגט איינגעהילט אין שאָטנס,
שפרייט זיך ווייט און טיף און קיל;
גלעט א ווינטל מיר דאָס פנים,
רעדט און סודעט אין דער שטיל:

אמת טאקע, אויף דיין הימל
הענגען וואלקנס, שווער, ווי בליי,
אויף די גאסן הערשט אן אימה,
רשעות יאָגט ארום זיך פריי;

נאכט דריקט שווער אויף די געמיטער,
מענטש פארגייט אין נויט און פיין —
אָבער זע: אין מזרח דאָרטן
שפרייט זיך שוין א רויטע שיין.

שפרייט דאָס ליכט זיך ווייטער, העכער,
שטראָמט אהער פון ווייט און נאָענט . . .
שרעק זיך ניט פאר נאַכט און וואָלקנס —
ריכט דיין בליק צום האָריזאָנט.

זעסט: פון צווישן בלוט און פייער
הייבט זיך זון צום הימל הויך,
ווערט שוין הימל בלאָ און בלאָער,
ווערט שוין בלאָ דיין הימל אויך.

ווענד דיין פנים פול צו מזרח,
זאַפּ זיך אָן מיט זון און ליכט,
ווען עס איין אין דיין נשמה,
פלעכט עס איין אין דיין געדיכט.

ווערסטו דאן א טייל פון גאנצן,
ווערסט א גאָלדן רינג אין קייט...
טרעט ארויס פון ענגען הייזל,
עפן טיר און פענצטער ברייט . . .

יאָהאָנעסבורג, 1948

# אויף אַ פאַרם

מזרח עפנט ברייט די טירן,
זאגט צום מאָרגן: ביסט א פרייער...
קומט דער מאָרגן אָנגעשוואומען
אין א ים פון גאָלד און פייער...

גריסן פייגל אים מיט כאָרן,
איין קוקאַוקע וועקט די צוויטע;
מחנות הענער זאגן הלל —
ציען טענער אויסגעדרייטע...

ווינטל שטיפט ארום מיט בלומען,
און שפּאצירט אין פעלדער מיליס,
בייגן זיך די יונגע פלאַנצן,
ווי זיי וואלטן זאגן תפילות...

נאָר די ווערבע שטייט און טרויערט —
פרעג נאָך וואס און פרעג נאָך וועמען?
גיט דער ווינטל זי א טרייסל:
דארפסט פאר זיך אליין זיך שעמען...

זע, די זון אין בלויעם הימל
גיסט מיט גאָלד אויף אלע וועגן,
פעלדער שפּרייטן זיך צעגרינטע
און זיי שמייכלען זון אנטקעגן.

ענטלעך טובלען זיך אין וואסער,
און עס זשומען בינען, פליגן,
קעלבער טאנצן פון התפעלות —
ס'איז א וועלט א פארגעניגן...

* * *

ווערט שוין פארמער שטארק באשעפטיקט,
אײלט די ארבעטער — סכנות!
„גיכער, גיכער, רירט זיך דאָרטן!
שפּאנט די אקערס און די בראָנעס!"

שטייען אָקסן שטיל, געדולדיק —
שוין געוווינט אזוי פון יארן.
קלאפּן יאכן, קלינגען קייטן,
און מען שפּאנט זיי שוין אין פאָרן.

ווערט א יונגער אָקס צעלאזן —
וויל דעם יאָך אויף זיך ניט טראגן,
דרייט זיך, רייסט זיך. וויל אנטלויפן...
נעמט זיך פארמער באלד אים שלאָגן.

ווערט דער יונגער אָקס צעפּאַניקט:
„ווי אנטלויפט מען פאָרט פון דאנען?"...
צוקט פון ווייטאָג פעל די ברוינע...
שטייט ער שוין און לאזט זיך שפּאנען...

הילכן שטימען, קנאַקן בייטשן,
און מען ציט צו ווייטע פעלדער.
פארמער קוקט זיי נאָך מיט גדלות:
פון דעם אלעם איז דער העלד ער...

* * *

נידערט זון אראפּ צום מערב,
און פארגייט אין פייער פלאם;
שטעלן שאָטנס זיך אין ווינקלען,
און פארנאכט קומט אויפן פארם.

קומען ארבעטער פון פעלדער
אָנגעברענט פון זון און מיד,
קומט דער פאסטעך מיט זיין סטאדע,
זינגט און פייפלט אויס א ליד.

רופן קעלבער צו די מוטערס,
און עס הילכט פון „מע" און „מו"!
פייגל קלייבן זיך אין נעסטן
און די הינער זוכן רו.

לעשט זיך לעצטער שטראַל אין מערב —
קומט דער אָוונט אומגעריכט;
צינדט דער הימל זיינע שטערן
און די מענטשן צינדן ליכט.

* * *

נידערט שטיל אַראָפּ די שטילקייט,
און פאַרוויגט די פאַרם אין שלאָף,
ליגן אַלע טיף פאַרוויקלט
אין חלומות אָן אַ סוף...

חלומט פאַרמער זון און רעגן,
חלומט — פעלדער פול מיט ברויט,
און די אַרבעטער זיי טרוימען
פון אַ לעבן פריי פון נויט...

חלומט אָקס: ניטאָ קיין יאָכן,
און מען אַקערט ניט דעם גרונט;
חלומט הונט: ניטאָ קיין קאַץ מער,
און די קאַץ — ניטאָ קיין הונט...

חלומט פעלד און חלומט לאָנקע,
און דער דיכטער חלומט אויך...
ס׳איז די וועלט אַ גרויסער חלום,
ווינקען שטערן פון דער הויך...

יאָהאַנעסבורג, 1949

# אַן אורח...

.1

ווער זשע קומט עס דורכן גאָרטן,
שארט זיך שטיל דאָרט צווישן בלומען?
— קינדער, קינדער! זעט: אן אורח:
ס'איז דער עלטער אָנגעקומען!

ס'איז דער מאמעס שטילע ברכה
איצט מקוים שוין געוואָרן:
„זאָלסט דערלעבן זען דעם עלטער,
זאלסט דערלעבן אלטע יארן."

גיי איך עלטער שטיל אנטקעגן,
שטעק אים אָפּ א ברייטן שלום:
„קום אריין, מיין ליבער אורח,
קום אריין געווינטשטער חלום!

כ'האָב פאר דיר א שטילן חדר,
צוגעפוצט, גאָר ווי ביי לייטן,
קום און רו דיר אויס די ביינער
פון דעם לאנגן וועג דעם ווייטן.

ס'איז די געגנט דאָ א שטילע —
קיינער וועט דייך רו ניט שטערן,
נאָר די פייגל אין באגינענס
וועלן זינגען צו די שטערן..."

.2

עס גייט ארום דער עלטער אין מיין הויז, ווי א שטילע טויב,
צופרידן מיט דער דירה און דאנקבאר פאר א שטילער שעה;
זיצט אויף ליכטיקער וועראנדע און שמייכלט צו צו קינדער,
און פארנעמט דאָס זינגען פון די פייגל אין די ביימער דאָ.

אין אָוונט גייען מיר שפאצירן, גלייך אראָפּ צום וואסער,
צו דער סאזשלקע אין פארק דאָרט, און צו די ווייסע שוואנען.
דאָס וואסער איז דורכזיכטיק און ברענט מיט לאָמפּן קאָפּ אראָפּ,
און ס׳איז א פארק מיט בלומען אין דער סאזשלקע פאראנען.

מיר זיצן אויף א באנק דאָרט, אונטער ווערבע בוים צעצווייגטן,
און ריידן שטיל, געמיטלעך, ווי ס׳פּאסט זיך פאר צוויי גוטע פריינד.
ס׳איז „עלטער״ נייגעריק צו וויסן און פרעגט זיך נאָך ביי מיר:
„ווי געוועזן איז דער וועג, וואָס האָט דערפירט דיר ביז צום היינט?״

„דער וועג? אזוי... געוועזן, דאכט זיך, א וועג, ווי אלע וועגן:
זאמדיק און שטיינערדיק, און ערטער — אָפּגעצוימט מיט דראטן...
כ׳האָב זיך אפט פארלאָרן אויף דעם ברייטן שליאך, און אָפט, מיט שרעק,
קריכנדיק, האָב איך געזוכט א וועג צווישן ליכט און שאָטן...״

„און דיין באגאזש?״ „מיין באגאזש? אָט... חלומות, אידעאלן —
מתנות פאר די אָרעמע, וואס לעבן אין די טאָלן...
נאָר כ׳האָב מיר ניט דערשלאָגן ווייט — געוועזן דער וועג איז בארגיק,
און אומעטום האָט מען געמאָנט: „דו מוזט צאָלן!...״

„האָסט געצאָלט?״ „כ׳האָב געצאָלט: דאָ מיט חלום, דאָרט מיט אידעאל...
און שומרים האָבן אלץ געמאָנט, געפאָדערט אָן רחמנות...
און איך האָב געצאָלט... ביז דעם לעצטן... און בין שטיין געבליבן
ערגעץ צווישן בערג און טאָלן... און ליידיק פון מתנות...״

.3

שמייכלט עלטער קלוג, פארשטאנדיק:
האָסט געלעבט א לעבן שיין.
ס׳קומט א צייט פון אלע צייטן
דארף מען קאָנען בלייבן שטיין.

ס׳וואָלט דיין חלום ניט געהאָלפן
דעם, וואס מאטערט זיך אין נויט,
און די אָרעמע אין טאָלן
ווילן נאָר א שטיקל ברויט.

אידעאל אליין איז חלום
און, ווי חלום, מוז פארגיין,
דאָס, וואס האָט א ווערט אין לעבן
זיינען מעשים נאָר אליין.

לעבן איז דער שענסטער חלום
און דער שרעקלעכסטער צוגלייך,
ווילסטו, שטורעמט עס, ווי כוואליעס,
ווילסטו, פליסט עס, ווי א טייך.

ס׳איז דיין לעבן שטיל געפלאָסן,
ניט צערודערט פון יאריד,
ס׳איז נאָך רייכטום דיר פארבליבן —
דיר געבליבן איז דאָס ליד...״

* * *

ס׳ליגט דער פארק אין שטילן שוויגן,
הערט זיך איין צום רויש פון שטאָט,
בלומען שטייען טיף פארחלומט,
„קריכערס״ שלאָפן אויף דעם דראָט.

הימל טובלט זיך אין וואסער,
שטערן ווינקען שטיל, געהיים.
„עלטער״ נעמט מיך אונטער אָרעם
און מיר גייען שטיל אהיים...

יאָהאָנעסבורג, 1939

# צרות פון קינדער

.1

## ד ע ר  ז ו ן

...איר זאגט: צרות פון קינדער. און איך זאג אייך: צרות און צרות זיינען ניט גלייך. מען זאגט: קינדער זיינען ניט קיין געראטענע, הולטאַיעס, קאַרטן־שפּילערס, פּיאַניצעס — נו, האָט מען צרות. און ניט נאָר צרות אַליין נאָר טאַקע חרפּות וביושים—א מענטשן אין די אויגן ניט אָנצוקוקן. נו, ווייסט מען דאָך כאָטש פאַרוואָס מען ליידט. קנייפּט מען זיך אין די באַקן די פאַרב, משטיינס געזאגט, זאל שטיין. אָבער מאָלט אייך, אז איר האָט געראָטענע, ווילע, אויף יעדע טאַטע־מאַמע אזוינע קינדער געזאגט געוואָרן, קינדער, וואָס זיינען גרייט מקריב זיין דאָס לעבן פאַר אייך, און דאָך האָט איר צרות פון זיי — איז ווי פאַרטייטשט איר דאָס?

א סך קינדער? חס וחלילה! צוויי — א יינגל מיט א מיידל. איז וועגן דער מיידל וועל איך דערציילן שפּעטער. זי איז מיט יאָרן יינגער פאַר מיין זון. איז א וואויל קינד. דער זון מיינער אויך א טייער קינד: הויך, ווי א סאָסנע, רויט און ווייס, געלערנט, שפּילט פידל און — פוט־באָל... און טאַקע דאָ הייבן זיך אן די צרות.

איך זאל אייך זאגן, אז איך ווייס מיט וואָס מען עסט עס וועל איך זאגן א ליגן. מיין זון האָט געפּרוווט מיר דערקלערן דעם ענין. „מען נעמט", זאגט ער, „א באַל, אזא גרויסע פּילקע, און איינער בריקט עס אריבער צום צווייטן, דער צווייטער צום דריטן, און אזוי כסדר. נאָכדעם קומען זיך אלע צוזאַמען אויף איין אָרט, שטעלן זיך ראַקום, קאָפּ צו קאָפּ, און איינער וואַרפט אריין די פּילקע אין מיטן. ווערט עס א שטופּעריי און א בריקעריי, אז גאָט זאל שומר ומציל זיין, און דער, וואָס איז זוכה צו דערלאַנגען דעם ערשטן בריק ארויס דער איז..." ווייס איך וואָס ער איז!...

איז גאַרנישט. איך האָב ניט געהאַט קיין חשק צו לאָזן מיין זון גיין בריקן די פּילקע. אָבער ער האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אז ס'איז ניט מער, ווי גימנאַסטיקע. גימנאַסטיקע, זעט איר, איז שוין גאָר עפּעס אנדערש, גימנאַסטיקע איז געזונט. און אזוי ווי מיין זון זיצט כסדר איבער ביכער, דאַרף ער זיך באַוועגן א ביסל.

קומט ער איין טאָג פון דער גימנאַסטיקע זיינער הינקענדיק. וואָס איז? געכאַפּט אַ בריק אין אַ פוס. האָט מען געלייגט קאַלטע קאָמפּרעסן, געהיילט, געדאָקטערט. ער איז געזונט געוואָרן.

„אַ סברא", זאָג איך, „אַז ס'איז גענוג האָבן גימנאַסטיקע?"

שמייכלט ער. „וואָס קימערט דיך", זאָגט ער, „אַז איך פאַרברענג זיך אַ פּאָר שעה אין טאָג?"

„קימערן", זאָג איך, „קימערט מיך דווקא ניט. אדרבא", זאָג איך, „ס'פרייט מיך, אָבער, אַז אנשטאָט צו בריקן די פּילקע בריקט גאָר איינער דעם אַנדערן, דאָס", זאָג איך, „געפעלט מיר ניט".

שמייכלט ער ווידער. „ס'איז אַ צופאַל", זאָגט ער, „אַ קלייניקייט". און ער איז אָנגעגאַנגען שפּילן.

איין טאָג קומט ער צוריק מיט אַ פאַרבונדענעם קאָפּ: „וואָס איז שוין ווי־דער?" פרעג איך, און מיין יידענע, זע איך, האַלט ביים חלשן.

„גאָרנישט", מאַכט ער, „גאָרנישט; געכאַפּט אַ בריק אין די ציינער".

מילא, וואָס זאָל איך אייך דאָ לאַנג ברייען — מען האָט אים אויסגעזעצט דריי ציינער, צעהאַקט די מאָרדע און דעם פּנים. האָט זיך אָנגעהייבן אַ סדרה מיט דאָקטורים, רעצעפּטן — אַבי ס'איז אויסגעגאַנגען צו געלט.

„נו", זאָג איך, „אַ סוף! אַ סוף צו דער פּילקע און צו דער גימנאַסטיקע. דאַרף איך און דיין מאַמע", זאָג איך, „האָבן יסורים און האַרצווייטאָג—שוין ניט צו דערמאָנען דאָס געלט, וואָס עס האָט געקאָסט — צוליב אַ פּילקע? ניין, גענוג".

ווען ער איז געזונט געוואָרן זע איך, אַז ער גייט שוין זיך אָנטאָן אין די געוויסע מלבושים. זאָג איך: „ניין! דו וועסט מער ניט שפּילן! כ'זאָל וויסן כ'ווייס ניט וואָס, וועסטו מער ניט שפּילן!" האָט ער אַ צייט ניט געשפּילט.

איין טאָג קומט ער און בעט זיך ביי מיר איך זאָל אים לאָזן גיין שפּילן. „עס זיינען געקומען" זאָגט ער, „שפּילערס פון אַנדערשוואו — וויל ער מיט־שפּילן. ערשטנס", זאָגט ער, „וועט זיין נאָמען זיין אין די צייטונגען, צווייטנס, דאַרף ער שוין נייטיק, ווי לעבן, אַ ביסל גימנאַסטיקע — שוין לאַנג זיך ניט באַוועגט". איך האָב געזען: זיין פּנים איז טאַקע בלאַס. אַ ביסל גימנאַסטיקע וועט אים גוט טאָן. האָב איך דערלויבט, בתנאי, אַז ער זאָל זיין פאָרזיכטיק: ער זאָל זיך ניט שטופּן דאָרטן, ווו ס'איז געדיכט. ער האָט זיך גיך אָנגעטאָן און איז אוועק.

אַ צוויי־דריי שעה שפּעטער האָט מען אים געבראַכט אַ געממיתטן. שייך צו זאָגן געממיתטן! ס'איז ניט געווען אַרויסצוזען קיין פּנים און קיין אויגן און אַ פוס איז ביי אים געווען צעבראָכן. אים געמאַכט פאַר אַ קאַליקע, און גאָר!"

בשעת ער איז געוואָרן אַ ביסל בעסער זיינען געקומען עטלעכע חברים זיינע, ענגלישע יונגאַטשעס, אים מבקר חולה זיין. זיי האָבן אים געוווּנטשן אַ רפואה שלמה, אָבער האָבן צוגעגעבן מיט פאַרדרוס, אַז ווען ניט דאָס אומגליק וואָלטן זיי געוווּנען.

„וואָס אייגנטלעך”, זאָג איך, „וואָלט איר געוואונען?”
„וואָס הייסט?” קוקן זיי מיך אָן פאַרוואונדערט — „די גיים” וואָלטן מיר געוואונען”.
„איז וואָס”, זאָג איך, „וואָלט שוין געווען, אַז איר וואָלט געוואונען די „גיים” — משיח וואָלט געקומען, אָדער וואָס?”
האָבן זיי זיך איבערגעקוקט און געשמייכלט. און איינער, אַ לעבעדיקער חברה־מאַן, שטעקט אַריין די הענט אין די קעשענעס און דערלאַנגט אַ לאַנגן און הילכיקן פייף...
היינט זאָגט איר: צרות פון קינדער...

.2

# די טאָכטער

דאָס קום איך איצט פון אַ באַזוך ביי מיין טאָכטער. זי האָט חתונה געהאַט פאַריקן חודש און וווינט אין פּרעטאָריע. זי האָט זיך איינגעאָרדנט, קיין עין הרע, ווי ביי לייטן: אַ שיינע הויז, מאָדערנע מעבל, גלאָז און זילבערוואַרג, טאַפּעטן. זיינען מיר, איך און מיין יידענע, גליקלעך און צופרידן, וואָרעם מיר האָבן געהאַט אַ סך אויסצושטיין פון איר ביז מיר האָבן דערלעבט זי זען אונטער דער חופּה. ניט מחמת זי איז, חס ושלום, אַ שלעכטע. אדרבא — זי איז אַ שטיק דימענט. נישטמער, זי איז אַ קאַפּריזנע — געווען אַזוי פון קינדוייז אָן, האָט שטענדיק געוואָלט שפּרינגען העכער פון איר קאָפּ. שלאָגט זי זיך אַריין עפּעס אין קאָפּ וועט איר דאָס שוין ניט קאָנען אַרויסבאַקומען צוריק.
אַט, צום ביישפּיל, האָט זי זיך איינגעשפּאַרט: אַ לערער! ניט אַנדערש אַ פּיאַנאָ־„טיטשער” וויל זי זיין. האָבן מיר מיט איר געטענהט: „ביסט שוואַך, ביסט מאָגער — הויט און ביינער — וואָס זוכסטו? זיץ אויף אָן אָרט און נעם אַרויף אויף זיך אַ ביסן פליישֿ”. ס'האָט ניט געהאָלפן. קוים דערלעבט זי זאָל ענדיקן. פון צופיל לערנען איז זי געוואָרן נאָך מאָגערער, דאַר, ווי אַ כאָרט. האָבן מיר געוואָלט זי זאָל פאָרן ביים ים — וועט זי קומען אַביסל צו זיך. אָבער מיין טאָכטער האָט אפילו ניט געוואָלט הערן דערפון. זי איז ניט מיד, האָט זי געטענהט. זי וויל תיכף אָנהייבן פאַרדינען. איז זי געזעסן און געפּייניקט אָן אָרעמען שילד־שרייבער. זי האָט ניט געקאָנט באַשליסן ווי גרויס דער שילד דאַרף זיין, און די אותיות: פיר קאַנטיקע, אייך פאַרביקע, אָדער צוגעצופּטע און פון דריי און פיר פאַרבן; און ווידער: וועלכע אותיות דאַרפן זיין גרעסער: איר נאָמען אָדער די ווערטער: „פּיאַנאָ טיטשער”. ס'איז געווען, זאָג איך אייך, אַ צער בעלי חיים אָנצוקוקן דעם אָרעמען בחור. וואָרעם וואָס ער האָט געזאָגט און וועלכע פאַרשלאָגן ער האָט געמאַכט האָט זי עס פאַרוואָרפן און טאַקע באַלד אַליין פאַרגעלייגט דאָס אייגענע, נאָר מיט אַנדערע ווערטער. האָב איך זיך אַריינגעמישט.
„וואָלט ניט זיין אַ סבראַ”, זאָג איך, „מען זאָל דורכגיין אַ פּאָר גאַסן און

זען, ווי עס האָבן זיך נוהג געווען אנדערע. פאראן״, זאָג איך, „געגוג פיאנאָ־„טיטשערס״ אין שטאָט.

דער שילד־שרייבער האָט זיך אָנגעכאפּט אָן דעם, ווי אָן א רעטונגס־שיפל, און מען האָט זיך אוועקגעלאָזן איבערן שטאָט.

ווען זי האָט שוין געהאט עטלעכע תלמידים זאָגט זי מיר איין טאָג:

„טאַטע, מען מוז א ביסל איבערווייסן דאָס הויז, אינעווייניק און אויס־ווייניק. עס קומען אהערצו לייטישע קינדער, דארף דאָס הויז אויסזען לייטיש״.

„טאָכטער״, זאָג איך, „וואס רעדסטו? עס איז א קנאַפּער יאָר זינט מען האָט עס איבערגעווייסט. חוצדעם...״

פארשטייט זיך, אז מען האָט דאָס הויז געקאַלכט, געפאַרבן, געוואשן און געשייערט. די ווענט פון יעדער צימער האָבן געמוזט טראָגן א באזונדער פארב: גרא, בלאָ, ראָז, גרינלעך און געלבלעך. אָט אזוי איז מאָדע, האָט זי גע־זאגט. און אנטקעגן דער מאָדע קאָנט איר ניט זיין קיין חכם, בפרט ווען איר האָט אזא גראָטן טאָכטער, ווי מיינע.

איין טאָג, קומענדיק פון דער ארבעט, האָב איך געפונען אן איבערקערע-ניש אין הויז: א העלפט פון די מעבל האָט זיך געפונען אויף דער פאָדערשטער וועראנדע, א העלפט — אויף דער הינטערשטער; שטולן אויף טישן, זייגערס אויף דער פאָדלאָגע, שפיגלען אין קיך. די ווייב, די טאָכטער, מיט דער דינסט, און א פּאָר געדונגענע שווארצע ארבעטער, — אלע פארשוויצט, פארסאָפּעט, אָן אָטעם.

„גאָט מייַנער!״ זאָג איך, „וואס האָט פּאסירט? א פּאָגראָם, חס ושלום?״

„אָט, מער ווי א פּאָגראָם פעלט אים ניט!״ פרייכט מיין טאָכטער. „דו העלף בעסער איבערשטעלן די מעבל, עס זאל אויסזען לייטישער. מעבל״, זאָגט זי, „דארף שטיין מיט א סדר, מיט א טעם און א געשמאַק. לייג צו א האנט, מיר זיינען שוין מיד״.

האָב איך אויסגעבטלט אלע בייזע חלומות צו מיינע שונאימס קעפּ און האָב געלאַכט. מיין טאָכטער איז געווארן אין כעס און געדראָט, אויב איך העלף זיי ניט צוזאמענשטעלן די מעבל לאָזט זי עס דאָ איבער, אָט אזוי אָ״.

האָבן מיר אלע געארבעט ביז א שטיק אין דער נאכט. ווען אלצדינג איז שוין געשטאַנען אויף אן אָרט האָב איך מיין אייגן הויז ניט דערקאָנט: ווו ס׳איז פריער געווען דער טיש איז איצט געשטאנען די פּיאנאָ, און ווו די פּיאנאָ — א שפּיגל. א קאַפּויערדיקע וועלט!

דערנאָך, שפּעטער מיט א פּאָר וואכן, האָט זי זיך גענומען צו אונדזער הילוך.

„היינט״, זאָגט זי מיר, טראָגט מען ניט אזעלכע ברייטע הויזן און לאנגע רעק: געשטרייפטע און געפינטלטע איז ניט מאָדע״.

„נו״, זאָג איך, „זאָל איך נעמען אלע מיינע בגדים און ארויסווארפן. אגב, זאָג איך, „בין איך דאָך שוין ניט קיין יינגל. מיינע בגדים זיינען צוגעפּאסט פאר אן עלטערן מענטשן״.

„ארויסווארפן״, זאגט זי, „דארף מען ניט, מען דארף עס נאָר לאָזן אי־

בערפארבן, און עטוואס פארשמעלערן און פארקירצן. ס'קומען אהערצו לייטי־שע קינדער״, זאגט זי, „דארפן מיר זיך פירן, ווי ביי לייטן״.

איז ווער, מיינט איר, האָט אויסגעפירט? זי! ווען איך האָב מיר ארייגגע־שפארט אין די „נייע״ קליידער און געכאפט א קוק אויף זיך אין שפיגל האָב איך זיך ניט דערקאָנט: א קאָמעדיאנט! אין די שמאָלע און קורצע הויזן האָבן מיינע פיס אויסגעוויזן, ווי צוויי דינע, לאנגע שטאַנגען. אָבער ווען איך האָב דערזען מיין ווייב בין איך שיעור ניט געפאלן אין חלשות. איך בין ניט געווען זיכער אויב דאָס איז טאקע מיין ווייב. עפעס איז זי מיטאמאָל געווארן קירצער און גרעבער. און איר אָנטועכטס: א קורצע, שמאָלע קליידל, מיט ברוינע „שועס״ און ווייסע זאקן, מיט א יאקל, וואָס שפארט ארויס דעם אָטעם. קויים, וואָס זי האָט געקאנט שטעלן א פוס, ווי געפענטעט.

„וואס איז דאס פאר אן אומגליק!״ האָב איך געשריען, רייסנדיק דעם ענגען קאָלנער מיט דעם קורצן רעקל פון זיך. „זיינען מיר פאיאצן, אָדער וואס?״

„זע נאָר זע, ווי דאָס האָט זיך צעשריען״, דישעט מיין ווייב. „וואס שרייסטו וואס, דו אלטער נארז טאָמער האָט מען איינמאָל אין לעבן זיך אָנגע־טאָן, ווי ביי לייטן, שרייט ער״.

און מיין טאָכטער איז געשטאַנען, די הענט פארלייגט, און געלאכט.

איצט וועט זי קאָנען באלעבאטעווען ביי זיך אין הויז וויפיל איר גוטע הארץ וועט זי דערלויבן. דער מאן אירער מישט זיך ניט אין הויז זאכן. זאלן זיי נאָר האָבן אזא מזל, וואָס פאר א הויז זי וועט איינשטעלן.

1931

# דער שדכן

## א

איר מיינט דאָך אוודאי, אַז ס׳איז גרינג צו זיין אַ שדכן. איר מאָלט אייך מסתמא אויס, אַז מען קומט אריין צום בחור און מען זאָגט אים: דאָרטן און דאָרטן איז פאַראַן אַ מיידל — שיין, קלוג, געראָטן — געפעלט זי אייך? זאָגט ער: יאָ; לויפט איר דערנאָך אריבער צו דער מיידל און דערציילט זי, אַז דער בחור איז מסכים — זאָגט זי אויך יאָ! אויב איר קלערט אַזוי, האָט איר במחילה אַ גרויסן טעות. איר ווייסט פשוט ניט, ניט דעם אָנהייב און ניט דעם סוף דערפון.

ס׳קאָן זיין, אַז איך האָב אין אָנהייב אויך געמיינט אַזוי. ווען איך וויס דעם אמת וואָלט איך גאָרניט אָנגעהייבן. וואָרום וואָס? ס׳איז דען מיין פּרנסה? אַז האַנדלען האַנדל איך גאָר, ווי איר זעט, מיט מזוזות, מיט ציצית, מיט לוחות און מיט ביכלעך; פּסח פאַרקויף איך מצות מיט הגדה׳ס, ראש־השנה — סליחות און מחזורים; און סוכות — אתרוגים מיט לולבים. איך שלאָג מיר אויס מיין חיונה. עס בלייבט מיר נאָך אַמאָל אַן איבעריקער פונט צו שיקן אַהיים.

מאָלט אייך, אַז קיין מיליאָנען קען מען פון מיינע געשעפטן ניט שפּאָרן. האָב איך אָפט געטראַכט: ווען גאָט שיקט מיר צו אַ שטיקל זייטיקע פּרנסה וואָלט זיין גאָר גוט. אָבער ווערן אַ שדכן — אַזוינס האָט זיך מיר אפילו ניט געחלומט. אָבער, אַז ס׳איז באַשערט צרות און פאַרדרוס קומט עס ניט געבעטענערהייט, אט ווי איר וועט הערן:

אַרומגייענדיק איבער דער לענג און ברייט פון שטאָט טרעף איך זיך דאָך מיט כלערליי מענטשן — און מיט ווייבער און מיידלעך אויך — און קום אַריין אין אַלע יידישע הייזער. ס׳האָט שוין אַפילו געטראָפן, אַז איך האָב געמאַכט אַ טעות. ס׳הייסט: איך האָב ניט געמאַכט קיין טעות, כ׳האָב געוווּסט. אַז אין יענער הויז וווינען יידן, אָבער איך האָב ניט געוווּסט, אַז זיי האָבן זיך אַרויסגעצויגן פון דאָרטן. האָב איך אָנגעקלונגען. די פרוי, וואָס האָט געעפנט די טיר איז מיר, אמת, פאַרגעקומען אומבאַקאַנט. האָב איך געמיינט: געקומען אַ מאַמע צו גאַסט. האָב איך איר אָנגעבאָטן מיין סחורה. אפּנים זי האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס איך וויל פון איר האָבן. האָב איך איר געוויזן אַ בינטל ציצית. זאָגט זי, זי דאַרף ניט קיין „קאַטן" — און פאַרהאַקט די טיר מיר אין פּנים. שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז איצט וווינען דאָרטן קריסטן, און קאַטאָליקן דערצו.

נאָר גארנישט — א טעות איז א טעות. וועלכער מענטש מאכט עס ניט כאָטש איינמאָל אין לעבן א טעות?

קום איך ארײן א זונטאָג פרימאָרגן צו א בחור אין צימער און באָט אים אָן, ווי כ׳האָב אײך אָנגעבאָטן — ציצית, מזוזות, א לוח. קוקט ער מיר אָן און זאגט: „קיין לוח און קיין ציצית דארף איך ניט אָבער א מזוזה האָב איך יאָ נייטיק״.

נעם איך ארויס פון קעשענע א מזוזה און גיב אים. מאכט ער: „ניין, די דאזיקער מזוזה געפעלט מיר ניט — כ׳וויל אַן אנדער סארט מזוזה״.

„ס׳הייסט״, זאג איך, „אַן אנדער סארט? — ס׳דען פאראן צווייערליי מזוזות? מיר דוכט״, זאג איך, „אז איר מאכט א טעות״.

„פארלאָזט זיך אויף מיר״, זאָגט ער, און לאכט. איך מאך ניט קיין טעות. איך מיין״, זאגט ער, „א לעבעדיקע מזוזה, פון דעם מין, וואס מען קושט אין די באקן״.

זע איך דאך שוין, אז ער איז א גראָבער יונג און איז נאָר אויסן צו לצוועץ, זאָג איך א גוטן טאָג און גיי. מאכט ער: „פעטער, וואס לויפט איר?״

„איך לויף ניט״, זאָג איך, „איך גיי״.

„זעצט זיך״, זאָגט ער, און רוקט מיר אונטער א שטול. כ׳וויל ריידן מיט אייך ערנסטע דיבורים״.

כ׳בין געווען טשיקאווע צו הערן די ערנסטע דיבורים זיינע — האָב איך מיר געזעצט.

„איר גייט דאָך ארום״, זאגט ער, „איבער גאנץ שטאָט, און איר טרעפט זיך דאָך מיט א סך מענטשן — ניין?״

„אוודאי״, זאָג איך. דערומעך איז וואס?״

„און איר קאנט געוויס״, זאגט ער, „א סך מיידלעך?״

„אוודאי קען איך זיי״, זאָג איך, „דעריבער?״

„דעריבער״, זאגט ער, רעדט מיר א שידוך״.

געוועלט האָב איך אויסבטלן אלע בייזע חלומות צו זיין קאפ: ער האָט שוין קיין אנדערן ניט געפונען פון וועמען צו לאכן. אָבער כ׳האָב געזען, אז דער מענטש רעדט ערנסט, מיט הארץ, האָב איך געשוויגן.

„וואָס שווייגט איר?״ מאכט ער, „איך מיין עס גאנץ ערנסט. איך קען זייער ווייניק מיידלעך — כ׳בין א ביסל א שעמעוודיקער — און חתונה האָבן״, זאָגט ער, „וויל איך, און קאן. ס׳הייסט״, זאגט ער, „איך האָב די מטבעה, און דאס״, זאָגט ער, „איז דאך אלץ, וואס א מיידל פאָדערט. טאָמער״, זאָגט ער, „בין איך א טאָג עלטער אָדער יינגער וועט דאָס געלט מיינס״, זאָגט ער, „שוין אויסגלייכן. אגב״, זאָגט ער, „וועט איר פארדינען דערביי עטלעכע פונט. איך קען דאָך זען״, זאגט ער, „אז צו ראטשילדן קומט איר נאָך ניט. איז וואס זאָגט איר וועגן דעם?״

ס׳איז מיר ארויף אויפן געדאנק, אז אפשר קאן עס ווערן מיין צווייטע שטיקל פרנסה. גאָט האָט עס מיר אונטערגעשיקט. איז טאַקע פארוואס ניט?

רוף איך מיר אָן: „מיידלעך קאָן איך דווקא א סך; איך דארף נאָר וויסן, וואס פאר א גאַטונג מיידל איר זוכט?"

„וואָס מאכט עס אויס? זאגט ער. „א מיידל איז א מיידל. אלע מיידלעך זייַנען פון איין שטיק געשניטן: א ביסל שענער, א ביסל מיאוסער, א ביסל יינגער, א ביסל עלטער. דער עיקר", זאגט ער, „איז, זי זאָל זיין א באַלעבאָסטע: זי דארף קאָנען קאָכן און באקן, שטריקן און פארריכטן, אכטונג געבן ס'זאל ניט גיין אין ניוועץ — דאָס גאַר!"

דאָ האָט זיך אָנגעהייבן מיין ארבעט. ערשטנס, ווו נעמט מען די ריכטיקע מיידל. ניט אלע מיידלעך זיינען אים געפעלן און ניט אלע האָבן אים געוואלט. צווייטנס, ווען ס'האָט זיך שוין אָפּגעזוכט די ריכטיקע מיידל און ביידע צדדים האָבן איינגעווילִיקט האָט זיך אָנגעהייבן אַן עסק פון דאַסניי: כ'האָב באדארפט ארומלויפן און אויסגעפינען אויב דער בחור איז פארמעגלעך, פון וואנען ער שטאַמט, ווי לאַנג ער איז אין דעם לאַנד, און צו האט ער ניט אָקאָרשט א ווייב מיט קינדער אהיים — אין ליטע צו אין פוילן. איין קלייניקייט! דערצו איז מיר נאָך זיך ארייַנצומישן און אויסצוגלייכן א סכסוך, א ברוגז.

דעם טאג פון דער חופּה האב איך פרייער אפּגעאטעמט: פּטור געווארן פון אַן א שיער פארדרוס און ארומלויפעניש. אָבער כ'האָב געהאט א טעות, אָט ווי איר וועט הערן.

איך האָב אָפּגענומען מיינע כשר און שווער פארדינטע עטלעכע פונט און — זייט געזונט! מער האָב איך די יונגע פּאָר ניט געזען פאר א לאנגער צייט. וואָרום וואס פאר געשעפטן האָב איך מיט זיי? אז מיינע סחורה דארפן זיי ניט, ברידער און שוועסטער צו פארשדכענען האָבן זיי ניט — האָב איך זיי ניט געזען. נאָר איינמאָל, אכט אָדער צען חדשים נאָך דער חתונה, האָב איך באגעגנט דעם יונגן באלעבעסל אין גאַס. נו, ווען איר טרעפט זיך אין גאַס, ווי שטעלט מען זיך דאָס ניט אָפּ זיך נאָכפרעגן? האָב איך מיר אפּגעשטעלט און אים געגעבן שלום עליכם. אָבער ער ענטפערט ניט. ער שטייט מיט די הענט אין די קעשענעס און קוקט מיר אָן, ווי איך וואלט געווען עפּעס אַן אויסטערלישע חיה. מיר האָט עס פארדראָסן: בכן, אז איך בין אַן אָרעמאַן דארפסטו ניט ענטפערן אויף מיין שלום עליכם? איך האָב באמערקט, אז ער איז בלאס, אויסגעצערט, ווי נאָך א לאנגער קראנקייט. האָב איך פארבויגן די באליידיקונג און געפרעגט: „וואס איז עפּעס מיט אייך? איז זיינט, חס ושלום, ניט געזונט?"

„ניט געזונט?" פרעגט ער איבער, און קוקט אויף מיר, ווי אויף א גזלן. „איך וועל אייך געדענקען, זאגט ער, „דעם גאנצן לעבן. איר", זאגט ער, „האָט רויגירט מיין געזונט".

„גאָט איז מיט אייך!" זאג איך. „וואס רעדט איר?"

„איך וויים, וואס איך ריידו!" זאגט ער. „איך בין ניט משוגע. פארוואס", ווערט ער שוין אין כעס, „האָט איר מיר ניט געזאגט, אז די מיידל קאָן ניט קאָכן, אז זי פארשטייט ניט אפילו ווי אָפּצוקאָכן אן איי?"

דעם אמת זאגנדיק האָב איך טאַקע געמיינט, אז ער איז ניט איינגאנצן

ביים זינען דווקא ווייל ער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז ער איז ניט משוגע. איך האָב געזאָגט: „אַנטשולדיקט, אָבער מיר דוכט זיך, אַז איר מאַכט דאָ אַ טעות. וועגן וועלכער מיידל״, זאָג איך, „רעדט איר? און וואָס פאַר אַ שייכות האָט עס מיט מיר״, זאָג איך, „אַז זי קאָן ניט קאָכן? און ווי אַזוי האָב איך רואינירט אייער געזונט? איך הויב עס ניט אָן פאַרשטיין״.

ער איז צוגעקומען אַזוי נאָענט צו מיר, אַז איך האָב געמיינט ער פּאַלט מיר שלאָגן; כ׳האָב זיך, אמת, דערשראָקן. „פאַרוואָס״, זאָגט ער, „האָט איר מיר ניט געזאָגט, אַז מיין ווייב קאָן ניט קאָכן?״

„מיין ליבער פריינט״! זאָג איך, ווי אַזוי האָב איך געקאָנט וויסן? אונדזערע מאַמעס און באָבעס״, זאָג איך, „האָבן אַלע געקאָנט קאָכן, און דווקא גוט, און כ׳ווייס״, זאָג איך, „אַז אַ מיידל דאַרף קאָנען קאָכן. וואָרום ווי קאָן עס אַ מיידל ניט קאָכן? דערומעך״, זאָג איך, „בין איך געוועזן איבערצייגט, אַז אייער ווייב קאָן קאָכן. וואָרום ווי שיקט זיך עס״, זאָג איך, „אַז אַ מיידל זאָל ניט קאָנען קאָכן?״

אָבער ער האָט ניט געוועלט וויסן פון קיין זאַך. „איר האָט מיר געדאַרפט זאָגן״, האָט ער געטענהט, „אַז זי קאָן ניט קאָכן, וואָלט איך ניט חתונה געהאַט מיט איר. איצט״, זאָגט ער, „האָב איך מיר אָנגעשלונגען מיט רויע פלייש, פאַר־ברענטע „סטייקס״ פאַררויכערטע זופּ; כ׳האָב געפּטרט מיין געזונט עסנדיק אין ביליקע רעסטאָראַנען. ס׳ערשט אַ וואָך״, זאָגט ער, „זינט איך בין אַרויס פון האָספּיטאָל און מיין מאָגן איז פאַרדאָרבן אויף אייביק. איך וועל אייך זיין אַ דם שונא ווי לאַנג איך וועל לעבן״.

היינט פרעג איך אייך: איז עס גרינג צו זיין אַ שדכן? און איז עס ניט אַ פאַרדרוס און אַ האַרצווייטאָג ווען אַ מענטש רעדט צו אייך אַזוי?

ב.

איר זיינט עפּעס אַ מבין אויף ווייבער? כ׳מיין: ווייסט איר, וואָס פאַר אַ מין באַשעפענישן דאָס זיינען? כ׳בין זיכער, אַז איר ווייסט ניט. וואָרום איך, אַ חתונה־געהאַטער און אַ סך עלטער פון אייך, ווייס אויך ניט. קיינמאָל זייט איר ניט זיכער מיט זיי, קיינמאָל ווייסט איר ניט ווו איר האַלט מיט זיי אין דער וועלט. דאַכט זיך: אָט זיינען זיי גוט און פריינטלעך און אָט, איידער איר קוקט זיך אַרום, זיינען זיי שוין אין כעס, אויפגערעגט, אַז איין גאָט זאָל שומר ומציל זיין. ס׳העלפן ניט די רייד און די דערקלערונגען; אָט רעדט זי מיט אייך קלאָ־רע דיבורים, וואָס אפילו אַ קינד קאָן עס פאַרשטיין און אין פינף מינוטן אַרום שרייט זי שוין הלמאי איר האָט געטאָן דאָס און דאָס. זאָגט איר דאָך, אַז זי גופא האָט געהייסן טאָן דאָס און דאָס — לייקנט זי שטיין און ביין: זי האָט ניט גערעדט און ניט געזאָגט! אויב זי האָט יאָ עפּעס געזאָגט האָט זי אַנדערש גע־מיינט.

אַנטקעגן וואָס זאָג איך עס? איך זאָג עס אַנטקעגן אַ מיידל, וואָס איך האָב פאַרשדכנט. די דאָזיקע מיידל האָט זיך געהאַט אָנגעזעצט אויף מיר:

„רעדט מיר א שידוך!“ זי איז געווען א שיינע און איך האָב זי אויך געהאַט אין מיין בוך. איך זע, אז איר פארשטייט ניט, וועל איך דאָס אייך דערקלערן.

האָבנדיק באשלאָסן, אז שדכנות בלייבט מיין זייטיקע פרנסה, האָב איך זיך גענומען דערצו מיט א סדר. כ׳האָב זיך באזארגט מיט א בוך, האָב עס נומע־רירט לויט דעם א״ב און האָב דאָרטן אריינגעשריבן אלע מיידלעך און בחורים, אלמנס און אלמנות און געגטע, מיט זייערע נעמען און אדרעסן. אין א טאשנביכל, וואס איך טראָג שטענדיק מיט זיך, האָב איך א רשימה: דער און דער בחור פאר יענער און יענער מיידל, די אלמנה פאר יענעם גרוש, און אזוי כסדר. האָבנדיק באשטימט די פּאָרלעך נעם איך זיך צו דער ארבעט. אמת, ניט אלעמאָל געלינגט עס. נו, אויף דעם איז מען דאָך ניט מער, ווי א מענטש — יעדער מענטש מאכט א טעות.

איז, האָב איך די דאָזיקע מיידל אויך געהאט אין מיין בוך. נאָר כ׳האָב נאָך ניט געהאט פאר איר קיין באשערטן. אָבער זי האָט מיר ניט צורו געלאָזן.

„כ׳קען“, זאָגט זי, „אפולע בחורים, שוין אפשר צופיל, און אלע ווילן מיט מיר חתונה האָבן. „דעריבער“, זאגט זי, „קען איך ניט באשליסן: איין טאָג דוכט מיר דער, דעם צווייטן — יענער. ווען עס מישט זיך אריין“, זאגט זי, „א שפּאָגל נייער, וואָלט איך אפשר חתונה האָבן מיט אים, אויב“, זאגט זי און לאכט, „איר קענט אזא יאָלד — ברייגנט אים צו מיר“.

„זאָג איך: „וואס פאר א גאַטונג בחור דארף ער זיין?“

„אַן איידעלער“, זאגט זי. „דארף קאָנען האלטן א פעדער אין האנט, דארף וויסן ווי ארומצוגיין מיט מענטשן — פון מיין טאַטנס שניט“, זאָגט זי, „מיט א ביסל געלט און מיט א סך שכל צו מאכן מער“.

איז דאָך קלאָרע דיבורים, האַ? וועט איר אָבער הערן.

אז מען דארף דעם גנב נעמט מען אים אראָפּ פון דער תליה. האָט איך געזוכט, גענישטערט, זיך נאָכגעפרעגט, ביז איך האָב געפונען אַן ערך אזא איינעם, ווי זי האָט זיך עס אויסגעמאָלן. שוין געווען ניט קיין יונגער — פולע דרייסיק, אָבער אַן א סאָבנער, מיט געלט, מיט שכל און מיט א מויל צום ריידן — ניט קיין שעמעוודיקער, חס ושלום. נו, איז געווען חתונה. אמת, ניט אזוי גיך, ווי עס רעדט זיך. ס׳זיינען געווען רייד און איבעררייד, אָפּהאלטן און דריידלעך. ס׳האָט שוין אפילו געהאלטן דערביי עס זאל ווערן אויס שידוך. וואָס איז? אן איבעררייד צוליב דער חתונה! זי האָט געפאָדערט א חתונה מיט אלע קליפּערלעך: אין א גרויסן זאַל, מיט מוזיק, מיט בלומען, מיט הונדערטער געסט, און ער, דער חתן הייסט עס, האט ניט געהאלטן דערפון.

„א סברא“, זאגט ער, „אז מען קאן חתונה האָבן און אויסלעבן די יארן גליקלעך און צופרידן ניט פראווענענדיק די דאָזיקע צערעמאָניעס“.

„כ׳הער דאָס איצט“, זאָגט זי און בלאָזט זיך אָן.

„פאר מיר“, זאָגט ער, „איז עס ניט קיין נייעס. איך קאָן אזעלכע, וואס האָבן חתונה געהאט אין שול אָן א מנין מענטשן אפילו, פונדעסטוועגן לעבן זיי זיך גליקלעך און צופרידן: האָבן קינדער און דערציען זיי אויף א שיינעם אופן,

און כ׳קען מענטשן, וואס האָבן געפּראוועט גרויסאַרטיקע חתונות און תיכף אויף מאָרגן האָט זיי געפּעלט ברויט אין הויז״.

„וואָס קימערט עס מיר״, זאגט זי, „וואס אנדערע טוען? איך וויל חתונה האָבן״ זאָגט זי, „ווי א מענטש, ניט ווי א שלעפּערקע, וואס האָט ניט קיין היים און קיין פריינד און איז צופרידן״, זאָגט זי, „אז עס געפינט זיך א בחור, וואס נעמט איר צו״.

„איך ווייס עס״, זאָגט ער, „דעריבער מיין איך, אז ווען מען האָדעוועט זיך אויס אין א פּארמעגלעכע הויז, צווישן גוטע עלטערן און פריינט דארף מען אויך״, זאגט ער, „האָבן שכל״.

מער האָט מען ניט גערארפט. זי האָט זיך איינגעשלאָסן אין איר צימער און האָט דורכגעוויינט א טאָג מיט א נאכט. קוים מיט צרות, מיט מאטערניש, ווען דער בחור האָט זיך געשוואָרן, אז ווען ער האָט געזאגט, אז מען דארף האָבן שכל האָט ער גאָר איר ניט געמיינט, און אז טאַטע־מאמע האָבן פאַר־שפּראָכן צו מאכן א חתונה פון חתונה לאנד — איז געוואָרן שלום, און ס׳איז גע־ווען חתונה — א חתונה אויף אלע ארימעלייט געזאגט געוואָרן.

עטלעכע חדשים שפּעטער בין איך דארטן ווידער געווען. איך האָב גע־דארפט זיך נאָכפרעגן אויף א מיידל, אירע א פריינדין.

„כ׳קען אייך״, זאָגט זי, „קיין זאַך ניט זאגן וועגן איר, ניט ווייל איך ווייס ניט — כ׳קען זי״, זאגט זי, „ווי זיך אליין, און אפשר נאָך בעסער. אָבער איך וויל עס אייך ניט זאגן. ס׳איז גענוג״, זאגט זי, „אז איך האָב זיך געלאָזט איינ־ריידן פון אייך און האָב חתונה געהאט״, זאגט זי, „מיט דעם, וואָס איר האָט אויסגעקליבן פאר מיר. מיין פריינדין״, זאָגט זי, „וועט שוין אויסקומען אָן אייך און וועט נאָך טאָן א בעסערן שידוך״.

זאג איך: „ערשטנס האָב איך אייך ניט געצוואונגען איר זאלט זיך פארלאזן אויף מיינע מבינות: ווען ס׳געפעלט ניט האָט מען ניט חתונה. צווייטנס״, זאָג איך, „האָט איר מיר ניט צורו געלאזן איך זאל געפינען פאר אייך א שפּאָגל ניי־עם בחור. איז אייער מאן דען ניט קיין ווילער מענטש?״

„ערשטנס״, זאגט זי, „האָב איך אייך קיינמאָל ניט געבעטן איר זאלט מיר שאפן שפּאָגל נייע בחורים — וויניק האָב איך זיי געהאט? טאָמער האָב איך עס יאָ געזאגט האָב איך נאָר געשפּאסט. צווייטנס״, זאָגט זי, „האָט איר געבראכט ניט דעם ריכטיקן״.

פויל איך זיך ניט און דערמאָן איר אירע אייגענע ווערטער: „דארף זיין אן אידעלער, דארף קאָנען האַלטן א פּעדער אין האנט, דארף וויסן וויאזוי ארומצוגיין מיט מענטשן, דארף האָבן א ביסל געלט און א סך שכל, צו מאכן מער — פון איר טאטנס שניט.

זאָגט זי: „ס׳הייבט זיך גאָר ניט אָן! אמת, כ׳האָב ניט געוואלט קיין גראבן יונג, און כ׳האָב אויך געזאגט, אז ער דארף קאָנען האלטן א פּעדער אין האנט און וויסן וויאזוי ארומצוגיין מיט מענטשן, אָבער״, זאָגט זי, „איך האָב ניט געוואלט קיין לעכערדיקן זאק, א מענטש, וואָס רעדט און רעדט, שיט און שיט — פארגעסט אויפצוהערן. און אוודאי האָב איך ניט געוואלט קיין שרייבער״.

„וואָס הייסט", זאג איך, „א שרייבער?"

„א שרייבער", זאגט זי, „א מענטש, וואס שרייבט".

איר גופא", זאג איך, „האָט דאָך געזאגט, אז ער דארף קאָנען האלטן א פעדער אין האנט".

„האלטן א פעדער אין האנט", זאגט זי, „מיינט נאָך ניט שרייבן פאר ציי־טונגען".

זאג איך: „שרייבט אייער מאן פאר צייטונגען?"

„ניין", זאגט זי מיט שטאָלץ, „ער שרייבט פאר אייך!"

„טאָ ווו שטעקט דער חסרון?" זאג איך. „אדרבא, ער וועט קריגן א נאָמען און איר וועט אויך האָבן כבוד.

„מוחל, מוחל!" זאגט זי. „כ'וואלט אייך מכבד זיין", זאָגט זי, „צו האָבן צו טאָן דעם גאנצן טאָג מיט א הויז פול מיט טינט און פאפיר, און ביכער און שרייב־פעדערס. קיין זאך", זאגט זי, „קען מען ניט האלטן ריין. איבעראל פא־פיר, ביכער און צייטונגען. אלץ איז פארשמירט מיט טינט: א האנטוך, א ליילעך, א טישטעך — אפילו דער טיש גופא — האָט גרויסע טינט פלעקן. די הענט זיינע זיינען אזוי אָנגעזאפט מיט טינט, אז ס'וואשט זיך שוין ניט אויס. עס איז א בזיון צו זיצן מיט אים ביי א פרעמדן טיש. און אומעטום", זאגט זי, „ווו איר גייט און שטייט געפינט איר אויסגעשריבענע פעדערס. יענעם טאָג", זאגט זי, „האָב איך געפונען עטלעכע אזעלכע פעדערס אין די זופּ. קיין דינסט", זאגט זי, „האלט זיך ניט אויף ביי מיר צוליב דעם: ס'איז צו פיל צו ראמען. רעדט צו אים אָדער צום וואנט! צערייס איך די צייטונגען", זאגט זי, „און פארברען די פאפירן, שרייט ער און בייזערט זיך. איך האָב ניט", זאָגט זי, „קיין טענות צו אייך. וואס זיינט איר שולדיק, אז מיין מאן איז א שלימזל? אָבער איר דארפט דאָך", זאגט זי, „ניט זאגן, אז איך האָב אייך געבעטן אזא איינעם!"

נו, פרעג איך אייך: האָט איר עפּעס א ידיעה, וואָס ווייבער זיינען?..

ג.

פאראן א ווערטל: א שניידער איז א ליגנער. פארשטייט זיך, אז ניט אלע שניידערש זיינען ליגנערס, אָבער דער שניידער, וועגן וועלכן כ'האָב אייך צו דערציילן א גאנצע געשיכטע, איז זיכער א ליגנער, און א מיאוסער ליגנער דערצו.

אַנומלטן, מיט א זעקס־אכט חדשים צוריק, האָב איך באשלאָסן זיך צו נייען אַן אָנצוג. איר ווייסט דאָך: אז מען קומט אריין אין ליטישע הייזער פאָ־דערט זיך צו גיין ליטיש אָנגעטאָן. די קליידער, וואס מען קויפט פארטיקע אין די געשעפטן, היינגען אויף אייך ווי אויף סלופּעס, און זיינען אפט קורץ און שמאָל. האָב איך אויפגעזוכט א ביליקן שניידער. וואָרום וואס? איך דארף דען די מאדע? איך דארף דאך נאר עס זאל ניט הענגען, און יוצא.

מילא, רייד איך מיט דעם שניידער, קלייב אויס די סחורה, דינג זיך און באדינג, און ער נעמט מיר די מאָס. זע איך, אז זיינע הענט זיינען מאָגער, און

זיי טרייסלען זיך. זאג איך: „וואָס איז די מעשה, אז אייערע הענט טרייסלען זיך און זיינען אזוי אויסגעצערט? אפנים איר ארבעט צו שווער".

זיפצט ער. „מיין ליבער פריינט", זאגט ער, „ארבעט האָט נאָך קיינעם ניט געהרגעט. הלוואי", זאגט ער, „האָב איך נאָר אזויפיל ארבעט. אָבער דאס לעבן", זאגט ער, „דאָס לעבן פטרט מיר אוועק".

„וואס הייסט זאג איך, „דאָס לעבן פטרט אייך אוועק?"

„דאָס לעבן", זאגט ער, „אָן ריכטיקע אויפפאסונג, אָן א באלעבאָסטע, וואס זאל זארגן", זאגט ער, אז אלצדינג זאל זיין אין דער צייט און אין דער מאָס".

זאג איך: „איז אייער ווייב, חס ושלום, געשטאָרבן?"

„יא", זיפצט ער, „געשטאָרבן".

„נו", זאג איך, „האָט איר דאָך מסתמא קינדער, וואס גיבן אכטונג אויף אייך?"

„אינגאנצן", זאגט ער, „האָב איך צוויי מיידלעך זיינען זיי ביי מיינע א שוועסטער אין נאַטאַל".

„שוין לאנג, אז אייער פרוי איז געשטאָרבן?" וויל איך וויסן.

„שוין אכצן חדשים", זאָגט ער. און ער הויבט אָן אויסלויבן פאר מיר זיין טויטע ווייב, ווי שיין און ווי קלוג זי איז געווען, וואס פאר א בריה, און דערציילט מיר פון וואָס פאר א קראנקייט זי איז געשטאָרבן.

„נו", זאג איך, „טראכט איר גאָרניט וועגן חתונה האָבן א צווייטן מאָל?"

„מיין ליבער פריינט", זאגט ער, „ס'איז שווער צו געפינען נאָך איינע איר גלייכן. ווען ס'מאכט זיך מיר פונקט אזא איינע, ווי זי איז געווען, גיי איך חתונה האָבן מאָרגן".

„נו", זאג איך, „איר פארלאנגט שוין צופיל. צוויי מענטשן מיט פונקט די זעלבע מעלות איז א יקר־המציאות — ס'הייסט", זאג איך, „א זעלטנהייט. אפילו א צווילינג". זאג איך, „האָבן ניט די זעלבע מעלות און חסרונות. חוץ־דעם", זאג איך, „פונקט ווי איר האָט ניט געוווסט פאר דער חתונה די מעלות פון אייער ערשטע פרוי, אזוי קאנט איר ניט וויסן אויב די צווייטע וועט ניט זיין אזא גוטע פרוי, ווי די ערשטע. און אפשר", זאג איך, „נאָך א קאפעטשקע בעסער".

„בעסער קאָן גארניט זיין!" זאגט ער.

„שוין זשע", זאג איך, „זיינען אלע מיידלעך שלעכט?"

זאגט ער: „מיין ליבער פריינט, אויב אפילו איך וועל גיין חתונה האָבן וועט עס ניט זיין מיט א מיידל. איך בין שוין", זאָגט ער, „ניט קיין יינגל, און איך בין ניט רייך. מיידלעך", זאָגט ער, „זוכן נאָר געלט. דער בחור איז פאר זיי א נעבן זאך — ער מעג זיין אפילו אלט און קראנק. אָבער איך", זאגט ער, „דארף האָבן א פרוי מיט שכל און דערפארונג אין לעבן, א פרוי", זאגט ער, „וואָס זאל פארשטיין דעם ווערט פון א הויזווירטשאפט און זאל קאנען זיין", זאָגט ער, „א מאמע צו מיינטע יתומים".

„נו", זאג איך, „וואס איז וועגן אן אלמנה, צו א גרושה?"

זאגט ער: „ערשטנס, ווו געפינט מען זיי? צווייטנס, וויל איך ניט קיין גרו־

שה. אויב זי האָט ניט געטויגט פאר יענעם וועט זי פאר מיר אויך ניט טויגן".
„אפשר", זאג איך, „האָט ער ניט געטויגט פאר איר?"
„אזוי צו אזוי", זאָגט ער, „איז זי א מרשעת".
וואלט איך געטראפן דעם שניידער מיט א חודש פריער וואלט איך געהאט אן אלמנה פאר אים: כ'האב איינע פארשדכנט מיט א פאר וואכן צוריק. א גרושה האב איך יא געהאט אין מיין ביכל, אבער, אז יענער שפייט מיט פייער איז דאך ניט שייך. נאכדעם האב איך זיך בארעכנט: פארוואס אוועקלאזן א פארדינסטל פון עטלעכע פונט? איך וועל איםריידן דעם שידוך מיט דער געגעטער ווייבל—פאר אים וועט זי זיין אן אלמנה. מען דארף נאר פועלן זי זאל מרוצה ווערן. איך האב זיך געזען מיט דער ווייבל.
איך זאל אייך אָנהייבן דערציילן דעם גאנצן שמועס מיט איר ביז זי איז מרוצה געווארן וועט נעמען צו לאנג. כ'קען אייך נאָר זאגן, אז אין אָנהייב האָט זי זיך גאָרניט געלאָזט ריידן. „איך האָב באשלאָסן מער ניט חתונה צו האָבן", האָט זי געזאגט, „און דרייט מיר ניט דעם קאָפּ".
אָבער כ'האָב איר יאָ געדרייט דעם קאָפּ ביז זי האָט זיך מודה געווען, אז זי וויל נאָר זיין פארזיכטיק מיט וועמען זי פארבינדט זיך.
„זייט רויק", האָב איך איר פארזיכערט. „כ'וועל אייך ניט ריידן קיין שידוך מיט א גאסניונג. דאָס איינציקע, „זאָג איך, „וואס איך פארלאנג פון אייך איז, אז איר זאלט ווערן אן אלמנה".
„ווי קען איך ווערן", זאגט זי, „אן אלמנה, אז איך בין א געגטע און מיין געוועזענער מאן", זאגט זי, „וויל ניט שטארבן". און זי לאכט.
דערצייל איך איר, אז ס'איז פאראן אן אלמן מיט צוויי קינדער, וואס זוכט דווקא אן אלמנה. „דעריבער", זאג איך, „דארפט איר זיין אן אלמנה — פאר אים".
„און וואס וועט זיין", וויל זי וויסן, „ווען ער וועט אויסגעפינען, אז מיר האָבן אים גענארט?"
„ס'איז ניט קיין געהאר", זאָג איך. „פאר דער חתונה וועט ער זיכער ניט דערגיין דעם אמת און נאָך דער חתונה", זאג איך, „איז פארפאלן! חתונה געהאַט איז חתונה געהאָט. בפרט", זאָג איך, „אז איר וועט דאָך געוויס זיין א גוטע באלעבאָסטע — און דאס איז גאר, וואס ער פארלאנגט — וועט עס רעכט ווערן".
בקיצור, זי האָט מסכים געווען, און איך בין אוועק צום שניידער. „ווען איר וואלט וויסן", זאג איך אים, „וואס איך האָב אויפגעטאָן פאר אייך וואלט איר מיר מאכן אן אנצוג — אומזיסט".
„דהיינו?" זאָגט ער
„כ'האָב געפונען אן אלמנה פאר אייך".
„ווער איז זי דאָס?" וויל ער וויסן.
„דאָס", זאג איך, „וועט איר וויסן שפעטער. איר האָב איך אויך ניט געזאגט ווער און וואס איר זיינט. ווען איר'ט מרוצה ווערן זיך צו טרעפן וועל איך אייך באקאָנען".

דעם טאָג, ווען זיי האָבן געדארפט זיך טרעפן און איך בין געקומען פירן דעם שניידער צו דער ווייבל, האָב איך אים קוים דערקאָנט: ער איז געווען אָנגעטאָן אין א פראק און צילינדער, מיט א ווייסע וועסט און שניפס, מיט גרויסע, שווערע רינגען אויף כמעט אלע צען פינגער און מיט א משונה גראָבע גאלדן־קייט אויף דער ברוסט.

„פארוואס", זאָג איך, „האָט איר זיך אזוי אויסגעיומטובט — איר גייט דאָך נאָך ניט צו דער חופה".

„און אז מען גייט ניט צו דער חופה", מאכט ער, „דארף מען זיך ניט אָנטאָן?"

איך האָב אים אונטערגעאיילט און מיר זיינען אוועק.

די דינסט, וואס האָט געעפנט די טיר, האָט אונדז געבעטן אריינגיין און זיך זעצן. „די מיסיס'א האָט זי געזאגט, „וועט באלד קומען". מיר האָבן געווארט א צען מינוטן. ווען זי איז סוף־כל־סוף אריינגעקומען איז זי געבליבן שטיין אין טיר, ווי פאראליזירט. אין איר פנים האָבן זיך געביטן אלערליי פארבן. אויך דער שניידער, אזוי גיך ווי ער האָט זי דערזען, איז געוואָרן ווייס, ווי שניי, האָט זיך האסטיק אויפגעהויבן און איז ארויסגעלאָפן, אומווארפנדיק א טישל אויף וועלכן ס'איז געשטאַנען א וואזע מיט בלומען.

ניט פארשטייענדיק, וואָס דאָ קומט פאָר און זעענדיק, אז די ווייבל איז אריין צוריק אין איר צימער, פארהאקנדיק די טיר הינטער זיך, בין איך אויך ארויס. כ'האָב געמיינט, אז דער שניידער ווארט אויף מיר אין דרויסן. אָבער ער איז שוין געווען א האלבע גאס ווייט פון הויז. ער איז געלאָפן, ווי א ראָטע סאלדאטן וואלטן אים געיאגט.

בין איך אוועק צו אים אהיים. מיר דערזען האָט ער געשריען: „ארויס! ארויס! אָט באלד שפאלט איך דעם נארישן קאָפּ אייערן!"

איך האָב געטראכט: פון אזא איינעם קאָנט איר עס דערווארטן, און כ'האָב מיר געשראקן. אָבער איך מוז דאָך דערגיין, וואָס דאָ טוט זיך.

„וואָס", זאג איך, „האָט פאסירט?"

„פאסירט!" איז ער מיטאמאָל געוואָרן הייזעריק — אפנים ער האָט זיך צוגעקילט לויפנדיק. „פאסירט!" חזרט ער איבער און רוקט זיך אויף מיר מיט געבײלטע פויסטן, „האָב איך אייך ניט געזאגט, אז איך וויל ניט קיין גרושה?"

„נו", זאָג איך, „האָב איך דאָך געפונען פאר אייך אַן אלמנה".

„ס'איז ליגן!" שרייט ער. ווי אזוי האט איר די חוצפה מיר צו זאגן, אז זי איז אַן אלמנה, אז ס'ערשט א יאָר זינט כ'האָב זי געגעט".

„טאָ פארוואָס", זאָג איך, „האָט איר מיר געזאָגט, אז אייער ווייב איז געשטאָרבן?"

„ארויס! ארויס פון דאנען!" האָט ער געשריען; און ער האָט מיר פשוט ארויסגעוואָרפן.

אז מען זאגט: א שניידער איז א ליגנער — און נאָך וואס פאר א ליגנער.

3

ווען שלמה המלך האָט געזאגט: פאראן א צייט צו וויינען און א צייט צו לאכן, איז ער געווען גערעכט און ער האָט געוווסט, וואס ער רעדט. ווי איר ווייסט בין איך ניט קיין גביר, דער קאָפּ איז ביי מיר שטענדיק פארדרייט, פונ־דעסטוועגן האָב איך ליב אַ שפּאס צו טאָן און צו זאגן א וויץ. אָבער חוזקן גלאָט אין דער וועלט ארייך — דאָס, זעט איר, ווייס איך שוין ניט ווי דאָס אָנצורופן.

אנומלטן טרעף איך מיינעם א פארשדכנטן יונגענמאן. פרעגט ער מיר: „וואס מאכט מען? ווי גייטס?״

„וואס״, זאג איך, „זאל מען מאכן — מען מאכט ניט, און גיין״, זאג איך, „גייט עס אויך ניט, טאַקע דערפאר ווייל מען מאכט ניט״.

„וואָסי״, זאָגט ער, „שוין אפּגעגעבן שדכנות?״

„ניין״, זאג איך, „דאָס ניט, נישטמער די בחורים מיט די מיידלעך האָבן זיך צוזאמענגערעדט און האָבן חתונה״, זאג איך, „אָן א שדכן״.

„איר״, זאגט ער, „זיינט א שטיקל שלימזל — איר טרעפט אלץ אָן אויף יענע, וואס האָבן חתונה אָן א שדכן. ווען איר וואלט אָבער אויסזוכן״, זאגט ער, „די שטילע, די שעמעוודיקע, וואס ווייסן ניט ווו א טיר צו עפענען אָן א שדכן, וואלט איר״, זאָגט ער, „שארן גאלד״.

„אדרבא״, זאג איך, „זאגט מיר ווו מען קען זיי געפינען״.

„נו״, זאָגט ער און שמייכלט, „זעענדיק, אז איר האָט געקראָגן פאר מיר אזא גוטע ווייב, כאָטש״, זאגט ער, „זי האָט געקאָנט זיין א קאפּעטשקע בעסער — וועל איך אייך זאגן ווו איר קאָנט פארדינען״, זאגט ער, „א פּאָר פונט״. און ער זאגט מיר, אז דאָרטן און דאָרטן איז פאראן א בחור, וועלכער איז, אמת, שוין ניט קיין יונגער, אבער איז רייך, שעמעוודיק, און וויל חתונה האבן. ווען עמיצער וואָלט אים אונטערשטופּן, אים באקאנען מיט א מיידל וואלט ער חתונה האָבן. ער דארף אַ שדכן. „קומט אריבער״, זאגט ער, „זונטאָג פרי — דער איינציקער פרייער טאָג, וואס ער האָט, איך וועל דאָרטן אויך זיין״.

פארשטייט זיך, אז איך בין געקומען צו דער מינוט. דער בחור גופא האָט געעפנט די טיר. „וואָס״ זאגט ער, „קאָן איך טאָן פאר אייך?״

„איר פאר מיר״ זאג איך, „קאָנט היינט גארנישט ניט טאָן אָבער איך פאר אייך קאָן טאָן זייער פיל: איך״, זאג איך, „בין דער שדכן, וואס דער און דער האָט מיר געשיקט״.

„אָ, יע!״ זאגט ער, און שמייכלט, „קומט אריין — דער פריינט איז דאָ אויך פאראן״.

ער האָט מיר ארייגגענומען אין א שיין מעבלירטן צימער — רייך, זויבער, מיט בילדער אויף די ווענט, מיט טעפּיכער אויף די דילן, גארניט, ווי ביי א בחור.

„איר האלט ווארט״, זאגט זייך פריינט.

„א שדכן“, זאג איך, „דארף זיין א ווארטסמאן, אנדערש איז ער ניט קיין שדכן“. איך האָב אונטערדעסן געכאפּט א קוק אויפן בחור: נידעריק, אָבער פעסט געבויט, בלאָנד, אפשר א פערציקער, אָבער קיין בייז ניט — ער קאָן נאָך געפינען חן אין א מיידלס אויגן.

„עפּעס וואונדערט אייך דאָ“, זאָגט דער בחור, „וואָס קאָן דאָס זיין?“

„מיר וואונדערט“, זאג איך, אז א בחור זאָל זיך לעבן, ווי א פאמיליע־מאן: א שיינער צימער, מעבל, בילדער“.

„וואס דען“, וויל ער וויסן, „זאָל איך טאָן מיט מיין געלט?“

„אָט דאָס“, זאג איך, איז דאָך מיין טענה: פארוואס האָט איר ניט חתונה? וואס פאר הנאה האָט איר“, זאג איך, פון אייער געלט און לעבן?“

זיין פריינט האָט געלאכט. דער בחור האָט געזאגט: „ווען איך וואלט קיין הנאה ניט געהאט דערפון וואלט איך אויפגעהערט מאכן געלט און אויפגע־הערט לעבן“.

„נו“, זאג איך, „ווער וויל דאָס ניט לעבן און מאכן געלט? אָבער, אז ס׳איז ניטאָ מיט וועמען זיך צו טיילן די שמחה פון מאכן געלט איז די שמחה ניט פארפול. א מענטש דארף ניט לעבן אליין. אין חומש“, זאג איך, „שטייט אויך אזוי געשריבן. איך נעם אַ נאַפּרימער פון זיך: איך בין אן ארעמאן — אלעמאָל געווען — פונדעסטוועגן“, זאָג איך, „האָב איך אָנגעהויבן פילן, אז איך לעב, ערשט נאָך דער חתונה“

„ס׳קאָן זיין“, זאגט ער, „אז איר זיינט גערעכט“.

„ניט: ס׳קאָן זיין“. זאג איך. ס׳איז באשטימט אזוי. אָט זיצט“, זאג איך, „א פארהייראט מענטש — פרעגט אים וועט איר הערן“.

„אָבער איך וויל ניט חתונה האָבן“, זאגט ער.

„ווי וויל דאָס א מענטש ניט חתונה האָבן“, זאג איך. „קאָנט איר זיך“ פרעג איך אים, „מיט א סך מיידלעך?“

„וואס“, זאגט ער און לאכט, „האָט עס צו טאָן מיט מיידלעך?“

„מיט וועמען דען“, זאג איך, האָט עס צו טאָן — „מיט אלטע ווייבער? ווען איר קאָנט זיך מיט מיידלעך“, זאג איך, וואָלט איר שוין געטראפן איינע, וואס וואלט אייך געפעלן“.

„פארוואס“, מאכט ער, „וואלט זי מיר געפעלן?“

„דאָס“, זאג איך, „וואָלט איר שוין אויסגעפונען אליין. פאלגט מיך — לאָמיך אייךריידן א שידוך“.

„כ׳בין שוין“, זאגט ער, „צו אלט; מיידלעך ווילן דווקא יונגע בחורים“.

„זעט איר שוין“, זאג איך, „אז איר קאָנט ניט די מיידלעך. ס׳איז פונקט פארקערט: מיידלעך זוכן געלט, און ס׳קימערט זיי ניט אויב דער בחור האָט מער יארן ווי געלט. ווי אלט איר זאָלט ניט זיין וועט זיך נאָך אלץ געפינען א מיידל, וואס וועט זיין מרוצה חתונה צו האָבן מיט אייך“.

„מיט מיין געלט“, זאגט ער.

„מיין ליבער פריינט“, זאָג איך, „דאַרף זי אייך זאָגן איר זאָלט דאָס געלט אוועקוואַרפן? ס׳איז ניט איר שולד, אַז איר זיינט, קיין עין הרע, פאַרמעגלעך: פרעגט זי אייך ווי גרויס ס׳איז אייער פאַרמעגן?“

„ווער זי חתונה האָבן מיט מיר“, זאָגט ער, „אַז איך וועל איר זאָגן, אַז איך בין אַן אָרעמאַן?“

„פאַרוואָס“, זאָג איך, „זאָל זי חתונה האָבן מיט אַן אָרעמאַן, אַז ביי איר טאַטן פעלט איר ניט קיין פויגל־מילך אַפילו“.

„איך מיין“, זאָגט ער, „ס׳וועט זיין כדאי׳ער פאַר ביידן זי זאָל זיצן ביי איר טאַטן און טרינקען פויגל־מילך“.

„גוט“, זאָג איך, „כ׳האָב אַ מיידל, וואָס וועט זיין צופרידן חתונה צו האָבן וועַן אַפילו זי זאָל וויסן, אַז איר זיינט ניט רייך“.

„פאַרוואָס וועט זי זיין צופרידן חתונה צו האָבן מיט אַן אָרעמאַן?“

„ווייל“, זאָג איך, „זי איז שוין אַן עלטערע מיידל, ס׳הייסט, זי וועט שוין מער ניט אָנזעען קיין פינף און צוואַנציק, וועט זי זיין צופרידן...“

רייסט ער מיר איבער. „פאַרוואָס“, זאָגט ער, „זאָל איך חתונה האָבן מיט אַ באָבען, אַז איך קאָן קריגן אַ יונגע מיידל“.

„ווילט איר דאָך ניט“. זאָג איך.

„האָב איך עס געזאָגט?“ מאַכט ער אַ פרומען אָנשטעל.

„איר האָט געזאָגט“, זאָג איך, „אַז די מיידל, וואָס וועט גיין חתונה האָבן מיט אייך איז אויסן נאָר ,אייער געלט“.

„דערומעך“, זאָגט ער, „דאַרפט איר מיר ריידן אַ שידוך מיט אַ זעכציק־יאַריקע? און וואָס אייגנטלעך קימערט עס אייך“, זאָגט ער, „אַז איך האָב ניט חתונה?“

„קימערן“, זאָג איך, „קימערט עס מיר גאָרניט. זאָל איך פאַרקריינקען די פאַרדרוס“, זאָג איך, „וואָס איך האָב, אַז איר זיצט אַ בחור. נישטמער, ס׳ווילט זיך פאַרדינען אַ פּאָר פונט. אייער פריינט דאָ“, ווייז איך אויף דעם יונגענמאַן, וועלכער האָט די גאַנצע צייט געלאַכט — „האָט מיר רעקאָמענדירט. אויב איר ווילט ניט, איז ניט. ס׳איז ניט דאָס ערשטע מאָל“, זאָג איך, „אַז עס געלינגט מיר ניט דורכצופירן אַ שידוך“.

דער בחור האָט געשמייכלט.

„איך מוז זאָגן“, זאָגט ער, „אַז איר זיינט אַן אויסגעצייכנטער שדכן. איר באַזיצט אַ ספּעציעלן, אַן איינגעבאָרענעם שדכן־ טאַלאַנט. ליידער קאָנט איר פאַר מיר גאָרנישט ניט טאָן. ערשטנס, ווייל איך וויל ניט חתונה האָבן; צווייטנס“, זאָגט ער, „האָב איך אַ ווייב מיט צוויי קינדערלעך. קומענדיקע וואָך וועלן זיי שוין זיין אין קייפּטאָון. נאָר וואָס דען? צוזאַמען מיט זיי קומט אויך מיינע אַ שוועסטער. זי“, זאָגט ער, „וועט שוין דאַרפן אָנקומען צו אַ שדכן. אָבער איך“, זאָגט ער, „קאָן גאָר ניט דעם דאָזיקן מין. אָבער מיין פריינט דאָ“. זאָגט ער, „האָט מיר דערציילט פון אייך האָב איך זיך געוואָלט איבערצייגן.

איצט ווייס איך אז איר זיינט אן אויסגעצייכנטער שדכן. אזוי גיך", זאגט ער, „ווי מיין שוועסטער וועט זיך א ביסל אויסרוען און „אויסגרינען" וועל איך שיקן נאָך אייך. דערווייל", זאגט ער, „גייט געזונטערהייד, האָט אייך א גוטן טאָג און זייט מוחל פאר די צייט, וואס כ'האָב אייך געפטרט".

איז ווי געפעלט אייך אזא מין חוזק מאכן פון א מענטשן?

1915

# דער לערער

(דערציילט פון אַן אַלטן יידן)

אנומלטן האָב איך געוומען מיינעם אן אייניקל צו א בר־מצווה מלמד. ניט זייענדיק קיין יאהאַנעסבורגער איז אייך מסתמא ניט באקענט, אז ביי אונדז זיינען פאראן ספעציעלע בר־מצווה־מלמדים, וואס זייער עובדה איז צוגרייטן יינגלעך זיי זאלן קאנען זאגן די ברכות, בעת מ׳וועט זיי אויפרופן צו דער תורה און לייענען דעם מפטיר. זיי חזרן מיט זיי אויך איין די דאַנק־דרשה, וואס דער יינגל זאגט נאָך אלע דרשות פון די דערוואקסענע, בעת דער בר־מצווה פייערונג. דער נוסח פון דער דאזיקער דאנק־דרשה איז אייך, מסתמא, גוט באקענט: „מיי דיר פּיירענטש, פריענדס...״ און אזוי כסדר. עס ענדיקט זיך מיט א הבטחה, אז ער וועט אפּהיטן אלע תרי״ג מצוות אין זיין גאנצן לעבן...

פארוואס דווקא איך, זיין זיידע, און ניט זיין טאטע, אָדער זיין מאמע, האָב אים געוומען צום מלמד? פשוט: דער טאטע זיינער, מיין זון, הייסט עס, איז דעם גאנצן טאָג אין געשעפט: ער פירט גרויסע געשעפטן, קיין עין הרע. זיין ווייב, די שנור מיינע, זיצט אויך ניט מיט די הענט פארלייגט. זי איז, וואָס מען רופט עס דאָ, א „סאָסייעטי ליידי״. זי איז פארמישט און ארייגעטאָן אין כלערליי קהלשע ענינים און צדקה חברות. נו, איז זי אויך באשעפטיקט אין דעם גאנצן לאנגן טאָג: אזוי גיך ווי איר מאן גייט אוועק אינדערפרי אין געשעפט און די קינדער אין „סקול״, הייבט מיין שנור אָן זיך גרייטן אין וועג אריין. זי לאָזט איבער אינסטרוקציעס פאר דער ווייסער דינסט, וואס צו געבן עסן די קינדער ווען זיי וועלן קומען פון „סקול״, און אז זי זאל אכטונג געבן זיי זאלן טאָן די „האָום וואָירק״. די קעכין זאגט זי וואס און וויפיל צו קאָכן וועטשערע.

אָפּגעפּאַרטיקט זיך דערמיט און מיט דעם אָנטאָן זיך זעצט זי זיך אריין אין דעם שיינענדיקן אויטאָמאָביל — א מתנה פון איר מאן צו אירן א גע־בורטסטאָג — און פאָרט אוועק אין שטאָט. דאָרטן טרעפט זי זיך מיט נאָך „סאָ־סייעטי ליידיס״. מען גייט ערגעץ טרינקען טיי צוזאַמען, מען שמועסט זיך דורך וועגן די לעצטע מאָדעס, וועגן „רייסעס״, און דערנאָך פאָרט מען א קוק טאָן ווי עס לעבן די אָרעמע, נעבעך.

נו, און אין די אָוונטן קאן מען דאך ניט גיין זוכן קיין מלמדים, און מען

וואלט מסתמא ניט געגאנגען, ווען אפילו מען וואלט געקאָנט. ווארעם מען אוספייעט ניט ענדיקן עסן, ווארטן שוין „הענט" פאר א „גיים" קאָרטן. אנדע־רע אָוונטן גייט מען שפּילן ערגעץ אנדערשוווּ. איך זאג אייך: מען איז אזוי פאריאָגט און פארטאָן אין „געשעפט" קאָרטן און „סאָסייעטי"־עסקים, אז מען פארגעסט אפילו דעם עלטער פון די אייגענע קינדער. ווען איך האָב דערמאָנט, אז איזי'ן גייט שוין דאָס עלפטע יאָר און ס'איז שוין צייט אָנהייבן עפּעס טאָן פאַר זיין בר־מצווה, האָט די שנור מיינע זיך געכאַפּט ביים קאָפּ: „ווײ איז מיר! איזי שוין עלף יאָר! ווי די צייט פליט! זוכט טאַקע אויף", ווענדט זי זיך צו מיר, „דעם בעסטן מלמד אין שטאָט — איזי האָט א ביסל א שווערן קאָפּ. מולע", האָט זי א רוף געטאָן איר מאַן (זיין נאָמען איז שמואל), מולע, מ'וועט מוזן דינ־גען דעם שטאָט־זאַל פאַר דער בר־מצווה פייערונג, וואס זאגסטו?"

נו, אַז מען האט עס ארויפגעוואָרפן אויף מיר, האב איך דאך ניט געהאַט קיין ברירה. האָב איך געזוכט, געגנישטערט, זיך נאָכגעפרעגט, ביז איך האָב זיך דערשלאָגן צו איינעם — אַ ספּעציאַליסט אין זיין פאך, האָט מען מיר געזאגט.

געפונען האָב איך אים לערנענדיק איין הפטורה מיט דריי יינגלעך. דער מלמד האָט געזאגט, געליינט מיט טראָפּ, און די קינדער האָבן נאָכגעזאָגט, כלומרשט נאָכגעזונגען, און בעת מעשה געקוקט דורכן פענצטער, געגענעצט, זיך איבערגעוואונקען. דער מלמד גופא איז געזעסן אָן א רעקל (ס'איז טאַקע גע־ווען א הייסער טאָג) מיט א מאָנץ יאַרמולקע אויפן שפּיץ פון זיין פּליכן קאָפּ. ס'איז געווען קענטיק: ווען מען לאָזט אים שלאָפט ער תיכף איין.

מיך דערזעענדיק האָט ער זיך אויסגעטשוכעט א ביסל. אויך די קינדער האָבן פרייער אפּגעאָטעמט: זיי האָבן דערשפּירט — די גאולה איז נאָענט. דער מלמד האָט טאַקע באלד געמאָלדן: „פאר היינט וועט עס זיין גענוג — איר קאָנט גייען!" און איידער ער האָט געענדיקט ריידן, זיינען די קינדער שוין גע־ווען אויף יענער זייט טיר.

איך האָב זיך פארגעשטעלט און געזאגט דעם ציל פון מיין קומען. ער האָט מיך געבעטן זיצן. איך האָב באלד פארצויגן א שמועס.

„ניט קיין גרינגע מלאכה צו זיין א מלמד", זאָג איך.

„אָנטשולדיקט", זאָגט ער, „איך בין ניט קיין מלמד, איך בין א לערער".

„וואָס", זאג איך, „איז די נפקא מינה? לערער איז אין דייטש וואָס מלמד איז אין יידיש".

„דער אונטערשייד", זאגט ער, „איז דער: א מלמד בלייבט א מלמד, אָבער א לערער קאָן זיך דערשלאָגן צו א העכערער מדרגה".

„למשל?" זאָג איך.

„למשל: מיינער א באקענטער לערער, וואס איז כל ימיו געווען א ייד אן אביון, האָט אָפּגעגעבן לערעריי און האָט אנגעהייבן מיט ווייבערשע ארטיקלען: מיט היט, זאָקן און קליידער. היינט איז ער א גביר, האָט חתונה געהאט און האָט שוין צוויי קינדער".

„איך פארשטיי", זאָג איך, „אז איר זיינט נאָך א בחור. פארוואס נעמט איר

זיך אויך ניט האנדלען מיט ווייבערשע שמאַכטעס? וואָלט איר דאָך אויך רייך ווערן, חתונה האָבן און האָבן קינדער".

„ס'איז", מאכט ער, „גרינג צו ריידן. מען דאַרף פריער זיין א ביזנעסמאַן. ווען אלע לערערס וואלטן געווען ביזנעסלייט — ווו וואלט מען גענומען לע־רערס? מען דאַרף האָבן א חוש פאַר ביזנעס. אָט, נעמט מיך, צוםביישפּיל. איך ווייס ניט אפילו דעם אונטערשייד פון אַן אויבער קלייד ביז אַן אונטער קלייד — וואס פאַר א מין סוחר קאָן איך זיין?"

„מען לערנט זיך אויס", זאג איך. „אָט האָט איר זיך אויסגעלערנט זיין אַ לערער, און חתונה האָבן"—זאג איך—„קאָן יעדער איינער, מען דאַרף נאָר געפינען די ריכטיקע מיידל"...

דער לערער האָט געשמייכלט. ער האָט געשוויגן. ער האָט אויסגעטאָן די ברילן, האָט עס געווישט און געווישט, געהויכט אויף דעם און ווידער געווישט, און זיי צוריק אָנגעטאָן. ער האָט געזאגט: „ס'איז ניט קיין סוד, אָבער איך דער־צייל עס ניט יעדן איינעם, וואָס קומט צו מיר, אָדער מיט וועמען איך טרעף זיך. אייך וועל איך עס דערציילן: איר זיינט געוויס א קלוגער ייד, מחמת איר האָט א זון, וועלכער איז א גביר און א באוווסטער כלל־טוער. איז קאָן איך אייך זאגן, אז איך האָב שוין געהאלטן ביים ווערן א חתן. אָבער מיין עקשנותדיקער אידע־אליזם, — אָדער אפשר איז עס געווען בלויז עקשנות, נארישע עקשנות — האָט אלץ צונישט געמאכט. אייך איז געוויס ניט באקאנט — פון וואנען זאלט איר עס וויסן? — אז איך האָב א לערער דיפּלאָם נאָך פון דער אלטער היים. פונ־דעסטוועגן האָט גענומען א לאנגע צייט ביז מען האָט מיך דאָ, אין דעם נייעם לאנד, אָנפּארטרויט א פּארוואלטער־שטעלע אין א תלמוד־תורה. ס'האָט אויס־געוויזן, אז מיינע ידיעות זיינען געווען א שטער: ס'האָט אָנגעוואָרפן א שרעק אויף די באלעבאטים. אזוי גיך ווי איך האָב זיך איינגעאָרדנט אין דעם אנ־שטאַלט, האָט זיך אָנגעזעצט אויף מיר א שדכן, א טאטע פון איינעם פון מיינע תלמידים:

„ס'איז צוליב אייער אייגענער טובה", האָט ער מיר געזאגט. „פאַר א חתו־נה־געהאטן יידן האָט מען מער דרך ארץ, ווי פאַר א בחור".

„מענטש איינער", האָב איך געזאָגט, „ווי קאָן איך גיין הייראטן? כ'האָב ערשט אָנגעהויבן פארדינען. ס'איז רעכט: מאָרגן־איבערמאָרגן זאָגט אָפּ מען מיך פון פּאסטן און איך בלייב אָן ארבעט חדשים לאנג. „באדערט" מיך ניט!"

אָבער ער האָט מיך יאָ „געבאדערט". „דער מיידלס פּאָטער", זאגט ער, איז א ייד א גביר — ער איז א יובעליר. איר קאָנט אים. ער איז אין דער תל־מוד תורה פארוואלטונג. מ'וועט אייך דערלאנגען", זאגט ער, „ניט קיין געצייל־טע הונדערטער. איר וועט דערנאָך דאַרפן לערעריי אויף כפּרות".

אוודאי האָב איך געקאָנט דעם דאָזיקן יידן: ער האָט זיך געפונען אין דער פארוואלטונג טאָקע ניט מער ווי צוליב זיינע ניט געציילטע הונדערטערס. איך האָב געוואלט וויסן עטוואס וועגן דער מיידל.

„א מיידל", זאגט ער, „ווי אלע דאָ געבאָרענע מיידלעך: ניט איבעריק שיין און ניט איבעריק קלוג; פארבט די באַקן און די נעגל; גייט אין „בייעסקאָפּ"

דריי־פיר מאָל אין וואָך און איז פארליבט אין עטלעכע פילם־ארטיסטן, לייענט קיצלדיקע ראָמאַנען און פאָרט צוויי מאָל א יאָר ביים ים. אָבער דערפאר", זאגט ער, „איז זי א זעלטענע בריה, גארניט. ווי א גבירס א טאָכטער: קאָכט, באקט, נייט, שטריקט — און וואס ניט? חוצדעם", זאגט ער, „איז ז' א גוטע, א בארמהארציקע".

כ'וועל עס מאכן קורץ: כ'האָב זיך געטראָפן מיט דער מיידל, ארומגעגאַנגען, גערעדט. געווען איז זי דווקא א שיינע און ניט גאָר קיין נארישע. אירע ידיעות האָבן מיך ניט אינטערעסירט: מיינע ידיעות וועלן סטייען פארביידן. ביידע צדדים זיינען געווען צופרידן. מען האָט שוין געטראכט פון שרייבן תנאים אין א פאָר חדשים ארום. האָט זיך אונטערגערוקט מיין אידעאליסטישע עקשנות".

ער האָט געשמייכלט, האָט פארלייגט א פוס איבער א פוס און פארוויכערט. „איך פארגין זיך צו שמייכלען", זאגט ער, „מחמת די געשיכטע האָט שוין פאסירט מיט א יאָר צען צוריק. די מיידל איז שוין א מאמע פון צוויי, אָדער דריי קינדער. אָבער ווען איך טראכט פון די באלעבאטים פון יענער תלמוד תורה קאָן איך ניט שמייכלען (צווישן זיך גערעדט זיינען אלע באלעבאטים געפארבן מיט דער זעלבער פארב.) איר פארשטייט: א טייל פון דער פארוואלטונג, און אייניקע עלטערן פון קינדער, זיינען געווען אומצופרידן מיט דעם סיסטעם פון מיין אונטעררריכט, און מיט די לימודים גופא. ס'איז געווען „צופיל מאדערן, פארגעשריטן". האב איך א צייט איגנארירט זייערע רייד און טענות. צום סוף האָט מען מיך פאררופן אויף א פולער זיצונג פון דער פארוואלטונג. מען האָט געפאָדערט פון מיר, איך זאָל לערנען מיט די קינדער ווי און וואס די פארוואלטונג און די עלטערן פארלאנגען, ניט לויט די טעאָריעס פון מיינע ביכער.

דאָס בלוט האָט אין מיר אויפגעברויזט. איך בין אויפגעשפרונגען, א קלאַפּ געטאָן אין טיש (ס'איז געווען נאריש — דאָס אייגענע האָב איך געקאָנט זאגן געלאסן.) און געשריען: „און אז מען וועט פאָדערן פון מיר, אז איך זאָל לערנען די קינדער ווי צו ווערן קעשענע־גנבים — דארף איך עס אויך טאָן, מחמת מען באצאָלט מיך דערפאר? איך האָב אָפּגעגעבן יאָרן צו דערלערנען דעם פאך, האָבן אומוויסנדיקע עלטערן און גבאים קיין רעכט ניט מיר אָנצווייזן ווי און וואס צו לערנען מיט די קינדער, פונקט ווי זיי קאָנען ניט און האָבן ניט קיין רעכט אָנצווייזן דעם דאָקטער ווען און ווו צו מאכן אן איינשפריצונג אָדער אן אָפּעראציע. אויף אויסהאָדעווען עמי־ארצים דארף מען ניט קיין לערערס — טאַטע־מאמע קאָנען עס טאָן ביי זיך א היים!"

ער איז שטיל געבליבן. ער האָט געווישט דיברילן פארטראכטערהייט.

„וואָס איז געווען דער סוף?" האָב איך געוואלט וויסן.

„דער סוף? אָט זעט איר דאָך. איך האָב פארלאָרן די שטעלע און די מיידל. בין איך געווארן א בר־מצווה לערער. איך דארף עסן, און איך האָב אן אלטע מאמע, וואס דארף עסן און א קלייד, און דירה געלט. אמת, איך לערן די קינדער ווי און וואס די עלטערן פאָדערן פון מיר. איך האָב דאָס אייגענע געקאָנט טאָן

אויך אין דער תלמוד־תורה. נישטמער— היינט האָב איך ניט קיין גבאים איבער מיר, און די עלטערן פון די קינדער זיינען מיר שטארק דאנקבאר פאר מיין ארבעט״.

ער האָט זיך אויפגעהויבן.

„נו, ברענגט אייער אייניקל מאָרגן. מיטן מקח וועלן מיר צורעכט קומען הגם א גביריש קינד צאָלט עפעס מער, ווי א קינד פון א ניט רייכער הויז״.

„און איר זאגט, אז איר זיינט ניט קיין ביזנעסמאן״, האָב איך באמערקט.

דער לערער האָט זיך געריבן די הענט און געלאכט.

1946

# שפּראַכן־קעמפּער

זיי זיינען געווען חתן־כלה. אָבער פריער, איידער זיי האָבן זיך געקאָנט פערזענלעך האָבן זיי שוין געקעמפּט איינער קעגן צווייטן. זייער קאַמף איז געווען אַן אידעאַלער — אַ קאַמף פאַר שפּראַכן.

ער האָט געהערט צו דער חברה „עברית בעד עברים" און געקעמפּט פאַר העברעאיש, און זי איז געווען אַ מיטגליד אין דעם פאַראיין „יידיש פאַר יידן" און האָט געקעמפּט פאַר יידיש. זיי וואָלטן אפשר קיינמאָל זיך ניט געטראָפן, אָבער אַ צופאַל האָט זיי צוזאַמענגעבראַכט. ער—בטבע אַ שטימונגס־מענטש — האָט אַן אָוונט זיך געפילט נידערגעשלאָגן און ברוגז אויף דער וועלט. ער האָט געפילט ווי אָנצוזידלען עמיצן, כדי זיך צו דערוואַרעמען דאָס בלוט. האָט ער זיך דערמאָנט אָן דעם אַנאָנס, אַז אין דעם פאַראיין „יידיש פאַר יידן" רע־פערירט עמיצער. אַזוי ווי ס'איז שוין אַ לאַנגע צייט, אַז ער קליבט זיך אויס־צולאָזן זיין ביטער האַרץ צו דעם דאָזיקן פאַראיין, האָט ער באַשלאָסן אויס־צונוצן די געלעגנהייט. גייענדיק האָט ער צוגעגרייט זיין קאַמפּס־רעדע.

די טעמע פון דעם רעפעראַט איז געווען: „די יידישע אַנאַרכיסטן אין די צייטן פון מבול און דער שפּראַכן־קאַמף ביים טורעם פון בבל און אין נח'ס תיבה". אונדזער העלד האָט זיך קוים דערוואַרט דעם סוף. (דער רעפערענט האָט זיך אַ ביסל פאַררעדט). אַזוי גיך ווי דער פאָרזיצער האָט געעפנט די דיסקוסיעס איז ער אויפגעשפּרונגען און אוועקגעלייגט אַ דרשה, לויט דעם נוסח פון אַ קעמפער פאַר העברעאיש: „ליידיס און דזשענטלמען! אַי מאַסט סיי, אַז ס'איז אימפּאָסבל, אַז די מענטשן פון דער תיבה האָבן גערעדט דורכאויס זשאַרגאָן, ווי דער ספּיקער האָט אונדז פאַרזיכערט. אַי פּראָטעסט און איך זאָג, אַז היברו איז שטענדיק געווען אונדזער לשון און וועט בלייבן אונדזער לשון. ען אַי טעל יו, מיר מוזן ריידן היברו! און מיר מוזן טיטשן אונדזערע קינדער היברו, נאָר היברו! ביקאָז ס'איז אונדזער נעשיאָנאַל לענגווידזש, וואָס קאָ־נעקט אונדז מיט פּאַלעסטאַין. ען ווי מאַסט פאַיט פאָר היברו, קעמפּן, יונאָו! לאָנג ליוו דהי היברו לענגווידזש!"

איז אויפגעשפּרונגען זי, אַן אומבאַקאַנטע קעגנערין און איס געענטפערט אין אַ ריינעם יידיש: „מיסטער טשערמאַן ליידיס ען דזשענטלמען! דער יונ־גערמאַן, וואָס האָט נאָר וואָס גערעדט, ווייס ניט ווער ס'האָט אים פאַרשלייערט. ס'איז ניט אמת, אַז לשון קודש איז פון קדמונים געווען דאָס לשון פון עם

ישראל. די אנשי המבול אין דער תיבה און ביים טורעם פון בבל האָבן ניט גע־רעדט קיין אנדער לשון ווי נאָר יידיש. דאָס איז א פאַקט, וואס יעדער איינער ווייסט עס. דעם אנהויב צו ריידן לשון קודש האָט געמאַכט אברהם אבינו און ס׳איז דאָך ידועה, אז אברהם האָט געלעבט כמה שנים נאָך נח׳ן. און בכלל: מאי קאָ משמע לן? העברעאיש איז א טויטע שפּראַך, א בר מנן, וואָס וועט קיינמאָל קיין תקומה ניט האָבן. מיר מוזן אלע ריידן יידיש און קעמפן דערפאַר, אז אויף אלע אסיפות, אין די שולן און בתּי־מדרשים זאָל מען ריידן בלויז יידיש.

אָט אויף דעם אופן האָבן זיי זיך באַקאַנט. שפּעטער זיינען זיי געוואָרן חתן־כלה אפיציעל. דאָס האָט אבער נישט געשטערט זייער קאַמף. פאַרקערט: וואָס לענגער ס׳האָט זיך געצויגן זייער חתן־כלהשאַפט אלץ שטאַרקער איז געוואָרן זייער קאַמף. זיי האָבן אפילו געשלאָסן אַן אָפּמאַך צווישן זיך, אז זיי זאָלן גיין צוזאַמען צו רעפעראַטן, וואָס וועלן געהאַלטן ווערן אין זיין חברה „עברית בעד עברים״, סיי צו איר פאַראיין „יידיש פאַר יידן״. ביקאָז, האָט ער מסביר געווען, ווי מאָסט העוו אַן אָפּאָזישען. אָן אַן אָפּאָזישען איז ניטאָ קיין פּאַיט, יו נאָו! און זי האָט מסכים געווען: אָן א צד שכנגד קען מען ניט האַלטן מלחמה. פלעגט מען שוין ביידן דערנאָך טרעפן אויף אלע פאַרזאַמלונגען און געהערט זיי ריידן ביי יעדער געלעגנהייט. מען האָט זיי געקרוינט מיט דעם טיטל: „די אייביקע פּאָר קעמפער״. און זיי האָבן געקעמפט אָן רחמנות. האָט ער געזאָגט: לאָמיר גיין צו א מיטינג האָט זי געזאָגט: אסיפה; האָט ער געפרעגט אויב זי „גלייכט״ פרוט, האָט זי געזאָגט פּירות; האָט ער איר געוועלט קויפן א דרעס האָט זי געזאָגט: ניין! זי וויל א בגד. א שטאַרקע מלחמה האָט זיך צעפלאַקערט ביי זיי צוליב קינדער דערציאונג. ער האָט געזאָגט: ווי מאָסט טיטש דהעם א טרייד און זי האָט געפאָדערט פאַר זיי א מלאכה.

זעענדיק, אז דער שפּראַכן־קאַמף צפלאַקערט זיך וואָס ווייטער אלץ מער, און מורא האָבנדיק, אז דער דאָזיקער קאָנפליקט זאָל ניט קאַליע מאַכן דעם שידוך, האָבן ביידנס עלטערן זיך אריינגעמישט. אירע עלטערן האָבן געטענהט, אז דער גאַנצער ענין איז ניט ווערט די רייד. וואָרום, וואָס מאַכט עס אויס ווי מען רופט א זאַך? ממה נפשך: האָט מען דאָס אין וואָס מען נייטיקט זיך איז גוט, אלא, וואָס דען, מען האָט עס ניט, וועט עס דאָך ניט קומען ווי דו זאָלסט עס ניט רופן. און דער כלהס פאָטער, א ייד א תלמיד־חכם, האָט עס דערקלערט אזוי: צו דו רופסט עס לחם אין העברעאיש, אָדער ברויט אין יידיש — אויב דו האָסט עס ניט טויג עס ניט.

זיינע עלטערן האָבן יאָ פאַרשטאַנען, אז ס׳איז פאַראַן אַן אונטערשייד, נישטמער, עס לוינט ניט זיך צו ממיתן דעריבער. צו דען, פרעגט זיין טאַטע, וועט א כלב ווערן אויס הונט, אז דו וועסט אים רופן דאָג? זיין מאַמע האָט זיך אפילו מודה געווען, אז זי פאַרשטייט בעסער, ווען מען זאָגט איר, למשל, אין יידיש, אז די קוירטנס אויף די ווינדאָס און די פוירניטשור אין דײנינג־רום, מיט די פּיקטשורס אויף די ווענט זיינען אַפּ־טו־דייט.

אָבער די רייד האָבן ניט געהאָלפן. ער האָט געשריען: „נאָו, סער, ווי מאָסט

פּיט פאַר דהי היברו לענגווידזש", און זי: „די מלחמה פאַר דעם יידישן לשון איז א מלחמת מצווה — זי וועט דעם קאמף ניט אָפּגעבן.

דער סוף איז געווען א טראגישער: זיי האָבן חתונה געהאט און אנגעהויבן א נייעם קאמף.

1925

# פאַרוואָס מען האָט ניט געדרוקט מיין סקיצע

דער רעדאקטער האָט דורכגעלייענט מיין ליד און באשלאָסן, אז קיין דיכטער וועל איך שוין ניט זיין. לידער, האָט ער געזאגט, שרייבט מען וועגן דער זון און די לבנה, וועגן ליבעס־ווייען און ראָמאנטישע נעכט. אָבער וועגן קאפערס, וואס האקן שטיינער אין גאס, זינגט מען ניט קיין לידער. פרוווט, זאגט ער, שרייבן פראזע — א סקיצע למשל. אויב אירווילט, זאגט ער, קאָנט איר ארום דער טעמע פון אייער ליד, ארומבויען א דערציילונג. אָבער ווידער די אייגענע מעשה—אַ קאָפער! מאַכט פון אים אַ יידן!

מילא, פארפאלן! אז א רעדאקטער זאָגט ווייסט ער מסתמא, וואס ער זאגט, אנדערש וואָלט ער דאָך ניט געווען קיין רעדאקטער. כאָטש צוריק ריידנדיק, זיינען פאראן רעדאקטאָרן... נאָר גארנישט — א סקיצע, זאל זיין א סקיצע.

האָב איך זיך פארשלאָסן א מעת לעת אין מיין חדר און האָב צוגעשטעלט דעם רעדאקטער א סקיצע.

„גארניט שלעכט, גארניט שלעכט", האט דער רעדאַקטער באַמערקט, איי־בערלייענדיק די סקיצע. „נישטמער", האָט ער געקראצט זיין קארק מיט דעם ווייז־פינגער. „איר זיינט, דאכט זיך, א קאפעטשקע קארג אין ווערטער, צו שפאָרזאם אין שילדערונגען. אָט," זאָגט ער, „לאָמיר גיין כסדר. אייער סקיצע הייבט זיך אָן אזוי: „נחמן איז געזעסן און געגעסן". איז עס א נייעס? מיליאנען מענטשן עסן און אלע טוען עס זיצנדיק. אָבער איר ווילט דאָך, מסתמא, שאפן א טיפ, א מענטש, וואס איז אנדערש, ווי אלע אנדערע. איז וואס דארפט איר טאָן? דארפט איר באשרייבן וויאזוי נחמן האָט געגעסן: שנעל, לאנגזאם, אָדער מיטלמעסיק; און וואס ער האָט געגעסן, מחמת ניט אלע האָבן ליב איין מין אכי־לה — דאס איז טיפיש פאר יעדן מענטשן. חוצדעם, דארפט איר דערציילן, ווי אייער העלד איז געזעסן: גראד, אָדער עטוואס געבויגן; איר דארפט שילדערן זיין אָנטועכטס, זיינע תנועות בעת ער שלינגט, למשל, אראפ, א הייסע לעפל זופ. בכלל דארפט איר באשרייבן דעם דאָזיקן נחמנען אייערן אזוי, אז מען זאל אים זען מיט אלע פיטשעווקעס. גייט אהיים און באשרייבט. זשאלעוועט ניט קיין טינט און קיין פאפיר".

אין א וואָך ארום האָב איך אים געבראכט א פארגרעסערטע סקיצע.

„איצט האָט שוין דאס א בעסערן פנים", האָט דער רעדאקטער געזאגט. „אָבער פולקום איז עס נאָך ניט. א שרייבער", זאגט ער, „דארף פארשטיין א ווונק פון א רעדאַקטער. ווען איך האב אייך געזאגט, אז איר דארפט באַ־אַרבעטן נחמנען, האט איר זיך געדאַרפט אנשטויסן, אז דאס זעלבע איז גילטיק אויך פאר אנדערע פערזאנען אין דער סקיצע. למשל: ציפע, די בלאָנדע העל־דינע אייערע. איר שרייבט: „ציפע האָט געווארפן א קרומען בליק אויף נחמנען און האָט פארגעזעצט עסן דעם עפל. איז וואס הייסט עס זי האָט געווארפן א קרומען בליק? א קוק ווארפט מען ניט, ס'איז ניט קיין טעלער. מען קאן זאגן: זי האָט געקוקט קרום אויף אים פון די ווינקלען פון אירע אויגן. סיידן זי איז געווען קאסאָקע. אויב אזוי דארפט איר עס דערציילן די לייענער. איר דארפט וויסן, אז דער היינטיקער לעזער וויל זיך ניט ברעכן דעם מוח צו פארשטיין, וואָס דער שרייבער האָט געמיינט. אלץ דארף זיין קלאָר און פארשטענדלעך. האָט די מיידל עפעס א מום, ניט פאר אונדז געדאכט, דארף דער שרייבער זאגן — אזוי און אזוי: זי איז א האָרבאטע, א קאסאָקע, א הינקעדיקע. איר דארפט אויך דערציילן, ווי אזוי זי האָט געגעסן דעם עפל: האָט זי געשניטן פענעצלעך מיט א קליין מעסערל און דאס פאוואָלע געלייגט אין מויל, אָדער זי האָט געביסן גרויסע שטיקער מיט אירע אלבאסטער ווייסע ציינער (זי האָט דאָך געהאט ווייסע ציינער, ניין?) און געקייט גיך און אומגעדולדיק. וואָרעם קוים האָט זי געווארפן קרומע בליקן איז זי דאָך געווען אין כעס, אויפגערעגט, האָט זי גע־וויס געגעסן דעם עפל האַסטיק. דאס אלץ", זאָגט ער, „דארף געניי באשריבן ווערן. זשאלעוועט ניט קיין טינט און קיין פאפיר".

איצט האָב איך שוין געגומען דעם רעדאקטערס אָנצוהערעניש ווי עס באדאַרף צו זיין. איך האָב געווידמעט גאנצע זייטן צו באשרייבן די העלדן, די מעבל, דעם הימל; די פליגן, וואס האָבן געזשומעט, די קינדער, וואס האָבן זיך געשפילט אין דרויסן, מיין אייגענעם כאראקטער און טעמפּעראַמענט, דאָס הויז, אין וועלכע איך האָב געוווינט, און אלץ, וואָס מיין אויג האָט געזען און מיין אויער האָט אויפגעכאַפּט. ווען איך בין געווען פארטיק האָט מיין סקיצע שוין פארנומען הונדערט מיט פופציק זייטן.

דער רעדאקטער איז געווען מלא שמחה. ער האָט מיר געקלאפט אין פלייצע. „איר זיינט א שרייבער מיט טאלאנט און פאנטאזיע", האָט ער גע־זאגט. „אָבער", האָט ער צוגעגעבן מיט א כיטרען שמייכל, „איר האָט נאָך אלץ עפעס פארגעסן: דער לעזער וועט דאָך וועלן וויסן, וואס איז געוואָרן דער סוף מיט ציפען, אייער בלאָנדע העלדינע: האָבן זיי חתונה געהאט, אָדער ניט? אויב יאָ—ווו און ווען? און וואס פאר א מין חתונה דאָס איז געווען? וועלכע געסט עס זיינען געווען? דער עיקר: האָט מען געסילוקט דעם צוגעזאגטן נדן? און ווי ס'האָט זיך זיי געלעבט נאָך דער חתונה, און וויפל קינדער זיי האָבן געהאט — יינגלעך אָדער מיידלעך? אויב זיי האָבן ניט חתונה געהאט (און איך זע ניט קיין אורזאך פארוואס איר זאלט זיי ניט חתונה מאכן) טאָ פארוואס איז טאָקע דער שידוך ניט צושטאַנד געקומען? ווו ליגט די סיבה: אין אים, אין איר, אין די עלטערן. אין דער סביבה, אין זייער דערציונג, אָדער אפשר גאָר אין דעם פאקט,

אז ער איז ניט רייך גענוג? דאָס אלץ״, זאָגט ער, „מוז אומבאדינגט גענוי באַ־שריבן ווערן. זשאלעוועט ניט קיין טינט און קיין פאפיר״.

איך בין געווארן שטארק אמביציעז. דער רעדאקטער האָט מיר געלויבט, געזאגט, אז איך בין א שרייבער מיט טאלאנט און פאנטאזיע, דארף איך דאָך וויזן, אז ער האָט זיך ניט גענארט אין מיר. האָב איך מיר גענומען א גאנצן חודש דערצו. ווען איך בין געווען פארטיק האָט מיין סקיצע געציילט דריי הונדערט זייטן!

„גוט! אויסגעצייכנט!״ האָט דער רעדאקטער מיר געקלאפט אין פלייצע. „איצט איז עס עכט, אפגערונדיקט, אן אמתע קונסט־ווערק. איך שיקט עס ארי־בער צו א פארלאג ערגעץ אין אמעריקע. ווען די סקיצע וועט דערשיינען אין בוכפאָרם וועט עס זיין א סענסאציע אין דער ליטעראַרישער וועלט.

איך האָב געפאָלגט דעם רעדאקטער. אין א האלב יאָר ארום איז מיר אָנ־געקומען אן ענטפער פון א פראווינציעלן פארלאג: „מיר האָבן זיך געגעבן די מי״, האָבן זיי געשריבן, „איבערצולייענן אייער זאך. מ׳קען אפשר ארויסנעמען דערפון מאטעריאל פאר א צוויי־דריי זייטלדיקע סקיצע, וואס וואלט זיך קאנען דרוקן אין א וואכנבלאט ביי אייך אין לאנד...״

1938

